אברהם מאָרעווסקי

# אַהין און צוריק

(זכרונות און רעיונות פון אַ יידן — אַן אַקטיאָר)

אן אינטערעסאנטן בוך פאר
מיין טייערן פריינד צבי
פון מיר אייער טייערער פריינד
א. [illegible]

30/V 60.


פארלאַג  וואַרשע



1959

אברהם מאַרעווסקי

# אהין און צוריק

## (זכרונות און רעיונות פון אַ יידן אַן אַקטיאָר)

צווייטער באַנד:

ויהי בימי ניקאָלאַי ווטאָראָי

איך ליב דיך, וונדערשאַפונג פעטערס!
איך ליב דיין שטרענגן, שלאַנקן שניט,
דער נעוואַס גרויסמאַכטיקן שטח,
ביי אירע ברעגעס דעם גראַניט.

א. ס. פושקין

דעם ליכטיקן אָנדענק פון
**וואסילי פאנטעלעימאָנאָוויטש**
**ד אַ ל מ אַ ט אָ ו,**
דעם גרויסן אַקטיאָר,
דעם איידעלן מענטש,
מיין לערער און אָנלען —
אין טיפער ערפורכט
געווידמעט



**„געוועזן אָפטמאָל ריטער אויף דער בינע,**
**אין לעבן ריטער אַלעמאָל געוועזן".**
ט. ל. שטשעפקינאַ—קופערניק

## פונעם פאָרוואָרט צום ערשטן בוך.

פאר די אויגן פלאסטערט זיך א לאנגער וועג, א דורכגעגאנגענער וועג — א 70־יאָריק לעבן.

און אז איך קוק זיך ארום — — — — — פיל איך זיך ווי איינער, וואָס פאָרט, ער זיצט אָבער אין אַן אָפענעם עקיפאַזש מיטן רוקן צום וועג, און אַלץ, וואָס ער זעט , איז פאַרביי.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

לויט מיין פעסטער איבערצייגונג טאָר מען מעמואַרן נישט פוצן, נישט צירן נישט גרימירן. — — — — —

דאָ וועלן ווערן געשליפן דיאַלאָגן; דאָ וועלן זיין שילדערונגען — פון לאנדשאפטן, פון געוויטערס, איינדרוקן פון מענטשן — געשטאלטן. קיין געשעענישן וואָס זענען נישט געווען אין מיין קענטוואַרט, וועלן דאָ נישט זיין.

# ערשטער טייל:

## „ביי דער מאַמעס פאַרטעך"

דער פאָטער — אַ מנקר אַזוי ווי זיין פאָטער און זיידע, דערפון — דער פאַמיליענאָמען. די מוטער — אַ גזעלין און אַ שוד־קראַם. נאָך דער חתונה האָבן זיי געעפנט אַ שיך־געשעפט און מיט דער צייט אָנגעהויבן האַנדלען מיט סוחרים פון גאַנץ רוסלאַנד.

14 יאָר האָבן זיי קיין קינדער נישט געהאַט, און אויפן 15־טן איז נאָך אַ שווערער געבורט געקומען אויף דער וועלט אַ זון.

געוואַקסן איינזאַם, אָן אַ קינדער־סביבה אַרום זיך, געווען צפּיעשטשעט, דורכגעמאַכט אַלע קינדערקראַנקהייטן. אונטער די איינדרוקן פון פאַרשידענע קו־נים פון אַלע עקן פון דער ריזיקער אימפּעריע האָט דער בן־יחיד אין 4־יאָריקן עלטער אָנגעהויבן נאָכקרומען כלערליי טיפּן און אַרויסגעוויזן אַ ק ט י אָ־ר י ש ע פעיקייטן.

געלערנט אין חדר, נאָכדעם באַקומען אַ היימישע בילדונג, אָבער נישט באַ־זוכט קיין מיטל שולע (ווייל אין גימנאַזיע האָט מען געמוזט מחלל שבת זיין: שרייבן!) און פון אַלע קענטשטאַנדן פליסיק שטודירט בלויז ליטעראַטור, און געשיכטע... צו צען יאָר אָנגעהויבן באַזוכן דאָס שטאָט־טעאַטער, ווו יענע יאָרן האָט געשפּילט די באַרימטע נעזלאָבין׳ס טרופּע און יענע פאַרשטעלונגען זע־נען געוואָרן — זיין „מיטלשולע“, זיין „אוניווערסיטעט“ און זיין גאַנצער לעבנסאינהאַלט.

ער באַקענט זיך מיט אַ קרייז יונגע „טעאַטראַלן“, צווישן וועלכע דער אָנ־פירער איז געווען דער הייניקער סעניאָר פון „הבימה“ יהושע (אָוסעי לוואָ־וויטש) בערטאָנאָוו. ביי בערטאָנאָוון קומט ער זיך צונויף מיט גענריך גאָפּע־

קאָ. דאָס איז געווען אַ יונגער אַרטיסט, וועלכער האָט געענדיקט די מאָסקווער טעאַטערשולע, אַ תלמיד פון נעמיראָוויטש=דאַנטשענקאָ. און אָט די באַקאַנטשאַפט איז גורם, אַז ער זאָל פאַרלאָזן דאָס הויז פון טאַטע=מאַמע און אָנקומען אין אָדעס אין דער טעאַטערשולע פון אָנגעזעענעם רעזשיסער, פעדאַגאָג און דירעקטאָר דאַליניאָוו. אין 1905 (באַשערט געווען עס זאָל אויספאַלן צו כל=נדרי) טרעט ער אויף אין „רוסישן“ טעאַטער אין דער ראָלע פון „קניאַז“ (פושקינס „רוסאַלקאַ“), און פאַרצייכנט דעם אָנהויב פון אַ רייכן טעאַטערוועג, אויסהערנדיק לויבגעזאַנגען און פאַרויסזאָגונגען, וואָס האָבן געדאַרפט מאַכן אַ סוף צו אַלע ספקות און וואַקלעניש.

אָבער די שטורעמס פון די אַרומיקע געשעענישן האָבן געבראַכט דעם ערשטן ברוך און אַ שטויס געטאָן דעם יונגן צעפלאַמטן בחור — צוריק: עס האָט אויסגעבראָכן דער טרויעריקבאַרימטער אָדעסער פּאָגראָם, און נאָך די איבערגעלעבטע שוידערלעכע טעג און נעכט, אַ צעשראָקענער, מיט צעטראָטענע פרייד פון זיין ערשטן נצחון, צעשיידט ער זיך מיט „ישראל — העבריכן“, וועלכער האָט אים אָפּגעריסן פון דער מאַמעס פאַרטעך, און קומט קיין ווילנע, גרייט אויפצוגעבן דעם פּיליאָריקן קאַמף פאַר זיין אָרט אין לעבן. „טאַטע=מאַמע“ זעען אַצינד אים אויס ווי דאָס גרעסטע געזעץ.

אין אַ חודש אַרום שטייט ער אונטער דער חופה מיט דער אויסדערוויילטער פון זיין האַרץ און, נאָכקומענדיק דער מאַמעס פאַרטערנטע בקשות, פאָרט ער מיט דער פרוי אַוועק קיין אויסלאַנד.

„צו די קינדעריאָרן איז געקומען אַ סוף“.

## צווייטער טייל:

## „אַ שפּאַציר דורך אייראָפּע“

דאָס פאָרפאָלק האָט זיך געקליבן פאָרן — קיין פאַריז.

אָבער דער לייענער פאַרפאָרט אונטערוועגנס קיין טילזיט און באַקענט זיך מיטן פאַרחלשטן שטעטל פון דעמלטדיקן מזרח=פרייסן. דעם 25=טן דעצעמבער 5 פאַרטאָג קומט דאָס יונגע פּאָר אָן קיין בערלין אויפן „באַנהאָף אַלעקסאַנדערפּלאַץ“, און אונדזער העלד בלייבט ווי אַ פאַרכישופטער שטיין אויפן נאָך אין נאַכטשאָטנס פאַרהילטן פּלאַץ ביים קיאָסק מיט טעאַטערפּלאַקאַטן... מען באַשליסט צוליב דעם, וואָס די פּלאַקאַטן לייגן פאָר, דערווייל קיין פאַריז נישט פאָרן.

3 חדשים אין בערלין זענען אַן עטאַפּ פון סצענישער אַנטוויקלונג פאַר אונדזער יונגנמאַן. ער שלינגט פאָרשטעלונגען, זיצנדיק אויף די אויבערשטע גאַלעריען פון די בערלינער טעאַטערן. פאַרן לייענער שווימען דורך די סילועטן פון דעמלטדיקע גדולים: אַ ריי שעקספּיר=אויפפירונגען ביי מאַקס ריינהאַרדט און „דויטשעס=טעאַטער“ און אין „נויעס“ — מיט רודאָלף שילדקרויט, אַגנעס סאָרמאַ. דאָס „לעסינג=טעאַטער“ — מיט אַלבערט באַסערמאַן און אירענע טריש — אין איבסען=רעפּערטואַר. דאָס „קעניגליכע שאַושפּילהאַוז“ — מיט אַדאַלבערט מאַטקאָווסקי אין „האַמלעט“ און „אָטעללאָ“ — דאָס זענען בלעטער פון איי=ראָפּעס טעאַטער=פּנקס, אין וועלכע עס איז פאַרפלאָכטן דאָס לעבן פון יונגן אַר=

טיסט און וועלכע האָבן איבערגעלאָזט אַ שפּור אויפן גאַנצן ווייטערדיקן לעבן. דער לייענער ווערט דערביי געוואָרנט, אַז אין די קאַפּיטלען גייט עס נישט וועגן די אַלע דערשיינונגען פון גרויסער קונסט, וואָס ווערן דאָ געשילדערט, נייערט — וועגן דעם לעבן און דער אַנטוויקלונג פון דעם „ווילנער באַלעבעסל“, וועמענס טאָגבוך ווערט דאָ געבלעטערט.

אויסער די מערקווירדיקע, אומפאַרגעסלעכע לייסטונגען פון די בערלינער גרויסמייסטערס באַקענט זיך אונדזער העלד אין בערלין מיטן מאָסקווער „קונסט-טעאַטער“. די געשטאַלט פון ק. ס. סטאַניסלאַווסקי דערשיינט דאָ אין אַ באַלויכטונג, וואָס נישט אומעטום און נישט אַלע מאָל איז מען געוווינט צו טרעפן. און די פאָרשטעלונגען פון „מכאַט“ (אַ פרעגצייכן וואַקסט אויס איבערן אַלגעמיין=אָנגענומענעם נאָמען) ווערן אין עטלעכע פאַלן פאַרנאָטירט ווי אַן איבערלעבעניש, וואָס איז איינציק אין איר אופן און קוואַליטעט.

אין בערלין האָט דער יונגער צושויער דעם צופאַל צו דערזען עלעאָנאָרא דוזע, און אויסער אָט די אַלע אויסגערעכנטע פאַלן, וואָס קאָנען פאַרצייכנט ווערן נישט אַנדערש ווי אַ ריי „גרויסגעווינסן“, מוזן דערמאָנט ווערן די סימפאָנישע קאָנצערטן אין באַרימטן „בליטנער=זאַל“ און די „געמעלדע-גאַלערייען“, וווּ דער יונגערמאַן פלעגט אָפּזיצן פון פרי ביז אָוונט — אָפּט איבער איין לייוונט פון אַ קלאַסישן ווערק, — נישט האָבנדיק נאָך קיין מינדעסטע ידיעה וועגן דער געשיכטע פון מאָלעריי. אַ רושם אויפן גאַנצן לעבן האָבן געמאַכט די אָפּטע געשפּרעכן אויף טעמעס פון קונסט און פילאָזאָפיע מיט אַ ווילנער סטודענט, וואָס האָט דעמאָלט שטודירט פילאָזאָפיע און שפּעטער אָריענטאַליק, בפרט סאַנסקריט, און איז געוואָרן די רעכטע האַנט ביים באַרימטן פּראָפעסאָר מאַר... דער נאָמען חנן פראַנק=קאַמיענעצקי איז אויף שטענדיק פאַרבליבן ווי אַ קוואַל פון ליכט און פאַרליבטקייט אין עצם פּראָצעס פון אַבסטראַקטן דענקען.

אין אַפּריל 1906 לאָזט זיך אונדזער פּאָרל קיין פּאַריז. די בלעטלעך וועגן דער נסיעה, די ערשטע געפילן ביים באַטרעטן דעם באָדן פון פראַנקרייך, די ערשטע באַקאַנטשאַפט מיט דער „שטאָט פון שטראַלן“ ville de lumières די סביבה פון דער דעמאָלטדיקער עמיגראַציע — דאָס זענען אַלץ אָביעקטן, וואָס פאָדערן פאַרב און פונק...

און די טעאַטערן! אונדזער יונגערמאַן איז שוין איצט נישט דאָס פּראָווינציעל באַשעפעניש אויפן בערלינער אַלעקסאַנדערפּלאַץ. מיטן אויג פון אַ „דערפאַרענעם טעאַטערקענער“ נעמט ער אויף די גיגאַנטן פון פראַנצויזישן טעאַטער: די ברידער קאָקלען, סאַראַ בערנאַר, די גדולים פון דער „פראַנצויזישער קאָמעדיע“, אַנטואַן, דאָס טעאַטער „אָדעאָן“, די „גרויסע“ אָפּערע...

און די פּאַריזער מאָלעריי! דער „לוווּר!“ „מוזעי דע לוקסאַמבור!“ און די „סאַלאָנען!, „ווינטער=סאַלאָן“!, „האַרבסט=סאַלאָן“!

און פּאַריז בעצם! זיינע מענער און פרויען! זיינע זיטן! זיינע איינגעזעסענע און אָנגעפאָרענע! זיין „נאָטרדאַם“!, זיין „אויסגעלאַסנקייט“ און

זיין טיפע מענטשלעכקייט!, זיינע טראַדיציעס — פון פרייהייט, טאָלעראַנץ און גערעכטיקייט.

זעקס וואָכן האָבן מיר פאַרבראַכט אין לאָנדאָן; כ'בין געווען אין סטרעד־פאָרט אויפן עוואָן, אין שעקספּירס הויז.

דערנאָך פאַרוואַלגערט געוואָרן אין אַ פישערדאָרף אין ברעטאָן, אָפּגעזעסן ביי אַ 2 חדשים. די שטורמישע כוואַליעס פון לאַמאַנש האָבן געוואַשן מיין קליין פענסטערל גאַנצע טעג און נעכט; מיך האָט שיעור נישט פאַרשווענקט דער ים בעתן צופלוס, ווען איך האָב, זיצנדיק אויף אַ פעלז, געשריבן מיין ערשטע אַרבעט וועגן „שיילאָק" און נישט באַמערקט דעם אָנגעקומענעם אָוונט... שרעק און דערהויבונג, אימת מות און איבערערדישע איבערלעבונגען... ניצול געוואָרן!

2 וואָכן — ווין. פראַנץ־יאָזעפס ווין מיט די שטראוס־וואַלסן, מיטן „בורג־טעאַטער", מיט דער געמיטלעכקייט און אַלע דערהויבענע סענטימענטן פון יענע יאָרן און מענטשן. און אַדאָלף זאָנענטאַל (אגב —אין „ליר"), און יאָזעף קיינץ — אין עטלעכע ראָלן: דער „ליר" („ליר"), „מעפיסטאָ" („פאוסט") א. א.

אָנהויב 1907 זיך אומגעקערט קיין ווילנע. און דאָ דערפילט די גאַנצע טראַגיק פון מיין קיום: זאַט, פאַרזאָרגט, באַקליידט, אַלע פריינד און חברים זענען מקנא, און איך בין — אומגליקלעך, ווייל איכערלעך אַ טויטער.

אויף שבועות איז געקומען אַן אַנסאַמבל פון פעטערבורגער אַקטיאָרן בראש מיט דאַלמאַטאָוון. זיי האָבן אין „שטאָטזאַל" אויפגעפירט אָסיפּ דימאָווס „שמע ישראל!"

דער ספּעקטאַקל האָט באַשלאָסן מיין ווייטערדיקן וועג. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט זיך באַוויזן אַ נאָטיץ, אַז אין פעטערבורג ווערט געעפנט אַ נייע טעאַטערשולע, און דער דירעקטאָר וועט זיין — דאַלמאַטאָוו...

אַלע ספקות זענען פאַרשוונדן: איך פאָר צו דאַלמאַטאָוון!

די שעהען פון שיידן זיך מיט פאָטער־מוטער זענען געווען אָנגעלאָדן מיט בליי, אָנגעגאָסן מיט טרערן. דער פיליאָריקער קאַמף מיט „זייער" וועלט האָט זיך אַרויסגעריסן ווי פון אַ קעלער און דערגרייכט צו די ראַמען פון אַ „שלאַכט". די מוטער איז אַרויס פון צימער, נישט געוואָלט זיך געזעגענען מיטן בן יחיד...

אַרומנעמענדיק מיך אויפן שוועל, ביים „ברוך בצאתך", האָט דער פאָטער, האַלטנדיק מיין האַנט אין זיינע ביידע און אַריינקוקנדיק אין מיינע אויגן, אַ־רויסגעפּליסטערט: — איין זאַך, מיין זון, מוזסטו מיר נאָכגעבן. דו וועסט בלייבן אַ ייד! אין גאָפּענקאָס וועגן וועסטו נישט גיין! גיב מיר דיין וואָרט, וועל איך זיין רואיק... איך ווייס, אַז דיין וואָרט וועסטו נישט ברעכן.

איך האָב נישט לאַנג געטראַכט און געענטפערט:

— ניין, פּאַפּאַשינקע! דאָס לעבן קאָן זיין שטאַרקער ווי אַ „וואָרט"! דאָס לעבן קאָן אַ „וואָרט" איינברעכן. לאָז עס איבער מיין האַרץ, מיין געוויסן, לאָז מיך זיין טריי — זיך!

ער האָט נעבעך מיין טיראַדע נישט באַגריפן; ער איז געוואָרן בלייך און האָט זיך צעוויינט אויפן קול און פאַרבראָכן די הענט.

איך בין אַוועק צום באַן. דאָס האַרץ האָט זיך געריסן פון ברוסטקאַסטן. געוואָלט פאַרשפּעטיקן דעם צוג און זיך אומקערן צום שוועל פון מיין היים. נישט פאַרשפּעטיקט. אַוועק — אַהין: קיין פעטערבורג.

## I. אויפֿן קאַרקבערישן שוועל

פּעטערבורג. אויגוסט 1907.

פֿאַר די אויגן שטייען בילדער פֿון צעגראָבענע פּראָספּעקטן, קופּעס בוי־מאַטעריאַלן, אײַזן, געהילץ און די אומאָרדענונג פֿון אַ צעיאָגטער בויאונג אין פֿולן גאַנג: די הויפּט־שטאָט פֿון דער אימפּעריע האָט זיך געגרייט אַוועקלאָזן דעם ערשטן טראַמוויי. און אַרויספֿירנדיק הײַנט אין ליכט פֿון אונדזער טאָג די געשטאַלטן פֿון יענע טעג; צוטרעטנדיק צו דער שילדערונג פֿון יענע קאָנפֿליקטן, האָפֿענונגען און אַנטשוויונגען, האַלטן מיר פֿאַר גײַטיק אונטערצושטרײַכן אין דער ערשטער שורה, אַז דאָס ווערט געשריבן אין דער צײַט, ווען אין לענינגראַד שטאָט האָט אָנגעהויבן קורסירן — דער מ עט ראָ.

דער מהלך צווישן ערשטן וואַגאָן פֿון טראַמוויי און ערשטן צוג פֿון מעטראָפּאָליטען — דאָס איז דער פּאָקוס, אין וועלכן עס מוזן זיך ברעכן די קאָלירן פֿון אונדזער דערציילונג.

ס'וואָלט נישט געהאַט קיין זין אָנצוּוואַרפֿן אונדזער דערציילונג די אָביעקטיוויטעט פֿון אַ היסטאָרישן ראָמאַן און אַלץ משפּטן פֿון שטאַנדפּונקט פֿון דער עפּאָכע, אין וועלכער דער מחבר און דער לייענער לעבן בעת דער ראָמאַן ווערט געשריבן. מיר זענען זיך מתחייב נאָכצוגיין נאָך דער שטופֿנווייזער אַנטוויקלונג און משך פֿון די 50 יאָר פֿון ערשטן טראַמוויי ביזן ערשטן מעטראָ — דורך וועלכער עס איז דורכגעגאַנגען סײַ דאָס עצם לעבן, סײַ אונדזער העלד... ווער איז ער געווען? וואָס איז ער געוואָרן? דורך וואָס איז ער דורכגעגאַנגען? וווהין האָט ער דערגרייכט? — דאָס זענען די שאלות, וואָס דיקטירן אונדז די אַקצענטן פֿון אונדזער דערציילונג.

ווי אַזוי האָבן אויסגעזען די פֿריידן און פֿאַרדרוסן? וועלכע באַגריפֿן און אָפּשאַצונגען, וואָס האָבן געגילט בעת די ערשטע טראַמוויי־קאַבלען האָבן זיך איבערגעצויגן אויף נעווסקי פּראָספּעקט, זענען פֿאַרזונקען אויף

אייביק אין קבר פון אָפּגעלעבטע און פאַרגעסענע וועלטן? וואָס איז געבליבן שטיין אומבאַרירט און אומדערשיטערט, ווי דער גראַניט אויפן ברעג פון דער פּולוואַסערדיקער ניעווא, ווי דאָס אויפגעברויזטע פערד אונטערן קופּערנעם רייטער? און וואָס, ווערנדיק אַראָפּגעשווענקט דורך די כוואַליעס פון שטורעמדיקן האַלבן יאָרהונדערט, קערט זיך ביסלעכווייז אום אויף די פּיעדעסטאַלן און שמידט צו די בליקן פון היינטיקן מעטראָ-פּאַסאַזשיר מיטן כוח, וואָס איז נישט געוואָרן אָפּגעשוואַכט פאַר די לעצטע 50 יאָר און אין משך פון פריערדיקע יאָרהונדערטער?

וואָס פון דעם אַלעם שאַפט די בריקן פון עבר צום היינטיקן טאָג? וואָס פלאַסטערט די וועגן צו דער צוקונפט?

אויף אָט די פראַגן וועלן מיר זוכן תשובות און געפינען וועלן מיר זיי, צוקוקנדיק זיך, וואָס עס קומט פאָר מיט אונדזער כמעט יינגל, וועלכער איז געקומען קיין פּעטערבורג אויף זיין 21-טן לעבנס-יאָר... געקומען שטודירן אין דער טעאַטער-שול אויפן נאָמען פון אַלעקסיי סערגעיעוויטש סוואָרין — שוין האָבנדיק אָנגעזאַמלט איינדרוקן אין די טעאַטערן פון אייראָפּעס הויפּטשטעט; שוין האָבנדיק אַריבערגעטראָגן פּינצטערע נסיונות אין די אָקטאָבער-טעג 1905 אין אָדעס; שוין באַפליגלט דורך די ערשטע געלונגענע שריט אין אָדעסער „רוסישן" טעאַטער, ווו ער האָט, אויפטרעטנדיק אַלס דער „קניאַז" אין פּושקינס „רוסאַלקאַ", דערהערט די ערשטע לויבגעזאַנגען, דערפילט די ערשטע אָנערקענונג, די ערשטע באַהויכונג פין „רום"...

און עס אַנטשטייט תיכף די פראַגע:

מחמת וואָס האָט זיך דאָס ווילנער יינגל, וואָס האָט ביז 10 יאָר נישט געקאָנט דעם רוסישן אַלף-בית, אַ ריס געטאָן דווקא צו דער שול, וואָס איר פּאַטראָן איז געווען דער רעדאַקטאָר פון „נאָוואָיע ווערעמיאַ", וועלכע איז יעדן איינעם געווען באַקאַנט אַלס פאַרשפּרייטער פון עקסטרעמער יודאָפאָביע?

אין פּעטערבורג האָבן צו יענער צייט עקזיסטירט דריי דראַמאַטישע שולן: די „אימפּעראַטאָרישע", אין וועלכער פאַר אונדזער העלד איז דער צוטריט געווען נישט מעגלעך (וועגן דעם ווייטער — אינטערעסאַנטע פּרטים); די צווייטע שול — פּאָללאַקס, ווו ס'האָבן דעם אונטערריכט געפירט פּיעטראָווסקי און אָזאַראָווסקי —ביידע פּאָפּולערע אַרטיסטן פון „אַלעקסאַנדרינסקי" טעאַטער און זיינע אָנגעזעענע רעזשיסערן און —

ענדלעך — ראַפּאָפּס שול, וווּ דראַמאַטישע קונסט האָט אונטערריכט דער צו יענע יאָרן שוין זייער באַוווּסטער יורי מיכײַלאָוויטש יוריעוו..

אונדזער יונגערמאַנטשיק איז אָבער געקומען קיין פּעטערבורג אַרײַנצוטרעטן אין סוואָרינס שול.

און ניט פֿרעגן: „פֿאַרוואָס“? — איז אוממעגלעך, ווײַל אַלע אויסזיכטן פֿון שכל הישר און צוועקמעסיקייט האָבן גערעדט קעגן אַזאַ מין כּוונה. און די פֿינצטערע טעג פֿון אָדעסער פּאָגראָם, וואָס האָבן אָפּגעהאַקט די ערשטע טריט אויף זײַן וועג צום אויסגעטרוימטן ציל — ווערן אַן אַקטיאָר — אויף גאַנצע צוויי יאָר — דאָס האָט, דוכט זיך, דעם בחורט געמיט געזאָלט אָנפֿילן מיט אַ טאָפּלטער שרעק — אויב ס'איז ווייניק עקלאַיין — צום גענסט פֿון די רעאַקציאָנערן פֿון „נאָוואָיע ווּרעמיא“.

דאָך טרעפֿן מיר אונדזער אומדרייסטן, אַ ביסל פֿאַרשטויסענעם בחורל אויפֿן שוועל פֿון סוואָרינס שול.

אונדזער פֿאַרשאַרפֿטע פֿאַרוווּנדערונג וועט אין אַ געוויסער מאָס ווערן פֿאַרטעמפּט דורך דער באַמערקונג, אַז אויפֿן בוקסיר פֿון זײַן חלום — טעאַטער, סצענע, אַקטיאָר — איז אונדזער בעל־דבר כּלל ניט געווען אימשטאַנד וואָס ניט איז צו מעסטן, צו וועגן, צו באַנעמען און באַגרײַפֿן...

אין געגעבענעם פֿאַל איז דער נעפּל אין קאָפּ זײַנעם געוואָרן נאָך געדיכטער.

צו פֿאַרשטיין זײַן צושטאַנד אין יענע טעג — זומער 1907 — דאַרפֿן מיר זיך דורכדרינגען מיט דעם, וואָס איז דערציילט געוואָרן וועגן די אַנדערטהאַלבן יאָר — פֿון דעצעמבער 1905 ביז יוני 1907.

דערצו די ערשטע בענקשאַפֿטן נאָך רוסלאַנד! זײַן ליד, זײַן וואָרט, זײַנע נסיונות, זײַנע קאַמפֿן — וועגן דעם איז דאָ נאָך ניט די צײַט צו דערציילן גענויער. אין עלטער פֿון 20 יאָר ווערן באַשלוסן געבוירן ווי בליצן אין פֿאַרכמאַרעטע הימלען און די וואָגיקייט פֿון די באַשלוסן איז אַ מינימאַלע און „וואָס וועט זײַן דערפֿון?“ — ווערט אין אַכט ניט גענומען.

דער באַשלוס אין די זומער־חדשים 1907 איז געפֿאַסט געוואָרן:

„כּ'פֿאָר אַוועק! וווּהין? דאָס ווייס איך ניט! פֿון דאַנען! קיין בערלין! קיין פּאַריז!“

מיט דער גאַנצער פֿלאַמפֿייערדיקייט, וואָס אונדזער בעל־דבר האָט אין זיך געטראָגן (און זײַן טעמפּעראַמענט, האָבן רעצענזענטן 30 יאָר שפּעטער באַצייכנט, איינער: אַלס „גיהנום־פֿלאַם“, אַ צווייטער: אַלס „ווילדער“) — מיט דער גאַנצער פֿלאַמפֿייערדיקייט פֿון גוף און גייסט

האָט ער זיך יענע טעג געריסן אַוועקגיין, אַוועקפליען, זיך אָפּרייסן, אַ סוף מאַכן מיט אַלעם, וואָס האָט אים ביז איצט געהאַלטן געדריקט, געשמידט און פּלוצלינג —

דאַלמאַטאָווס ספּעקטאַקל.

זיצנדיק אויפֿן באַלקאָן פֿון שטאָט־זאַל, דעם 3 יוני 1907, האָב איך דערשפּירט מיין גורל, דערפֿילט אים אין אַלע אָדערן.

כ'האָב פֿאַרגעסן אין דער צעטריבענער דומע, אין סטאָליפּינס „מלוכה־איבערקערעניש“ — ווי די פּראָגרעסיווע פּרעסע האָט באַצייכנט זיין נייעם וואַל־געזעץ — אין אַרעסט פֿון די לינקע סאָציאַל־דעמאָקראַטן; אין אַלץ, וואָס מיך האָט אויסגעפֿילט די לעצטע וואָכן, צוליב וואָס כ'פֿלעג געוואַלדעווען און קערן וועלטן, זיך קריגנדיק מיט יעדן איינעם, וואָס איז מיר געקומען אַנטקעגן.

דאָס אַלץ האָב איך פֿאַרגעסן און פֿאַרוואָרפֿן און אָנגעהויבן לעבן און אָטעמען מיט איין מאָטיוו, מיט איין געדאַנק, מיט איין שטרעבונג.

רוסיש טעאַטער!

וואָס האָט אויף מיר אַזוי געווירקט?

דעמלט — אין דער עפּאָכע פֿון ערשטן טראַמוויי — איז נאָך אַפֿילו די פֿראַגע נישט צייטיק געוואָרן.

היינט — זיצנדיק אין מעטראָ — איז מיר קלאָר די תשובה.

אויף מיר האָבן אין יענעם ספּעקטאַקל געווירקט צוויי פֿאַקטאָרן — דער ערשטער — די צאַפּלדיקע טאָג־טעגלעכע טעמע פֿון דימאָווס פּיעסע, דאָס הייסט: — דאָס לעבן אויפֿן סצענישן לייוונט.

און דער צווייטער דעציִדירנדיקער פֿאַקטאָר איז געווען — די רוסישע שפּילשולע: שטשעפּקין, מאָסקווער „מאַלי“־טעאַטער! די פֿאָרשטעלונגען פֿון מאָסקווער קונסט־טעאַטער — מיט אַ יאָר פֿריער — זענען אַריין ביי מיר אין קאַלייִדאָסקאָפּ פֿון אַזוי פֿיל שאַרפֿע, רייכע איינדרוקן, פֿון וועלכע איינע האָבן די אַנדערע אָפּגעשוועכט, — אַזוי, אַז איך האָב זיך נישט פֿאַנאַנדערגעקליבן, נישט איבערגעקאָכט, נישט געקאָנט מאַכן קיין אויספֿיר (כ'האָב חדשים לאַנג נישט געקאָנט קומען צו זיך — פֿון סטאַניסלאַווסקיס „שטאָקמאַן“ און פֿון די „איינזאַמע“ — ווי שוין דערציילט).

און דאָ, ווען אַלץ האָט זיך שוין איינגעלייגט, קלאָר געוואָרן און אַרויסגעשווומען פֿונדאָסניי —

דאָ האָב איך אויפגענומען — סיי די מוזיק פון דער שפּראַך, וואָס איז שוין געוואָרן „מיין שפּראַך“, סיי די פּשטות פון אופן שפּילן, סיי די באַצווינגענדיקע אויפריכטיקייט פון די לעבעדיקע געפילן ביי די 4 וווּנדערבאַרע שוישפּילער מיט דאַלמאַטאָוו בראש.

און ווי דערציילט, קורצע טעג נאָכדעם די נאָטיץ: „דאַלמאַטאָוו דער דירעקטאָר פון דער נייער טעאַטער-שול“.

טאָ וואָס איז דאָ צו טראַכטן?

בין איך אַוועקגעפאָרן צו דאַלמאַטאָוון... וואָס גייט מיך אָן „סוואָרין?“ „יודאָפּאָביע?“ „נאָוואָיע וורעמיא“? דאָס זענען האָך פּרטים! דער כּלל איז — ווערן אַן אַקטיאָר... זיין דאַלמאַטאָווס תּלמיד.

דעם לייענער איז אַלץ קלאָר? איך וויל אַזוי מיינען. נאָר אויב אַלץ איז קלאָר, איז עפּעס נאָך נישט באַוווּסט.

דאָ הייבט זיך אָן די מעשה: „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“.

אָבער דאָס וועלן מיר אָפּלייגן אויף שפּעטערדיקע קאַפּיטלען. בשעת אין דער מעשה וועט אויפשטיין די סכּנה, אַז יאָרן טרחה, נסיונות און דערגרייכונגען זאָלן גיין לאיבוד, אָדער — שמדן זיך! אַריבערגיין איבערן טאַטנס בלייכן פּנים ביים געזעגענען זיך.

מיר האָבן נאָך אַ סך וואָס צו דערציילן ביז דער קולמינאַציע. מיר האַלטן ביים אָנהייב.

דריי יאָר אין פּעטערבורג — אָן לעבנסרעכט.
מיר האַלטן ביים ערשטן חודש.
מיר שטייען אויפן שוועל פון סוואָרינס שול.
מיר גייען צום עקזאַמען.

*

*           *

די „פּראָשעניע“ האָט געזאָלט דערלאַנגט ווערן אין קאַנצעלאַריע צו דער פאַרוואַלטונג פון דער „ליט-קונסט-געזעלשאַפט“. אָנגעשריבן האָט זי אַ באַקאַנטער, וועלכער האָט, דערזעענדיק מיין האַנטשריפט, מיר געזאָגט, אַז מיט אַזאַ מין כּתב, וועלכן איך רוף נאַיִוו „פּראָשעניע“ — וועט מען מיך צום עקזאַמען נישט צולאָזן. דערזעענדיק דאָס, וואָס ער האָט באַשאַפן לויט אַלע כּללים פון בוכהאַלטערישער מייסטערשאַפט, האָב איך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אָפּגעווענדט פון מיר אַן אומפאַרמיידלעכע זיכערע סכּנה: מיינע שאַנסן וואָלטן בלי ספק געפאַלן ביזן גראַדוס פון פאַרפרוירן

ווערן. אָבער אינגאַנצן האָט מיך מיין בעל־טובה דאָך נישט מציל געווען: זיין מייסטערשטיק האָב איך געמוזט חתמענען מיט מיין האַנט און דאָס האָט אויסגעזען ווי אַ גענוגנדיקער יסוד, אַז דער פּעטענט זאָל נישט ווערן קיין תּלמיד אין דער שול.

וועגן דאָזיקן פֿאַקט און נאָך זייער טשעקאַווע אייגנצלהייטן, וואָס באַלויכטן די צייט, די סביבה און אירע יחידים, די סוביעקטן פֿון יענע מידות און לעבנס־געננגלעך — דאָס אַלץ וועט דער לייענער דערזען און דערהערן און דערקענען ביסלעכווייז...

דאָ לאָמיר דערציילן וועגן עצם עקזאַמען.

ביי אַ גרינעם טיש זענען געזעסן 10 פֿאַרשוינען, צווישן וועלכע כ'האָב דערזען די באַקאַנטע פֿון דאָלינאָווס שול אין אָדעס — וו. וו. סלאָדקאָפּיעווצעוו און וו. מ. יאַנאָוו. ווייטער צווישן די דערמאָנטע מיר נישט באַקאַנטע — גלאַמאַ — מצשטשערסקאַיאַ, יו. ד. ביעליאַיעוו, מאַזוחאָווסקאַיאַ, מ. א. סוואָרין און נאָך עמיצער. כ'האָב געהערט, אַז אקאָרשט איז אַוועק פֿון עקזאַמען מ. ג. סאווינא.

דער פֿאָרזיצער — היות ער איז געזעסן אין צענטער — איז געווען נ. נ. אַרבאַטאָוו, וועמענס נאָמען האָט מיר דאַן נאָך גאָרנישט געזאָגט, און ביי זיין רעכטער האַנט, נעבן אים אָדער איין שטול ווייטער, האָב איך דערזען —

דאַלמאַטאָוו

דערזען — און פֿון ערשטן בליק אויף אים האָט מיך דורכגענומען אַ געפֿיל פֿון אַ קינדערישער פֿאַרליבטקייט, וועלכע איז מיר פֿאַרבליבן אויף אַלע מאָל.

בעת מען האָט מיך אַריינגערופֿן פֿון פּאָדערצימער, ווו אַלע האָבן געוואַרט, און כ'בין געבליבן שטיין ביי דער טיר, האָט מען מיר געהייסן צוגיין נענטער און פֿאָרגעלייגט זיך זעצן אויפֿן שטול קעגן דעם פֿאָרזיצער. איך ווייס געווי, אַז, האָבנדיק זיך אַוועקגעזעצט, האָב איך נישט געזען קיינעם אויסער דאַלמאַטאָוון.

— איר הייסט אבראם ב ע נ יאַמינאָוויטש? האָב איך דערהערט און נישט פֿאַרשטאַנען פֿאַרוואָס די פֿראַגע איז געשטעלט געוואָרן מיט אַ שאַרפֿן אַקצענט אויף דער ערשטער זילבע „בענ.“.

— יאָ.

— אייער פֿאַמיליען־נאָמען?

נישט באַגרייפנדיק פאַרוואָס מען שטעלט מיר פראַגן, אויף וועלכע די תשובות זענען באַוווסט פון מיין „פראָשעניע“, וואָס זיי האָבן אויפן טיש פאַר זיך, האָב איך, משמעות, מיט אַ פראַגע אין בליק, געענטפערט:

— מנקר.

— ווי אַזוי?

— מנקר!

— ווי? ווי?

— עם, יע, ענ, א,קא,יע, ער, האַרטער צייכן.

— אך, מענאַקער? זאָגט שמייכלענדיק גלאַמאַ.

— גאַנץ ריכטיק, אַזוי פלעגט מיך רופן אין פאַריז מיין באַלעבאָסטע אין לאַטייניש קוואַרטאַל.

— איר זייט געווען אין פאַריז?

— יאָ.

— לאַנג?

— כמעט אַ יאָר.

ביים טיש האָט זיך צעשפּילט דער גייגער און ס'האָט זיך דערפילט אַ מין פאַראינטערעסירטקייט, אומגעריכטקייט, סיורפריז.

— וואָס האָט איר דאָרט געטאָן?

— געהערט אין דער סאָרבאָנע אָלאַרס לעקציעס וועגן געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, געלערנט פעכטן, געזעסן גאַנצע טעג און וואָכן אין „לוווּר“ און „לוקסעמבורג“, — און מער פון אַלץ געגאַנגען אין טעאַטער.

ס'איז אַנטשטאַנען אַ לאַנגע פויזע, בעת וועלכער ביים טיש איז גע־גאַנגען אַן אויסטויש — בליקן, פראַזן, קורצע סברות, באַשלוסן.

עפּענענדיק פאַרן לייענער אַ ווינקל פון פאָרהאַנג, הינטער וועלכן ס'האָט זיך אָנגעהויבן — ווי כ'האָב זיך דערוווּסט אין אַ יאָר צוויי אַרום — אַ קאַמף צווישן צוויי טענדענצן: „דורכוואַרפן“ און „אָננע־מען“ — וועל איך דאָ באַמערקן, אַז „פאַריז“, „לוווּר“, „טעאַטער“, האָט שטאַרק אָפּגעשוואַכט די פּאָזיציע ביי די „דורכוואַרפער“, וועלכע די פרעמדע האַנטשריפט אין פראָשעניע, די געבראָכענע אותיות אין דער חתימה, דער נאָמען, די פאַמיליע און די ערשטע זילב אין פאָטערס נאָמען: „כ ע נ“, — דאָס אַלץ האָט זיי אין זייער שפּיל אויסגעזען ווי טויזן: אַ יינגל אַן אָנאַלפאַבעט פון אַ פרעמדער, פאַר זייערע הערצער נישט ליבער סביבה — ווער דאַרף אים דאָ האָבן? אין 1907 יאָר, אין קרייז פון

גענעראַלן־טעכטער, פון סטודענטן מיט ווייסן אונטערשלאַק (ס'איז געווען דער סימן ביי סטודענטן פון אַדליייט), זין פון געהיימע אוןווירקנדיקע מלוכה־סעקרעטאַרן — קורץ: אין קרייז פון „נאָוואָיע ווֹרעמיאַ" — וואָס וויל דאָ און וואָס דאַרף דאָ האָבן אָט די פרי פון פרעמדן גאָרטן?

נאָך וואָס קריכט ער אַהער — דאָס איז געווען זיין עסק, אָבער אויס וועלכע אויסזיכטן זאָל מען אים אריבערלאָזן איבערן שוועל? דאַלמאַטאָוו קאַפּריז האָט באַזייטיקט דעם פּאַרהיטנדיקן פּאַראַגראַף אין סטאַטוט פון דער שול, וועלכער וואָלט, ווען מען שטרייכט אים נישט אויס — פאַר־מאַכט פאַרן דאָזיקן — „בן־בעניאמין" די טיר צו דער שול און צום עצם עקזאַמען. אָבער צום עקזאַמען דערלאָזן איז איין זאַך און דורכלאָזן דורכן עקזאַמען — אַ גאַנץ אַנדערע.

נאָר נאָך אַ ריי פּרטים, וואָס זענען געווען אַ גרונט צום דורכפאַל אין האָבן אים שוין אַזוי גוט ווי פאָראויסבאַשטימט, — מיטאַמאָל עפּעס איבערן דורכשניט: אַנטוויקלונג, וואָס וואַלגערט זיך נישט אין גאַס, האָט ידיעות וועגן קלאַסישער מאָלעריי, רעדט פראַנצויזיש, האָט געזען די קאָק־לענס, מונעי — סיוללי, סאַראַ בערנאַר און נאָך וועמען פון דעם מין.

— הם... און וואָס וועט איר אונדז פאָרלייענען?

— ערשטנס וואָלט איך געבעטן מיר דערלויבן אַנשטאָט פּראָזע — ווייסע פערזן. ווידער האָבן זיי זיך אומגעקוקט איינע מיט די אַנדערע. איך האָב מער געקוקט אויף דאַלמאַטאָוון, וועלכער האָט, ווי אַ פאַרשטיי־נערטער, נישט גענומען קיין שום אָנטייל אין די דעבאַטן, וואָס באַשטאַ־גען זענען מער אין מימישע אויסערונגען, דערגאַנצטע דורך „הם", „אַזוי גאָר", „זאָגאַר", „אַזוי, אַזוי"...

דאַלמאַטאָוו — ווי כ'האָב זיך דערוווּסט 2 יאָר נאָכדעם — האָט דאָ געוואַרט אויפן נצחון פון זיין פּרינציפּ, אויף אַן ענטפער דער פראַגע פין זיין כבוד און אַמביציע.

מיין בקשה וועגן ווייסן פערז איז ווידער געווען אַ שנעל אין נאָז די דורכוואַרפער: דער יונג איז נישט אַזאַ רוגדער אַנאַלפאַבעט, ווי ס'האָט זיך געלאָזט — און געוואָלט — אָננעמען פון דער פראָשעניע.

— אַ ווייסן פערז? האָט איבערגעפרעגט אַרבאַטאָוו — דאָס קאָנט איר. וואָס ווילט איר פאָרלייענען?

— דעם מאָנאָלאָג וועגן שטעקן פון 3־טן אַקט „אוריאל אַקאָסטאָ".

— זייער שיין, און וועלכע פערזן?

— יודא!

אַן אַלגעמיינע באַוועגונג ביים טיש, אַ לייכט געלעכטער. ביי דאַלמאַ־טאָוון אויפן פּנים אַ שאָטן.

„בעניאַמינאָוויטש" אַנשטאָט „וועניאַמינאָוויטש" איז אַ פרעמדער.

„יודאַ" (מען דאַרף זאָגן: „איאודאַ"!) איז אַן אומדערטרעגלעכער, אַן אומדערלאָזבאַרער.

מיינע שאַנסן, וואָס זענען שוין געווען געשטיגן ביז דער מדרגה פון וואַרעמקייט, זענען אַראָפּגענידערט. און דאָס בחורל, עפּעס אויפגעטמענ־דיק, עפּעס טרעפנדיק, האָט אָבער גישט געוווּסט, וואָס דאָ קומט פאָר, פון וועלכע זייטן וועלכע ווינטן בלאָזן. עס לויכט פון דער ווייט די בינע, עס שטראַלט פאַר די אויגן דאַלמאַטאָווס געשטאַלט, עס שטערן די אָפּטע שאָטנס אויף זיין פּנים.

— לייענט „אַקאַסטאַ".

אַ קליין בינעלע אין קאַטאַרן, 3־4 טרעפּלעך פירן צו איר. ס'האַרץ האָט געקלאַפּט ווי אין פיבער. פאַר די אויגן האָבן זיך געדרייט ווי אין אַ ריזנראָד אַלץ און אַלע אַרום. עפּעס ווי אַ פיינטלעכער כוח וואָלט מיך אַריינגעכאַפּט אין זיינע אָרעמס.

כ'האָב אָנגעהויבן:

„ס'איז טעגלעך, סילווא — דאָס איז אַלץ וואַרשיינלעך:
ס'איז אפשר ריכטיק אָנרופן דעם שטיק
וואָס האָט אַ בלינדן אויף זיין וועג געפירט
אין משך פון דריי טויזנט יאָר — זיין „אויג"...

כ'האָב אין דער דריטער שורה אַנשטאָט אַ „ש" אַרויסגערעדט אַ „ס" און ס'האָט זיך באַקומען אַ לאַפּסוס.

צי האָט ווער ביים טיש זיך צעלאַכט, ווייס איך נישט און זאָג נישט, אָבער כ'האָב ערשט דאָ דערפילט די גאַנצע בּיטערקייט פון פריער־דיקן חוזק ביים טיש, און מיר איז געוואָרן קאַלט, פרעמד, פיינטלעך און כ'האָב פאַרלוירן דעם ווילן, די פעדים, דעם גרונט אונטער זיך. דעם מאָ־נאָלאָג האָב איך פאַרענדיקט. ווי אַזוי — ווייס איך נישט, מסתמא — זייער שלעכט. נאָך אַ לאַנגער דריקנדיקער פּויזע האָט אַרבאַטאָוו אויס־גערופן:

— איצט — „יודאַ"!

דעם אויסדרוק פון חוזק אויף זיין פנים, וועלכן כ׳נעדענק בולט, האָב איך צוגעשריבן צו מיין לאַפּסוס אין מאָנאָלאָג. אַז „יוהא“ איז אויף די ליפּן פון עקזאמינאַטאָר א שמייך אין פנים פון עקזאמינירטן, האָב איך דאַן נישט געוווסט. כ׳בין געקומען מיט דער כוונה זיך צו לערנען. לערנען דאָס, וואָס כ׳האָב נישט געקאָנט און, אַריינקומענדיק אין אָט דעם זאַל מיטן צוטרוי פון אַ קינד, וואָס שטרעבט צו געניסן פון לויטערן קוואַל, האָב איך דען געקאָנט אַ טראַכט טאָן, אַז מען וועט דאָ פון מיר אָפּלאַכן?

דערהערנדיק: „איצט — „יוהאַ“, האָב איך אָנגעהויבן לייענען מיין געליבטע נאַדסאָנס באַלאַדע:

„עס דאַוונט כריסטוס. אַ שווייס אַ בלוטיקער
פון זיין געשטאַלט געבויגענער עס פליסט...
פאַרן מענטשן־מין, דעם מין שאָקלהאַפּטיקן
שיקט כריסטוס תפילות אין דער הויך“.

די געשטאַלט פון לייד און פיין, דער פינצטערער אָנבליק פון פאַרראַט, די קאָנוולסן פון זיין אויפגעוואַכט געוויסן, וואָס האָט דערזען דעם געקרייציקטן, פאַרקויפטן לערער. די שילדערונג פון קעדראָן... ווייסט דען אַן אַקטיאָר ווי ער האָט געכטן געשפּילט? ווי ער וועט מאָרגן שפּילן? קיינמאָל ווייסט נישט אַן אַקטיאָר, וואָס מיט אים איז געווען, וואָס עס וועט זיין. אָבער פאַראַן מינוטן, ווען אים טראָגט עפּעס אַוועק פון דעם, וואָס איז — אין אַנדערע וועלטן; ווען די סטרונעס פון זיין האַרצן לאָזן הילכן אַ טעמע, און די ליפּן לאָזן פאַלן נישט נאָר ווערטער פון טעקסט, נאָר — געשטאַלטן. עס שוועבן לײדנשאַפטן, עס ברויזן, עס פאַרלויפן וועלטן און צייטן...

יודאס מאָנאָלאָג:

„אַוועק, דו אומבאַפלעקטער רוח,
אַוועק און פייניק נישט מיין קראַנקע ברוסט,
לאָז מיך אַ שעה, לאָז מיך אַ רגע
נישט לעבן, נישט געדענקען, לאָז צורו“ — — —

האָב איך געזאָגט, זיך באַגיסנדיק מיט אַ הייסן טרערן־שטראָם, און אויף די ליפּן, מסתמא, אויסגעקרומטע פון אינערלעכע יסורים, האָט גע־

שפּילט עפּעס אַזעלכעס, וואָס האָט ביי די „דורכוואַרפער“ אַרויסגעשלאָגן פון אונטער זייערע פיס אַלע שאַנסן, וועלכע האָבן שוין געהאַט דערגרייכט צום סאַמע אויבנאָן און זענען ווידער אַראָפּגעפאַלן אין שאול-תחתיה אַריין.

אין טראַנס פון פולן אומבאַוווּסטזיין דערהער איך אומגעריכט אַ קלאַפּעריי... ווידער, ווידער... איך כאַפּ מיך אויף, איך קום צו זיך.

אַרבאַטאָוו קלאַפּט מיט אַ בליישטיפט אין טיש.

ער לאָזט נישט ענדיקן? דורכגעפאַלן? איך קוק מיט ווילדע, מסתמא, בליקן אויף מיין קאַט...

— געגוּג, הער מענאַקער, קומט אַהער.

איך דערנענטער זיך, כ'ווישׁ די טרערן פון די אויגן.

— זעצט זיך.

איך זעץ זיך. א פּויזע. דאָס שווייגן רייסט איבער דאַלמאַטאָוו.

— און איצט, מיינע הערן, איז עס אייער זאַך.

וואָס די פּראַזע האָט באַדייט, האָב איך דעמלט נישט געוווּסט, אָבער זי קלינגט קלאָר אין מיינע אויערן 50 יאָר...

— זאָגט, הער מענאַקער, מיט וועמען האָט איר איינשטודירט די באַלאַדע?

— וואָס הייסט, „מיט וועמען“?, מיט זיך אַליין!

— אָבער פאַרוואָס טיילט איר אויס דאָ איין שטימונג, דאָרט אַן אַנדערע? פאַרוואָס וויינט איר?

— ער זאָגט דאָך: „איך בין גרייט מיט טרערן אויסקויפן מיין קוש דעם בלומיקן“, טאָ פאַרוואָס טאָר איך נישט וויינען? פאַרוואָס איז עס אַזוי שלעכט?

דאַרף איך דען צוגעבן, אַז איך האָב דאָ שוין געקעמפט מיט בלומרשטע פיינטלעכע אָנפאַלן אויף מיר? אַז די באַציונג צו מיר האָב איך שוין געהאַלטן פאַר אַ נישט-יושרדיקע? מיין ענין — פאַר אַ פאַר-שפּילטן?

— איך זאָג נישט, אַז ס'איז שלעכט. איך פרעג, ווער האָט אייך געהאָלפן די באַלאַדע איינשטודירן.

נאָך עפּעס פראַגעס, תשובות, מסתמא, לעבערלעכע, ווייל לעבער-לעך — אפשר אין עמיצנס אויגן באַחנט און סימפּאַטיש — איז געווען דער יונגערמאַן מיט קלאָרע ווייסרוסישע פעלערן אין דער אויסשפּראַך און מיט יידישע נאָטעס אין זיינע אינטאָנאַציעס.

— נו, גייט אייך בשלום, מיר וועלן אייך צוויסן געבן די רעזולטאטן פון עקזאמען.

מיט א געבויגענעם קאפ האב איך געשלעפט די פיס צו דער טיר און אויפן שוועל זיך אויסגעדרייט.

— דערלויבט מיר לפחות פארענדיקן דעם עקזאמען.

— וואס דערלויבן אייך?

— אין דריטן טייל פון עקזאמען דארף מען דאך עפעס צוגרייטן לויט אייער אנווייזונג אין א באזונדערן צימער.

— אך, דאס מיינט איר? אבער ווי ווייט איר פארזיכערט, אז „אידא“ האט איר צוגעגרייט אליין, אן עמעצנס הילף, זענט איר פון דריטן טייל עקזאמען פטור. צום ווידערזען!

— צום ווידערזען!

ס'האט דוכט זיך געפלאצט דער אייז פון שנאה? עס גייט אויף, דוכט זיך, א שטראל פון נייעם לעבן?

עס דוכט זיך? הא? וואס? ווו?

ווי אזוי כ'האב פארבראכט די נאענטסטע טעג געדענק איך נישט... באקומען א פאסטקארטע: „איר זענט פארעכנט אין צאל פון די שילער אין דער טעאטער-שול אויפן נאמען פון א. ס. סוואָרין“.

ס'איז נישט דער געוויינטער טעקסט! אלע שפורן פון יענע טעג זענען פארניכטעט אדער פארלוירן געווארן בעת די מעשים-תעתועים אין אוקראינע מיט 15 יאר **שפעטער**.

## II. שונאים און שטראַלן

אין טעאַטער־שול א. נ. פון אַלעקסיי סערגעיעוויטש סוואָרין, האָב איך פאַרבראַכט 3 יאָר — פון סעפּטעמבער 1907 ביז מאַי 1910. דער אַקטיוו אין מיין פּראָפעסיאָנעלער אַנטוויקלונג — ווי באַדייטנדיק ער זאָל נישט האָבן געווען, נעמענדיק אין אַכט די צאָל פּערזענלעכקייטן, וואָס האָבן אונדז, די תלמידים פון דער שול, געפירט, — איז ער אָבער נישט דער עיקר אין חשבון־הנפש מיט זיך אַליין פאַר יענע יאָרן.

דער עיקר איז דאָ געווען, וואָס ענדלעך אויפן 22־טן לעבנסיאָר מיינעם בין איך געוואָרן אַ מיטגליד פון אַ „משפּחה“, אַ שפּריכע אין אַ ראָד. די סביבה האָט מיך אויפגענומען מיט פריינדשאַפט און פון די ערשטע טריט אַקרעדיטירט. האָ האָבן געווירקט אַ ריי פאַקטאָרן, צווישן זיך ווייטע, ווי צוויי פאָלוסן. אָבער גליקלעכערווייזע האָט גראָד אָט די פאַרשידנקייט געווירקט מיר לטובה.

די גאַנצע אינסטיטוציע איז געווען אַ פיליע פון „נאָוואָיע ווריעמיאַ“. דער גייסט און כלל פון אַנטיסעמיטיזם איז דאָ געווען אַ חוק ולא יעבור, אַ זעלבסטפאַרשטענדלעכקייט. דאַלמאַטאָוום „קאַפּריז“ מיטן באַזייטיקן דעם פונקט וועגן נישט צולאָזן קיין יידן האָט געבראַכט דערצו, אַז איבערן שוועל זענען אַריבער צוויי יידישע סטודענטן. איינער פון זיי — מיט בלויע אויגן און אַ שיינעם קאָפּ מיט אַ בלאָנדער טשופּרינע—גערופן האָט ער זיך: קורזשניר, ערגעץ פון וואָלין — איז געווען א טיפּ פון א „געבוירענעם אין א העמדל“. שטענדיק צעשטראַלט, מיט צוויי רייען פרעכטיקע ציין און אַ צוציענדיקן שמייכל אויף די לייכנשאַפטלעכע, פולבלוטיקע ליפּן — איז ער באַלד געוואָרן פּאָפּולער צווישן די יונגע פרויען אין גרעסטן טייל טעכטער פון עקסעלענצן, מיניסטאָרן, גענעראַלן, גענעראַל־גובערנאַטאָרן. פון איין זייט אַ „ייד“, אַ פאַרבאָטענע פרי — אין דערהיים, דעם טאַטן, טאָר מען עס אַפילו נישט דערציילן — און פון דער אַנדערער זייט — אַפילו נישט ענלעך אויף אַ יידן! דער געשמאַקסטער ביסן פאַר די יונגע

אַפּעטיטן, וואָס האָבן געהאַלטן אין רייצן זיך, שפּילנדיק אויף די ערשטע שוועלן פון זעלבסטשטענדיקן קיום: ס'איז שוין נישט די ווענט פון גימ־נאַזיע, נישטאָ קיין קאָנטראָל איבער יעדן שריט און יעדער רגע... קור־זשניר איז אַריין אין דעם קרייז פון די ערשטע טעג און געוואָרן אַן אייגע־נער מענטש...

גאַנץ אַנדערש איז געשען מיט מיר.

באָרים סערגעיעוויטש גלאַגאָלין האָט באַלד נאָכן עקזאַמען געמאָלדן אין די קולוארן בקול רם:

— מיר האָבן אָנגענומען צוויי יידן... איינער פון זיי איז מייוולאָג'יש (משערמאָווסקי) באַגאַבט.

דאָס האָט מיר אין די ערשטע טעג איבערגעגעבן אַ חבר, מיט וועלכן כ'האָב זיך איינגיכן באַפריינדעט: וואַסיאַ איגנאַטאָוו, אַ פויערן־זון פון טולע.

מיט נייגיר און דרך־ארץ האָב איך געקוקט אויף קורזשנירן. מסתמא, מיט אַ געוויסער מאָס איפּערזוכט אויף זיין לייכטן דערפאָלג ביי אַלעמען אַרום. מיר האָט זיך אָבער 'אַלץ מער אָנגעהויבן דאַכטן, אַז פון „מייוול" האָט ער וויייניק געירשנט און צו אים קלעפּט זיך נישט דער אויסדרוק: „משערמאָווסקי אָהאַריאָן"... צווישן די לערער איז געווען — וולאַדימיר מיכאַילאָוויטש יאַנאָוו, מיט וועלכן ווי כ'האָב שוין דערציילט, מיר האָבן זיך געטראָפן נאָך אין אָדעס מיט 2 יאָר צוריק. דער דאָזיקער פּעדאַגאָג האָט באַשלאָסן צו שלאָגן קאַפּיטאַל און מאַכן א קאַריערע ביי סוואָרינין דורך דעם, וואָס ער וועט די שול באַפרייען פון דעם „אָנשיקעניש", וואָס דאַלמאַטאָווס עקשנות האָט אַריינגעבראַכט: ער וועט דעם יידישן עלע־מענט אַרויסשטויסן!

און, לאָזנדיק צורו קורזשנירן, האָט ער זיך גענומען צו מיר.

מיר איז שווער צו באַשרייבן די הונדערטער און טויזנטער פּעדים, פון וועלכע דער דאָזיקער רשע (אַ משומד, אגב) האָט געוועבט מיינע יסורים און עגמת־נפש. אויף יעדער לעקציע יעדע האַלבע שעה פלעג איך מיך אויסהערן זאַכן, וועלכע כ'האָב צוליב מיין פּשטות און טפּשות אַפילו נישט פאַרשטאַנען.

לייענ איך גאָגאָלן און קום צו „פלודערן, ברייטע, ווי דער שוואַ־צער ים" („טאַראַס בולבאַ"), דערהער איך:

— וואַרט, שטיי, גאָגאָל האָט די דאָזיקע פלודערן ליב, ער איז פון זיי אַנטציקט און דו האָסט זיי פיינט, דיך עקלט פון זיי.

הייב איך אויף אַ פּאָר פאַרחידושטע, דערשראָקענע אויגן און קוק אויף יאַנאָוון, זאָגט ער:

— ווערסט מיך פּרווון פאַרזיכערן, אַז דו האָסט זיי נישט פיינט? און די קאָזאַקן, וועלכע טראָגן אָט די פּלודערן, האָסטו אויך ליב?

און ער צעלאַכט זיך מיט סאַרקאַזם און שנאה...

— נו, גענוג דערוויייל! מאָרגן וועסטו לייענען פין פּושקינען, אָדער לערמאָנטאָוון: „די צווייג פון פּאַלעסטינע", דאָס וועט דיין הארצן זיין ליבער ווי „טאראס בולבא"...

היינטערן פאַראָוואַן, וואָס שטייט ביי דער טיר פון רויך־צימער, שטיי איך בעתן איבערדריים און... שלוכץ און ווישׁ די אויגן. חברים — מענער, מיידלעך — זעען, פילן, אַז דאָ גייט אַ קאַמף, עס וויל עמעצער עמעצן פאַרטיליקן... קיינער מישט זיך נישט אַריין, אָבער אויף מיר קוקן צענדליקער אויגן מיט מיטלייד און מען שטויננט, מען באַוווּנדערט — אַנדערע, פאַרקערט, פאַרמשפּטן — מיין געדולד, מיין נישט קענענשטעלן זיך דעם בייזן ווילן פון אָפענעם אָנגריף אויף מיר.

אַזוי גייען וואָכן. יאַנאָוו האָט זיין קאַריערע אין שול פאַרענדיקט אומגעריכט און זייער שנעל. ער האָט געהאַט אַ שוואַכקייט צו שיינע יונגע סטודענטינס, געוואָרפן אַן אויג אויף איינע פון זיי און איר פאָרגעלייגט צו געבן לעקציעס ביי אים אינדערהיים פּריוואַט. זי איז אין פולן צוטרוי אַוועק צו אים, און ער האָט איר פאַרזיכערט, אַז כדי איינצושטעלן ריכטיק איר אָטעם, מוז ער איר מאַכן מאַסאַזשן איבער דער דיאַפראַגמע און דערצו מוז זי אַראָפּנעמען די קאָפטע. קומענדיק אַהיים, האָט זי געזאָגט צו איר פאָטער — געהיימער שטאַטס־ראַט פּ. — אַז זי ווייסט נישט וואָס צו טאָן: פאָלגן דעם פּראָפעסאָר, משמעות, מוז מען אָבער אויסטאָן די קאָפטע וויל זי נישט...

דער געהיימער שטאַטס־ראַט איז צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן, אַראָפּגענומען דאָס טרייבל און געזאָגט בזה הלשון:

— דאָס ביסטו, אַלעקסיי סערגעיעוויטש? דיך באַגריסט פּ. האָב קיין פאַריבל נישט, וואָס איך שטער אין מיטן טאָג דיין וויכטיקע מלוכה־אַרבעט, אָבער ביי וועמען זאָל איך זוכן שוץ? מיין איינגאָטשקע — יאָ: די יינגערע טאָכטער מיינע, זייער גערירט, וואָס דו געדענקסט מיין משפּחה — דערציילט מיר עפּעס נישט פאַרשטענדלעכע זאַכן וועגן די פּעדאַגאָגישע גענג פון איר פּראָפעסאָר... ער פאַרבעט זי צו זיך און מאַכט איר מאַסאַזשן איבער דער דיאַפראַגמע... כ'וואָלט געזאָגט, אַז די אָנפּי־

רונג, — דער דירעקטאָר איז דאָך האָרט וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש, אַ הויך־אַנשטענדיקער, פיינער מאַן — זאָל ער זיך פאַראינטערעסירן. אַז נישט וועל איך זי נישט קאָנען לאָזן גיין אין טעאַטער־שול.

אויף מאָרגן איז יאַנאָוו אין שול נישט געווען. עפּעס אַ טאָג 5 נאָכעם, פאָרנדיק איבער נעווסקי, האָב איך אים דערזען אין אַן אָפּגעטראָגענעם מאַנטל, גייענדיק איבערן טראָטואַר איינגעהויקערט, אַלט, אָרעם, איינזאַם... און מיר האָט פאַרקלעמט מיין האַרץ.

אָבער דאָס איז געווען אין דעצעמבער.

מיר האָבן געהאַלטן ביים אָנהייב נאָוועמבער.

פּאַר צוויי חדשים איז מיר אויסגעקומען אויף דער בינע פון שול — וועלכע דער לייענער קאָן שוין פון מיין עקזאַמען — אויפצוטרעטן אין קעגנוואַרט פון עטלעכע צענדליק צוהערער, די עלטערן פון די סטודענטן, פריינד און מקורבים פון דער שול — אַלץ דער קאָמיוניגענט פון „גאָוואָיע וורעמיאַ“ — פאַר מיר אַ פרעמדער און אין אַ גרויסער מאָס, אומפריינדלעכער... כ'האָב געלייענט קלאַסישע לידער, איינמאָל מערעזשקאָווסקיס דעמלט פּאָפּולערע באַלאַדע: „בודדאַ“... און מען פלעגט מיך אויפנעמען אַזוי פלאַמענדיק באַגייסטערט, אַז איך פלעג נישט וויסן ווי אַוועקצוגיין פון דער בינע: זיך פאַרנייגן, אָדער אַנטלויפן!

אַרבאַטאָוו, וועלכער פלעגט געווייגלעך פירן די דאָזיקע אוידיציעס, פלעגט אַלס כלל, טאָן אַלץ, אַז מיין ביישפּאַל זאָל נישט פאַרבלייבן אומגעשטערט אין „פּראָטאָקאָל“ און אין דעם איינדרוק פון דער אוידיטאָריע. נאָך „בודדאַ“, דערהערנדיק דעם דונער פון אַפּלאָדיסמענטן, האָט ער מיט אַ פאַרחידושטן בליק אָנגעקוקט אַלעמען אַרום זיך און ווען די אַפּלאָדיסמענטן זענען געוואָרן איינגעשטילט, אַרויסגעזאָגט:

— כ'באַגרייף נישט צו וואָס איר טראָגט אַמעריקאַנער שיך?

אַ טויטע שטילקייט אין זאַל איז געווען הער ענטפער פון קרוב הונדערט קעפּיקן עולם. אים האָט זיך געוואָלט דערהערן אַ געלעכטער. דערפילנדיק, אַז זיין שאָס איז אוועק לאיבוד, האָט ער צוגעגעבן:

— דאָס מאַכט שווער אייער פוס און שוואַכט אָפּ דעם איינדרוק פון אייער געלונגענער פּלאַסטיק. בכלל זייט איר ווערט אַ „בראַוואָ“. איר קאָנט גיין מיט פרידן.

כ'בין אַראָפּ פון דער בינע, באַגלייט פון אַ נייעם, הגם קלענערן, אַפּלויז.

אין קרייז פון די חברים האָט מען מיר געדריקט די הענט, עמעצער האָט מיך אַרומגענומען, עמעצער — אַ קוש געטאָן.

איך האָב געווישט די אויגן... בקרוב האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזאַ מין מעשה:

אַרבאַטאָוו האָט געגרייט צום סוף פון ערשטן סעמעסטער אַ מין „דיווערטיסמענט" פון אַ צענדליק פאַרשידנאַרטיקע נומערן. דאָס האָט געזאָלט באַווייזן ווערן פאַר אַ גרעסערן עולם געסט פון די „אייבערשטע פון שטייסל" און אין פאַל פון אַ געלונגענעם רעזולטאַט — ווערן אַרויסגעטראָגן אויף דער בינע פון „קליינעם" טעאַטער... אַלע סטודענטן זענען געווען באַטייליקט. מיר איז אויסגעפאַלן די ראָלע פון... „בער", וועלכער וועט טאַנצן פאַרן צאַר אַלעקסיי מיכײַלאָוויטש אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פון אַלטן סטרונעז־אינסטרומענט („גוסלי"). דעם פירער פון דאָזיקן „בער" האָט געזאָלט שפּילן דער סטודענט קראַסיקאָוו, אַ זון פון אַ געהיימראַט, וואָס האָט אַראָנגעזיין אויסערלעכקייט און אופן פון רעדן — גאָרגלרייש, שלעכטער דיקציע — געשמט פאַר אַ רוגרן זעראָ.

איך בין אַרומגעגאַנגען ווי אַ פאַרמשפּטער, זענענדיק קלאָר, אַז דאָ ווערט שוין לגבי מיר באַגאַנגען אַ ג נ ב ה . אַ בייזוויליקער אַקט פון אָפּענער שנאה. „אויב אַזוי איז די איינשטעלונג", האָב איך געטראַכט: „איז נישטאָ קיין שום זין צו פאַרבלייבן אין שול"... געווען זענען עס בלי ספק יאַנאָוום נעננ לגבי מיר.

— איך זע, איר זענט נישט צופרידן, מנקר? — זאָגט אייגמאָל אַרבאַטאָוו, פאַרבײַגייענדיק: — מיר האָבן לגבי אייך קיין שום בייזע כוונות נישט. די מאַטעריאַלן זענען פאַרטיילט. אַבסאָלוט נישטאָ וואָס עפּעס אַנדערש אייך צו לאָזן מאַכן... אפשר ווילט איר אַנשטאָט דעם „בער" מאַכן דעם „פירער?" וועט קראַסיקאָוו מאַכן דעם „בער"... ווידער נישט צופרידן? כ'זייס באמת נישט ווי אַזוי אַרויסצורופן אַ שמייכל אויף אייער פנים... שטענדיק פאַרזויערט, פאַרזאָרגט... וואָס דריקט אייך אַזוי?... ענטפערן ווילט איר אויך נישט? שווער, באמת שווער עס צו פאַרטראָגן.

אין אַ העלן פרימאָרגן, אַ טאָג 4 פאַרן אָוונט, דינסטיק, מסתמא, גייט אַרבאַטאָוו אַרײַן אין קלאַס צו יאַנאָוון.

— וולאַדימיר מיכײַלאָוויטש! ווער איז ביי אייך פריי פון די מענער? כ'האָב געפונען ביי גאָלאָכאָוון אַ ווונדערבאַרן מאַטעריאַל און כ'וויל

עס אַרייַנשטעלן אין פּראָגראַם... אַ מאָנאָלאָג אין אַלט־רוסישן סטיל, וואָס אַ בלינדער באַיאַן (אַ שפּילער אויף אַ פּאַרצייטיקן סטרונע־אינסטרומענט) האַלט פאַרן צאַר... דאָס קאָן זיין דער בעסטער נומער! ווער איז פריי?

— מנקר און קראַסיקאָוו.

אַרבאַטאָוו האָט אונדז ביידן אָנגעקוקט און נישט געקאָנט באַהאַלטן זיין פאַרדרוס.

— און סאָפּראָנאָוו? טשעכאָוו? סטרענקאָווסקי? בערטעלס, איגנאַטאָוו?

— אַלע זענען שוין ווייט אַריין אין דער אַרבעט איבער זייערע נומערן.

— שיקט זיי אַריין צו מיר. איין נומער וועלן מיר מוזן אַראָפּנעמען.

— איר וועט מיר דערלויבן אויסהערן דעם מאָנאָלאָג, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש? האָב איך אומדרייסט זיך אויפגעהויבן פון אָרט.

— פאַרוואָס נישט, מיין פריינד? — זאָגט אַרבאַטאָוו — ביטע. זייער אַן אינטערעסאַנטער טעקסט.

מיר זענען אַלע אַריין צו אַרבאַטאָוון אין זאַל, וווּ די בינע איז. איך האָב שוין, אָנהייבנדיק פון עקזאַמען, אין די ווענט אַ סך איבערגעלעבט — אומרו און פרייד און שטילע זיפצן.

אַרבאַטאָוו האָט איינעם פון די סטודענטן, דוכט זיך, סטרענקאָווסקין, געהייסן פאָרלייענען דעם טעקסט.

כ׳האָב אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען, געזעסן ווי אין קדחת, געברענט אין אַ העלישן באַהאַלטענעם פלאַם.

— אַלזאָ, קינדער, איך גיב אייך צוויי מעת־לעת. דאָנערשטיק אינדערפרי מאַכן מיר אַ קאָנקורס. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן, אָפּגערעדט ווי אַזוי צו באַשאַפן קאָפּיעס אאַוו.

— מיר וועט איר דערלויבן, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש? האָב איך אומגעריכט זיך געווענדן צו אַרבאַטאָוון.

— וואָס?

— אָנטיילנעמען אין קאָנקורס?

ער האָט מיך אָנגעקוקט איבערראַשט און זיך אָפּגערופן, טראַכטנדיק וועגן עפּעס אויסער דעם ענין, ווי מיר האָט זיך אויסגעוויזן.

— נאַטירלעך... פאַרוואָס זאָל איך אייך עס נישט דערלויבן? איר מיינט רק, אַז מיר שטעלן אייך אויסערן געזעץ... פאַרפאָלגן אייך... איך מיין אָבער, אַז דאָס מאַטעריאַל איז נישט אין אייערע מעגלעכקייטן. די

ווילנער קרייזן, אין וועלכע איר זענט געוואַקסן, זענען אַזוי ווייט פון סטיל, פון דער עצם לופט, וואָס פילט אָן דעם מאָנאָלאָג. אָבער ביטע זייער. אויב איך גלוסט זיך פאַרלירן צייט און כוחות, וועל איך אייך דאָנערשטיק אויסהערן — אָן גאַראַנטיעס, מיין ליבער, און זייט נישט בייז און הערשלאָגן, אויב מיר וועלן אייך נישט אַנערקענען און פאַרן פאַסיקסטן... אַלזאָ, 4 קאָנקורענטן, מיינע הערן: סאַפּראָנאָוו, טשעכאָוו, סמרענקאָווסקי און מנקר. אַלץ דערווייל. זייט באַגריסט.

דעם אָוונט איז ביי מיר אין צימער — אויף זאַבאַלקאַנסקי פּראָספּעקט, אַ 5 הייזער פון טעכנאָלאָגישן אינסטיטוט, — היינט ביי דער מעטראָ-סטאַציע: „טעכנאָלאָגיטשעסקי“,— קאַליע געוואָרן די עלעקטרישע באַלויכטונג... אויפן טיש האָט געברענט אַ גרויס יאָרצייט-ליכט. ביי זיינע קאַרגע שטראַלן האָב איך הויך שטודירט דעם מאָנאָלאָג... די ווערטער זענען מיר געווען פרעמד און ווייט, ווי דער שניי פון אַ באַרגשפּיץ, וועלכן איך זע נישט, אָבער די קלאַנגען האָבן זיך איינגעזויגן אין אַלע מיינע אָדערן און געוועבן... און ב ל י נ ד בין איך געווען! מיינע אויגן האָבן געשוועבט איבער די ווענט פון קאַרג-באַלויכטענעם חדר און גאָרנישט געזען...

דאָנערשטיק, ווען אַרבאַטאָוו האָט אונדז אַרייַנגערופן, און יענע 3 האָבן געלייענט איינער נאָכן אַנדערן דעם מאָנאָלאָג, בין איך געזעסן ווי אין שלאָף, גאָרנישט באַנעמענדיק און נישט וויסנדיק וואָס עס טוט זיך.

ווי ווייט איך געדענק, האָט אַרבאַטאָוו געזאָגט„ „סמרענקאָווסקי“, און אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן צו פאַרלאָזן דעם חדר.

— און איך, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש? — האָב איך ווי אין חלום זיך געוואָגן צו אַרבאַטאָוון — איר האָט דאָך מיר הערלויבט.

—אַך, אַזוי? יאָ, פאַרשטייט זיך, איר האָט צוגעגרייט? מיינע הערן! לאָמיר בלייבן נאָך אַ 10 מינוט. מנקר וועט פאָרלייענען.

אַלע האָבן זיך אומגעקערט צו זייערע ערטער. זיך אַוועקגעזעצט. איך האָב זיך אויפגעהויבן פון מיין שטול.

לייענער! כ'האָב דערציילט, אַז קיינמאָל אין קיין פאַל נעם איך אין קונסטווערק נישט אויף דעם שטאָף, דעם יש, דעם תוכן.

אויך דאָ וויים איך נישט נענוי, וועגן וואָס ס'האָט זיך געהאַנדלט. איך בין געווען אַ 90 יאָריקער בלינדער מענטש, וואָס דערציילט עפּעס דעם צאַר, וואָס לעבט איבער דעם צער וועגן דעם דערציילטן, די פרייד פון רע=



מאָרעווסקי — „דער בלינדער באַיאַן“

רן פאַרן צאַר, די פּיין פון זיין בלינדקייט... זיין קאָפּ שאָקלט זיך פון טיפער אויפגערודערטקייט, זיינע פינגער ציטערן אויף די סטרונעס, זיין ברוסט־קאַסטן האַלט קוים אײַן דאָס אויפגערודערטע האַרץ און די פרעמדע ווערטער, וואָס כ'פאַרשטיי פון זיי נאָר א טייל, קלינגען ווי אַ ציבערהאַפטע מעלאָדיע פון טיפער מענטשלעכקייט.

וואָס אין צימער איז פאָרגעקומען געדענק איך גענוי, אָבער דערציילן עס קאָן איך נישט... איך געדענק, אז קוקנדיק אַרבאַטאָוו אין די אויגן אַריין, האָב איך געזען עפּעס אַ מין דערשראָקנקייט.

— מנקר! קינד מיינס! ס'איז דאָך איבער אַלע דערוואַרטונגען.

צוויי אָוונטן שפּעטער האָב איך עס געשפּילט.

און עטלעכע טעג שפּעטער האָט מיר וואַסיאַ איגנאַטאָוו צוגעטראָגן דעם גייעסטן נומער פון „זשורנאַל טעאַטראַ ליטעראַטורנאָ־כודאָזשעסט־ווענאָווא אָבשטשעסטוואַ“ (רעדאַקטאָר: ב. ס. גלאַגאָלין) און געזאָגט:

— נא, טי, טשאָרט, גיב אַ קוק און פּלאַץ פאַר פרייד.

אויף דעם מאַרגינעס פון זשורנאַל האָב איך דערזען אַ צייכענונג: „דער תלמיד פון ט־שול מנקר אין דער ראָלע פון אַלטן באַיאַן“.

ס'איז נאָך נישט אַלץ, לייענער, צו „אַלץ“ איז נאָך ווייט. דערווייל לאָמיך נאָר דערציילן, וואָס יאַנאָוו האָט געזאָגט:

— זעט איר, וואָס מיר האָבן אין קנאַפּע צוויי חדשים געמאַכט פון אַ ווילנער ייִדישן ייִנגל.

*

* *

די לערן־סיסטעם פון אונדזער שול האָט באַזירט אויפן פּרינציפּ, וועלכן דאַלמאַטאָוו האָט דערקלערט פאַרן פּירנדיקן: „מיניִמום טעאָריע, מאַקסימום — פּראַקטיק“ — אויפטרעטן, שפּילן, מאַכן פּיעסן, ראָלן — אין מינימאַלער צאָל פּראָבן, און דאָס האָט געבראַכט קאָלאָסאַלע רעזולטאַטן.

ס'איז נאָך נישט צייט, האַלטנדיק ביים ערשטן עטאַפּ פון מיינע פּראַקטישע שריט אויף די ברעטער, צו פאַרפירן אַ ברייטערע אָפּהאַנדלונג וועגן די מעלות און חסרונות פון דער אָדער יענער שיטה אין טעאַטער. אין די דיסקוסיעס זענען אַלע געווען און אַלע גערעכט אויף אַזוי ווייט, ווי אין יעדער דיסקוסיע וויל איין צד נישט פאַרשטיין דעם צד

שכנגד און זעט און פאַרשטייט און פּראָפּאַגירט נאָר זיין אמת, אויסשליסנדיק י ע ד ע ם אמת, און דאָ שטעקט שוין שקר, ווייל דער אמת איז צעשפּאָלטן, צעשפּליטערט, און ער שטעקט אין צוואָרפענע פונקען, קערנדלעך און זעמדעלעך — אומעטום.

די מאָדערנע, הייַנטיקע טעאַטער־פּאַכלייט זענען טיף איבערצייגט, אַז „אַמאָל" — איידער מען איז געקומען צו דעם איצטיקן אופן פון גרייטן אַ פאָרשטעלונג — איז אויף דער בינע אַלץ געווען „מינדערווערטיק"; זענען נישט געשאַפן געוואָרן קיין עכטע ווערטן פון גרויסער און טיפער קונסט.

האָבן זיי נעבעך אַ ביטערן טעות... זענען זיי נעבעך פאַרבלענדט און פאַרפירט דורך זייערע אייגענע אייַנגערעדטע אַנטדעקונגען פון די „אַמעריקעס", וועלכע האָבן עקזיסטירט, ווען זיי זענען נאָך אויף דער וועלט נישט געווען. מיר רעדן דאָ נישט וועגן אומגעלומפּערטע פאַרזעענישן פון הייַנטיקן טעאַטער, וואָס קומען פון שלעכט באַנומענע טעאָריעס און נאָך ערגער פאַרווירקלעכטער פּראַקטיק — וועגן דעם באריכות אַ סך שפּעטער.

די גוטע, פּאָזיטיווע אויפטוען אין הייַנטיקער טעאַטער־פּראַקטיק זענען אָפט ווערט געלויבט צו ווערן מיט פולער אָנערקענונג.

אָבער זיי זענען נישט בעסער און נישט העכער און נישט באַדייטנדיקער, ווי די לייסטונגען און דערגרייכונגען פון מיט 50 יאָר צוריק און נאָך פריער.

די טעכניק און טעכנאָלאָגיע איז הייַנט אַן אַנדערע — אמת! אָבער ווער זאָגט עס, אַז דאָס איז דער עיקר אין דער קונסט פון טעאַטער? און דער, וואָס מיינט אַזוי, איז אַ פּראָדוקט פון דעקאדאנס, פון ירידה אין טעאַטער.

טעאַטער איז געווען, איז און וועט זיין — דאָס שפּיל פון ציטערנדיקן מענטשן — זיין האַרץ, זיין געוויסן, זיין גייסט און זיין גוף.

אַנדערש ווערט אַלץ אַנטפּלעקט אין ספּעקטאַקל, וועלכן מען האָט געגרייט 3 חדשים (פאַרוואָס נישט 10?); אַנדערש — ווען דער ספּעקטאַקל איז אַ פּראָדוקט פון 3—5־טאָגיקער צוגרייטונג.

אַנדערש! אָבער באַין שום אופן נישט מינדערווערטיקער! נישט ערגער!

פון צווייטן לערניאָר האָבן מיר אין דער שול געאַרבעט אין צוויי ריכטונגען.

מיט איינער האָט אָנגעפירט אַרבאַטאָוו, מיט דער אַנדערער — דאַלמאַטאָוו. דאָס זענען געווען צוויי וועלטן, איינע האָט די צווייטע באַקעמפט, געוואָלט עוקר מן השורש זיין.

אַרבאַטאָוו האָט קולטיווירט ד י פּ י ע ס ע, דאָס געשפּילטע ווערק. ער האָט אונדז געלערנט אַריינדרינגען אין די הויכן, טיפענישן און ווייטקייטן פון מחבּרס כוונה, באַנעמען און ווערן דורכגענומען פון זיין סטיל, לעבן און ליידן און אַנטפּלעקן זיין וועלט.

מיר זענען דורכגעגאַנגען דורך 3—4—6 הדשימדיקע שטודירונגען פון אָסטראָווסקין, טשעכאָוון, טורגעניעוון, גאָרקין, שניצלערן. מיר פלעגן דיסקוטירן אָפט לאַנגע שעהן איבער איין זאַץ, אָפּשטיין טעג אויף איין סצענע. אַרבאַטאָוו האָט איינמאָל אויסגערופן מיין נאָמען און צוגעגעבן, אַז איך אָפּאָניר אים אָפטער און לענגער ווי אַנדערע, און דאָס געפעלט אים, דאָס דאַרף ער נעמלעך האָבן פון אונדז. אַרום האָט מען מיך שוין איראָניש באַצייכנט אַלס „דאָצענט פון סצענישער קונסט“ און באַשלאָסן, אַז פּראַקטיש וועל איך נישט קאָנען אַזוי אימפּאָנירן...

אַרבאַטאָוו איז געווען איינער פון די ערשטע, וואָס האָבן געהאָלפן סטאַניסלאַווסקין מיט נעמיראָוויטש-דאַנטשענקאָ אין זייערע ערשטע טריט ביים לייגן דעם פונדאַמענט פון זייער טעאַטער. זיין אמתער נאָמען איז געווען — אַרכיפּאָוו, און אין „אַרכיפּאָווקע“ — זיין גוט (נעבן מאָסקווע?) — זענען פאָרגעקומען אין א שפּייכלער די פּראָבן פון „צאַר פיאָדאָר“, מיט וועלכן דאָס טעאַטער האָט אָנגעהויבן זיין קיום.

פאַרוואָס אַרבאַטאָוו איז נישט געוואָרן פּראַקטיש טעטיק אין טעאַטער איז מיר נישט באַוווסט. אַ צען יאָר שפּעטער, ווען איך בין געקומען קיין פּעטערבורג, איז ער שוין געווען אַ רעזשיסער מיט אַ נאָמען און ברייטער דערפאַרונג. ער האָט שוין געהאַט געמאַכט אויפפירונגען ביי קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ און אַנדערע. זיין שיטה, זיין ריכטונג איז געווען, פאַרשטייט זיך, דורכויס נאַטוראַליסטיש — אין זין און ריכטונג פון מאָסקווער טעאַטער, און אונדז אין שול האָט ער געפירט, געלערנט, געהאָדעוועט אַזוי, ווי ער האָט עס געהאַלטן פאַר איינציק-ריכטיק, געוווּנטשן און דערלאָזבאַר.

דאַלמאַטאָוו האָט קורץ געמאָלדן, אַז אַן אַקטיאָר אויף דער בינע דאַרף קודם-כל קאָנען — גיין, שטיין, זיצן, פאַלן, אויפשטיין, הוסטן, לאַכן, וויינען און שווייגן... „וויל שווייגן הייסט — פילן און דענקען“ — פלעגט ער זאָגן.

די פּיעסע איז אַ שפּעטערדיקער ענין.

וואָס איז די פּעולה, אויב מיר וועלן דערגרונטשעווען דעם מחבר ביז זיין זיבעטער ריפּ און אויף דער בינע שטיין ווי אומבאַהאָלפענע יאָלדן אויף ראַכיטישע פיס!

האָט ער אונדז געלערנט באַהערשן די מלאכה!

און יעדן שבת אָוונט מאַכן אָפענע פאָרשטעלונגען פאַר אַן עולם פון פאַרבעטענע געסט לויט פּאַרקויפטע בילעטן... ס'פלעגן קומען אַ 200 צו־שויער, און מיר האָבן פאַר זיי געשפּילט טעאַטער.

איינמאָל קומט דאַלמאַטאָוו צו דער דריטער, אָדער פערטער פּראָבע פון פּיסעמסקיס „דער ביטערער מזל“ (די פּראָבן פלעגט אין זיין אָפּ־וועזנהייט פירן זיין געהילף — וולאַדייקין).

— וועמען שפּילט איר?

— אַנאַניען, וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש!

— און איר?

— דעם בורמיסטער.

— און איר?

— דעם פּריץ!

— פאַרבייט צווישן זיך די ראָלן.

וולאַדייקין האָט אויסגעגלאָצט די אויגן.

— גאָט איז מיט אייך, וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש. מיר אַרבעטן דאָך שוין 4 טעג. צום ספּעקטאַקל זענען פאַרבליבן צוויי... איר קוילעט דאָך אונדז אַוועק! זיי וועלן דאָך פאַלן אויף דער בינע ווי געסמטע פליגן. מ'עט דאָך זאָגן, אַז איך בין אַ קאַליקע, נישט קיין רעזשיסער, נישט קיין פּע־דאַגאָג.

— מ'עט זאָגן זייער טרעפלעך, וולאַדימיר מיכאַליטש, איר זייט נישט קיין פּעדאַגאָג און נישט קיין רעזשיסער. אָבער מיך קימערט מער, ווי אַזוי זיי וועלן פאַלנדיק אויף דער בינע, זיך אויפהייבן... דער טעקסט איז אַלעמען אין אויער פאַר 4 טעג פּראָבן, און לאָמיר זען, וואָס דאָ וועט אַרויסקומען. אין 2 יאָר אַרום וועלן זיי אַזוי מוזן אַרבעטן און שאַפן.

אַרבאַטאָוו האָט געלאַכט, זיך האַלטנדיק ביי די זייטן. אים האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס זענען ווילדע קאַפּריזן פון אַ האַלבן עובר־בטל.

אָבער גערעכט איז געווען דאַלמאַטאָוו, און זיין ריכטונג אין משך פון 2 יאָר האָט אונדז געגעבן זייער אַ סך אין פּראַקטישן לעבן און אויס־געשליפן אונדזער מייסטערשאַפט. און ס'האָט לחלוטין נישט געשטערט



י. ביעלאיעװ

אין דער אַרבעט מיט אַרבאַטאָוון אין די פּראָצעסן פון טיפן פילאָסאָפישן אַנאַליז איבער קלאַסיק.

די ערשטע ענטפלעכע פאָרשטעלונג ביי אַרבאַטאָוון איז געווען אָסטראָווסקי. אָבער, ווי געזאָגט, איז עס געווען אַ יאָר שפּעטער.

מיר האָבן נאָך וואָס צו דערציילן פאַרן ערשטן יאָר.

נאָך דעם געשעעניש מיטן „בלינדן באַיאַן" און מיין אָפּבילדונג אין זשורנאַל האָט זיך די סיטואַציע אַרום מיר אין גרונט געענדערט. אינגיכן איז פון שול פאַרשוווּנדן יאַנאָוו און ס'האָט געקאָנט זיך אָנהייבן „אַ לעבן ווי אַ לעקער".

אָבער נישט באַשערט געווען.

אַן עפּיזאָד האָט זיך אָפּגעשפּילט, ווען ס'איז אַרויס אַ קלאַנג, אַז די שול־פאָרט שפּילן פאַרן קייסער אין צאַרסקאָיע סעלאָ.

אַז מען זאָל מיך מיטנעמען האָט נישט געקאָנט זיין קיין רייד: איך זיץ אין פּעטערבורג, אַלס געזעל פון אַ שיך־קראָם אין ווילנע, כּדי איינצוקויפן סחורות. וואָס פאַר אַ שייכות האָב איך צו דער טעאַטער־שול? אַ קלאָרער שווינדל! כ'בין געווען דערשלאָגן ביז גאָר: חדשים זיך אָנגעלייטן, זוכה לגדולה געווען און ווידער — ירידה.

האָב איך אָנגעשריבן אַ בריוו צו בעליאַיעוון. דאָס איז געווען אַ באַוווּסטער טעאַטער־קריטיקער, אַ מיטאַרבעטער פון „נאָוואָיע־ווּרעמיא", וואָס האָט געשמט פאַר אַ ליבעראַל. מען האָט אים אין די פּראָגרעסיווע קרייזן גערופן:

„Старовременец из „Нового Времени"

באַצייכענענדיק אים אַלס... אַ „ווייסע קראָ", הייסט עס...

שפּעטער האָט ער אָנגעשריבן 2 פּאָפּולערע פּיעסן: „פּסישא" און „די דאַמע פון מאָרזשאָק".

כ'האָב אים אָנגעשריבן אַ בריוו, געלאָזט פאַרשטיין מיין האַרצווייטיק, געלאָזט וויסן, אַז מיר איז די סיטואַציע קלאָר און קיין וועג מיר צו העלפן איז נישטאָ. אָבער איך בעט, אַז אויב אַלע חברים וועט אויסקומען צו זיצן ביי אַ טיש און טרינקען טיי אָדער וויין, זאָל מען אַוועקשטעלן אַ ליידיקן שטול און מעלדן: „דאָס איז מנקרס אָרט"... בעליאַיעוו האָט מיך אַריינגערופן אין דירעקטאָרס קאַבינעט, געדריקט די האַנט און געזאָגט, אַז מיין בריוו האָט אים פּשוט איבערראַשט, אַז איך האָב פעיקייטן שריפטשטעלערישע, קוים קלענערע ווי אַקטיאָרישע, אַז מיין בריוו מוז ער פאַרעפנטלעכן, אַז ער בלייבט מיין בעל־חוב... אַז... אַז... אַז...

מער האָט ער זיך צו דעם קיינמאָל נישט אומגעקערט. און מער, ווי ווייט איך געדענק, האָב איך אין משך פון די ווייטערדיקע 2 יאָר מיט אים נישט אויסגערעדט קיין 2 ווערטער, קיין איין וואָרט.

אַרום 1־טן דעצעמבער בין איך אַוועקגעפאָרן זיך מעלדן צו מיליטער־דינסט. „שטיין צום פריזיוו", האָט זיך עס גערופן. כ'בין אין מערץ אַלט געוואָרן 21 יאָר. לויטן געזעץ, זייענדיק אַן איינציק קינד, איז מיר געקומען די „ערשטע לגאָטע" און דאָס איז געווען אַ פּראַגע פון קורצע עטלעכע טעג דורכצופירן פאָרמעל די גאַנצע פּראָצעדור און ווערן באַפרייט.

האָבן טאַטע־מאמע אין זייער פשטות פּאַרדרייט אַ ספרענזשינע, וואָס האָט געדויערט אַ וואָך 3.

מיר וועלן נאָך קומען דערצו.

אין דער שול איז געוואָרן איבערגעחזרט דער אָוונט, דעם „אַלטן באַיאַן" האָט געשפּילט מישאַ טשעכאָוו (שפּעטער אַ באַרימטער שוישפּילער, וואָס האָט אין די 20־ער יאָרן, אין מאָסקווע ממש געקיניגט). ער האָט מיר אָנגעשריבן קיין ווילנע אַ בריוו, אַז ס'האָט זיך ביי אים „נישט באַקומען", און אַז די מאָזאַאיק וועט געשפּילט ווערן אין „מאַלי"־טעאַטער.

כ'בין געקומען קיין פּעטערבורג. אין אַ וואָך אַרום איז דער גאַנצער ספּעקטאַקל באַוויזן געוואָרן און „מאַלי"־טעאַטער. דעם „אַלטן" האָט געשפּילט טשעכאָוו.

איך בין געווען באַטייליקט אין אַ מאַסן־סצענע אַלס איינער פון די עטלעכע סאָלדאַטן, וועלכע ווערן אַראָפּגעשאָסן פון פעסטונג און פאַלן אַריין אין אַ טיפן גראָבן. די בינע איז געווען אויסגעבעט מיט מאַטראַצן, אַז מיר זאָלן, פאַלנדיק, נישט געניזוקט ווערן.

אויף די מאַטראַצן זענען מיר געלעגן אַ מינוט 20 און איך האָב שטיל געזאָגט צו קורזשנירן:

— אַ רוח אויף זיי! וואָלטן זיי געלאָזט דאָ ליגן ביז טאָג. ס'איז שוין נאָך 12, כ'קאָן דאָך נישט אַריינגיין אין טויער, דער שומר וועט מיך נישט אַריינלאָזן. ער ווייסט דאָך נישט, אַז איך וווין דאָרט. כ'בין דאָך נישט געמאָלדן.

קורזשניר איז אַוועק מיט מיר צוזאַמען.

עס האָט געברענט אַ פּעטערבורגער דעצעמבער־פראָסט. אַ פרישער שניי האָט געקנאַקט אונטער די פיס. ביים טויער אויף סאַדאָווע 32 איז

געזעסן, איינגעהילט אין אַ ריזיקן בערן־פּעלץ, דער סטאָראָזש און גע־דרימלט. אפשר פּרוּוון זיך אַדורכגליטשן?

— וואַרט — זאָגט קורזשניר — עי, מאָלאָדיעץ — שרייט ער פון צווייטן טראָטואַר צום דרימלדיקן שומר — האָסטו נישט אַמאָל אַ שווע־בעלע? דערלאַנג אַהער, וועסטו קריגן אַ פּאַפּיראָס.

ס'האָט געווירקט. דער יונג — אַ יאָר 26 — איז אַוועק צו קורזשנירן נאָכן פּאַפּיראָס. איך האָב זיך אַריינבאַקומען אין טויער אַריין.

דאָס לערניאָר אין שול האָב איך נישט פאַרענדיקט: אַוועקגעפאָרן קיין יוריעוו, האַלטן עקזאַמען אויף „אַפּטייקער־געהילף“.



„שעכעראַזאַדאַ“ פון פירשט קאָסאַטקין — ראָסטאָווסקי אויף דער שול־בינע. פון רעכטס: בערטעלס, פלאָטניקאָוו, קורזלער, סטודענצאָוו, זוכאַטשאָווא, (שעכאַראַזאַדאַ) באָראָניבין, מנקר, סטערקאָווסקי.

# III. פאַרמאַקאָגנאָזיע

**זייער אַ לוסטיק קאַפּיטל.**

האָבנדיק אין פרילינג 1905 באַקומען אין פערנאָוו אַן אַטעסטאַט פון 4 קלאַסן, האָב איך זיך צוגעשריבן אין ווילנע צו אַן אַפּטייק (שירווינטס־דייטשע גאַס). אַ פּאָר וואָכן געוואַשן פלעשלעך, געשריבן רעצעפּטן, געריבן קריימעכער, געוועזן, בקיצור הדבר — „פאַרמאַצעווט“.

אָבער ביי דעם פאַך נישט פאַרבליבן לענגער ווי אַמאָל ביי דער קאָמערציע; אַוועקגעפאָרן — קיין אָדעס, קיין אויסלאַנד, קיין פעטערבורג.

איצט האָט זיך געענדיקט דער טערמין פון „אַפּטייקער־שילער“, געהאַט ווערן שוין „אַפּטייקער־געהילף“ און דאָס האָט געהייסן: קריגן פּראָוויזשיטעלסטוואָ“... איין קלייניקייט!

בין איך אַוועקגעפאָרן קיין יוריעוו זיך גרייטן צום עקזאַמען.

אפשר געדענקט נאָך דער לייענער מיין שוידער פאַר באָטאַניק?

דאָ האָב איך צו טאָן מיט פאַרמאַקאָלאָגיע, פאַרמאַקאָגנאָזיע א ו ן באָטאַניק.

ביים דאָצענט סקוואָרצאָוו — אויב מיין זכרון פאַרפירט מיך נישט — האָב איך צוזאַמען מיט אַ גרופּע פאַרמאַצעווטן אָנגעהויבן קנעלן, זיך גרייטן און נאָך אַ וואָך דריי באַשלאָסן: „לא — מיט אַן אלף“.

ס'וועט ביי מיר גאָר נישט אַרויסקומען! ס'קריכט נישט אין קאָפּ אַריין! און אויסער דעם איז עס סתם — מיאוס: קריכן איבער דער שוועל פון אַלטן אוניווערסיטעט מיטן ליגן... כ'בין דאָך נ י ש ט קיין פאַרמאַצעווט!

האָב איך באַשלאָסן, אַז איך האַרף אָנשרייבן אַ בריוו צום פּראָפעסאָר קאַנדאַקאָוו, וועלכער וועט אונדז עקזאַמינירן, ערלעד אים דערציילן וועגן וואָס עס גייט און זאָל ער באַשליסן! אפשר וועט ער אַרויסהעלפן?

מיין קוזין, קאָליע גענס (אין קאַפּיטל „ערשטע אויסוואַנדערונגען“ האָב איך דעם לייענער באַקענט מיט דער משפּחה), דערהערנדיק מיין באַשלוס, האָט מיך שיער נישט דערשטיקט.

— ביסט אַ משוגענער און אַ געפערלעכער פאַנטאַזיאָר. קאָנדאַקאָוו איז אַ יודאָפאָב, אַ שוואַרצמאַהניק, ער וועט די גאַנצע גרופּע אויפן עקזאַמען דורכוואַרפן, גיסט אים די מעגלעכקייט צו זאָגן, אַז די גאַנצע מעשה „פאַרמאַציע“ ביי די יידן איז אַ שווינדל. אָט איז אַ ווידוי פון איינעם פון דעם געזינדל.

כ'האָב מיין כוונה צוריקגעצויגן און מיט אַלע פּעדים פון האַרצן מיך גענומען גרייטן... אָבער — נישט פון אָרט.

האָב איך מיין בריוו אָנגעשריבן און אָפּגעשיקט — סקוואָרצאָוו.

אַ טאָג־צוויי שפּעטער נאָכן אָפּשיקן מיין בריוו האָט מיך סקוואָרצאָוו נאָך דער לעקציע געבעטן נישט אַוועקגיין, און אַז מיר זענען פאַרבליבן אַליין האָט ער מיר געזאָגט, אַז מיין בריוו האָט ער באַקומען און ער פאַרשטייט נישט מיין אומרואיקייט און ספקות. אויסצוהאַלטן דעם עקזאַמען האָב איך לויט זיין מיינונג נישט ווייניקער שאַנסן — אפשר נאָך מער — ווי יעדער אייגער אין דער גרופּע פאַרמאַצעווטן, וועלכע גרייטן זיך ביי אים. ער האָט באַטאָנט, אַז די אַלגעמיינע אַנטוויקלונג האָט דערביי אַ גרויסע באַדייטונג און אַז פאַר קאָנדאַקאָוו איז אַ גרויסע מעלה מיין אויסגעצייכנט רוסיש. דאָס קאָן דעצידירן — האָט סקוואָרצאָוו קאַטעגאָריש פאַרענדיקט און נאָך אַ קורצער פּויזע צוגעגעבן:

— וואָס שייך אייערע ספקות וועגן רעכט זיך צו עקזאַמינירן, איז עס שוין גאָר אומבאַגרינדעט און נישט פאַרשטענדלעך... וועמען גייט עס אָן מיט וואָס איר וועט זיך פאַרנעמען, האָבנדיק דעם דיפּלאָם? דאָס איז אייער פּערזענלעכע זאַך. דעם דיפּלאָם קריגט איר אויפן סמך פון אייער פאַרמאַצעווטישער אַרבעט ביז היינט. אויב איר וועט מאָרגן זיין אַ פאַרמאַצעווט? — וועמען גייט עס אָן? וועמען אַרט עס?

כ'האָב זיך געשטעלט צום עקזאַמען.

די נאַכט פאַרן עקזאַמען איז די גאַנצע חברה אַוועק אין אוניווערסיטעט, געגעבן דעם שומר עטלעכע רובל און ער האָט אַלעמען אַריינגעלאָזן אין קאָנדאַקאָווס לאַבאָראַטאָריע דורכקוקן די אַלע געוויקסן Radix althae, rhei, ipecucuane א.א., וועלכע אויפן עקזאַמען וועט מען דאַרפן אָנרופן. די מעשה איז וואָס זיי ליגן אין לאַבאָראַטאָריע אַ יאָר 30 און האָבן פאַרלוירן זייערע נאַטירלעכע געשטאַלטן — אָפּגעבלאַנקט,

אויסגעטריקנט, דעפּאָרמירט. פּראַקטישע פאַרמאַצעווטן! האָבן צו טאָן מיט דעם אַלעמען אין פרישן צושטאַנד. דאָ וועלן זיי גאָרנישט דערקענען. און מען איז אַריין בגנבה אין לאַבאָראַטאָריע זיך באַקענען כדי נישט געשפּרויבלט צו ווערן. איך בין אויך אַריין און שטודירט די קרייטעכער, אָבער פרעגט מיך בחרם, ווי אַזוי זיי זעען אויס פרישע, שפּאָגלנייע. און מיר איז קיין חילוק נישט געווען, וואָס זיי זעען דאָ אַנדערש אויס, אָבער נישט אָפּגעשטאַנען, באַצאָלט מיין חלק פאַרן שומר.

דער עקזאַמען איז אַוועק פון ערשטן אויגנבליק מיט הצלחה. כ'האָב אַרויסגעצויגן אַ בילעט „בינין“, און דאָס איז אַ באַשרייבונג וועגן דער עקספּעדיציע, וואָס האָט „בינין“ אַנטדעקט. כ'האָב גענומען הויך און דייטלעך רעדן וועגן דער עקספּעדיציע. קאַנדאַקאָוו איז געווען שטאַרק טויב, פלעגט זיך צוהערן צו די פאַרמאַצעווטן מיט אַן אויסגעקרומטן פּנים, זאָגן: „העכער“, „דייטלעכער“, האָט ער זיך, ווי יעדער בעל־מום, געשטערט.

אויף מיר האָט ער פון דער ערשטער מינוט אויפגעהויבן אַ פּאָר לוסטיקע, צופרידענע, פריינדלעכע אויגן, אַראָפּגענומען די האַנט פון אויער, צוגעשאָקלט באַשטעטיקנדיק מיטן קאָפּ און כ'האָב דערהערט:

— „אָטליטשנאָ“.

און מיט אַ ליבן שמייכל:

— ברענגט מיר פון דאָרטן „ראַדיקס אַלטיי“.

כ'בין אַוועק... לאַנג זיך נישט באַשלאָסן וועלכן קרייטעך צו נעמען. אָנגעכאַפּט איינעם און זיך אויסגעדרייט צום טויבן גזלן מיינעם. ער שאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ. איך טראָג אים צו מיין וואָרצל.

— אָטליטשנאָ — זאָגט ער.

— נעמט פון טיש אַ רעצעפּט.

— לייענט.

כ'האָב אָפּדעקלאַמירט דעם רעצעפּט, מיט אַ דיקציע, וואָס וואָלט געטויגט פאַר „מארקיז פּאָזאַ“ אָדער „גראַף לייטשעסטער“.

— זייער גוט.

כ'האָב מיך צעשטראַלט. מיין עקזאַמען איז פאַרענדיקט.

— דעם רעצעפּט קאָן מען נעמען און צוגרייטן? דערהער איך אומ=

דערוואַרט, און ס'ווערט מיר פינצטער אין די אויגן, ווייל... איך ווייס נישט.

אָבער, משמיינס געזאָגט, וויבאַלד ער פרעגט, מסתמא קאָן מען דעם רעצעפּט ג י ש ט אָננעמען.

— אײדער מען לאָזט גרייטן דעם רעצעפּט, זאָג איך: מוז מען זיך פאַרשטענדיקן מיטן דאָקטאָר.

— זייער ריכטיק, הער איך; און מיין תליון שאָקלט צופרידן מיטן קאָפּ...

— פאַרוואָס? — פרעגט ער, דער צורר.

—אײדער מען האָט זיך נישט פאַרשטענדיקט מיטן דאָקטאָר טאָר מען דעם רעצעפּט בשום אופן נישט לאָזן גרייטן.

— בראַוואָ, זאָגט קאָנהאַקאָוו אין התפעלות פון מיין דיקציע. פאַר־וואָס טאָר מען נישט?

— מען מוז טעלעפאָניש אָדער פערזענלעך זיך פאַרבינדן מיטן דאָקטאָר און ערשט דאַן, האָבנדיק אויפגעקלערט זיין ענטפער, לאָזן דעם רעצעפּט אין דער אַרבעט אַריין.

— פאַר וואָס טאָר מען דעם רעצעפּט נישט לאָזן אויספאַרטיקן? וואָס פעלט?

געפעלט האָט, ווי איך האָב זיך דערוווסט פון אַ פאַרמאַצעווטקע, וועלכע האָט שפּעטער געהאַט צו טאָן מיטן זעלביקן רעצעפּט — געפעלט האָט די אָנווייזונג פון דער געגנויער דאָזירונג: ווי אָפט זאָל דער פּאַציענט די מעדיצין בעמען?... אָבער איך האָב אין מיין פאַרמאַצעווטישער רונ־דער עם־הארצות קיין מינדסטע אַנונג נישט געהאַט וואָס דאַרטן פעלט, און, דערזעענדיק פאַר זיך דעם טיפן אָפּגרונט פון דורכפאַל, האָב איך זיך, געדענקענדיק, אַז מיין צורר איז טויב ווי די וואַנט, געלאָזט אויף אַ גליטשיקן וועג: כ'האָב אָנגעהויבן געדיכט באַוועגן מיט די ליפּן כמו רעדנדיק מיט אַ זיכערן טאָן...

פּראָפעסאָר קאָנדאַקאָוו האָט צופרידן געשאָקלט מיטן קאָפּ, משמעות, נאָך אונטערן איינדרוק פון מיין עפּעקטפולן „מאָנאָלאָג“ וועגן דער עקס־פּעדיציע, וועלכע האָט דערפינדן כינין און מיטאַמאָל הער איך:

— זייער שיין. איר קאָנט אייך גיין געזונטערהייט.

כ'האָב, הייסט עס, „אויסגעהאַלטן“ דעם עקזאַמען...

כ'בין אַרויס פון לאַבאָראַטאָריע, אַראָפּ פון די טרעפּ, אַרויס אויף דער גאַס —

האָב איך פֿון הייַנט אָן, הייסט עס, — „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“?

אַזוי האָב איך געמיינט, און די זון האָט מיר אָנגעהויבן שייַנען מיט מער ליכט, אירע שטראַלן — וואַרעמען מיט מער וואַרעמקייט, נייַע האָפֿענונגען האָבן אָנגעפֿילט מייַן האַרץ.

אַזוי בין איך אַ צעשטראַלטער אַוועקגעפֿאָרן קיין ווילנע, וווּ עס האָבן געהאַט זיך אָנגעהויבן מיט עטלעכע טעג פֿריער — דאַלמאַטאָווס גאַסטראָלן, אָבער דאָס האָט שוין מיטן קאַפּיטל „פֿאַרמאַקאָגנאָזיע“ לחלוטין גאָרנישט צו טאָן.

# IV. איזוואָשטשיק נומער איינס

אין ווילנע, אין בנין פון „זומער=טעאַטער“, האָט דעם זומער 1908 „געהאַלטן“ — מיר קענען שוין פון לאַנג דעם אויסדרוק: „האַלטן דעם סעזאָן“ — סטראָיעוו, אַן אונטערנעמער מיט אַ רעפּוטאַציע פון אַ סאָלידן טעאַטער=טוער, וועלכער האָט געפירט סעזאָנען אין גרויסע שטעט, מערסטנס אין טיף=רוסלאַנד.

ער האָט געבראַכט קיין ווילנע אַ טרופּע מיט רוטינירטע באַגאַבטע שוישפּילער, אָבער דער עיקר איז געווען אָנגעצייכנט אַ רייִ גאַסטראָלן פון ערשטראַנגיקע, טאַקע באמת — גדולים: דאַלמאַטאָוו, סאַווינאַ, פּיעטראָווסקי — פון פּעטערבורג; יוזשין (קניאַז סומבאַטאָוו, אַ באַרימטער הראַמאַטורג) — פון מאָסקווע; שפּעטער דאַלסקי...

בעת דאַלמאַטאָוו האָט זיינע גאַסטשפּילן אָנגעהויבן, בין איך נאָך געווען, ווי שוין דערציילט, אין יוריעוו און געשוויצט איבער מיין פאַרמאַקאָגאָזיע. תיכף נאָכן געלונגענעם עקזאַמען אָנגעשריבן צו אים אַ בריוו, דערציילט וועגן מיין גרויסן גליק, געקריגן פון אים אַ תשובה מיט אַ באַגריסונג... דאָס איז געווען דער ערשטער פון אַ צענדליק, לערך, בריוו, וואָס כ'האָב פון אים באַקומען שפּעטער.

האָבנדיק באַקומען דעם דיפּלאָם פון אימפּעראַטאָרישן יוריעווער אוניווערסיטעט, לויט וועלכן מיר איז „לויטן באַפעל פון זיין קייסערלעכן מאַיעסטעט ניקאָלאַי II, דעם אימפּעראַטאָר און זעלבסטהערשער פון רוסלאַנד, צאַר פון פוילן, גרויספירשט פון פינלאַנד, עט צעטעראַ, עט צעטעראַ, עט צעטעראַ“ — צוגעטיילט געוואָרן דער טיטול פון „אַפּטייקער=געהילף“, בין איך כהרף עין אַוועקגעפלויגן קיין ווילנע כדי ביייווינען דאַלמאַטאָווס גאַסטשפּילן.

כ'האָב באַזוכט אַלע פאָרשטעלונגען: „קרעטשינסקיס חתונה“, „די ווילדע געלטער“, „טרילבי“, „דעם פאָטער“ און יושקעוויטשעס „דער קיניג“, אין וועלכן ס'האָט אויך געשפּילט — סאַווינאַ. כ'קאָן מיר נישט

אָפּגעבן קיין קלאָרן חשבון פאַרוואָס איך געדענק סאַווינאַ — נאָר אין „קיניג". געשפּילט האָט זי אַן אָרעמע, דערשלאָגענע יידענע און אין איין סצענע — זי קומט מיט טענות צום קרוב דעם עושר פאַרוואָס ער האָט באַוולהט איר טאָכטער, איר „מאַניטשקען" — האָט זי ממש עלעקטריזירט דעם עולם... דאַלמאַטאָוו האָט מיט זיין „קיניג" פאַרטונקלט — דאַווידאָוון, וועלכן כ'האָב די ראָלע געזען שפּילן ווינטער אין „מיכאַילאָווסקי"-טעאַטער ווען יושקעוויטשעס שטיק איז געשפּילט געוואָרן איין מאָל פאַר עפּעס אַ וווילטעטיקן צוועק, ווייל אין „אַלעקסאַנדרינסקי"-טעאַטער האָט מען עס נישט דערלויבט. דער יידישער מחבר*, וואָס האָט זיך ספּעציאַליזירט אויף ספּעציפיש-יידישע מאָטיוון איז, מסתמא, געווען די עיקרדיקע סיבה פון פאַרבאָט. אויסער דעם איז אין „קיניג", אין דער רייכער גאַלעריע טיפּן פון דער דעגענערירטער קלייןבירגערלעכער סביבה, געווען איין געשטאַלט פון אַ געזונטן יונגן דאָקטאָר — אַ סאָציאַל-דעמאָקראַט. דאָס האָט, משמעות, גורם געווען, אַז „דער קיניג" זאָל נישט קאָנען אַריינגענומען ווערן אין רעפּערטואַר פון „אַלעקסאַנדרינסקי"-טעאַטער... אין דער אויפפירונג אויף דער בינע פון „מיכאַילאָווסקי", ווו דאָס שטיק, ווי געזאָגט, איז געשפּילט געוואָרן איינמאָל, איז דער סאָציאַל-דעמאָקראַטישער דאָקטאָר דורך דער צענזור געוואָרן אַזוי צעקאַליעטשעט, — אַרומגעהובלט און פאַרשטיקט, — אַז אויף דער בינע האָט זיך אַרומגעדרייט אַ פאַרשוין, פון וועלכן דעם צושויער איז געוואָרן קלאָר אַז... ערגעץ איז פאַראַן אַ צענזור, אָבער ווו איז ד אָ יושקעוויטש און וואָס וויל אָט-דער „דאָקטאָר", איז געווען אַ שאלה אָן אַ תשובה...

אין ווילנע האָט דער ספּעקטאַקל געמאַכט אַ סך אַ שטאַרקערן איינדרוק. עס דוכט מיר, אַז פון „סאָציאַל-דעמאָקראַטישן" טעקסט איז דאָ געבליבן עפּעס אַרויסצוראַטעווען; באַטייליקט האָבן זיך אין דער פאָרשטעלונג אַלע דריי געסט פון פּעטערבורג: סאַווינאַ, דאַלמאַטאָוו און פּיעטראָווסקי.

איך האָב מאָביליזירט די סטודענטן, וואָס האָבן געלערנט אין סוואָרינס שול און געוווינט אין ווילנע און מיר האָבן דאַלמאַטאָוון יענעם אָוונט דערלאַנגט אַ גרויסן לאָרבער-קראַנץ מיט זיידענע סטענגעס. אויף איינער פון זיי איז געווען אויסגערעכנט אַלע ראָלן, וואָס ער האָט געשפּילט

* למען האמת מוז באַטאָנט ווערן, אַז אין „אַלעקסאַנדרינסקי" איז געשפּילט געוואָרן דוד אייזמאַנס פּיעסע: „די ווייבער".

פאַרן חודש פון זיינע גאַסטשפּילן; אויף אַ צווייטער עפּעס כמו: „עס קרעפּטיקט זיך דער גלויבן אין דער גדלות פון מענטשגעשטאַלט, עס פאַרטיפט זיך דער חשק צו לעבן און שאַפן... אַ לויב אייך, אַ דאַנק אויף די קני“...

אויפן עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דאָס טעאַטער און אויך צווישן די אַקטיאָרן האָט די „מאַניפעסטאַציע“ געמאַכט אַ רושם, ווייל אַ קראַנץ עמעצן — אַפילו דאַלמאַטאָוון — אין דער פאָרשטעלונג, וו ס'איז באַטייליקט סאַווינאַ“ — דאָס איז נישט געהערט געוואָרן נישט ביז דעם פאַל, נישט נאָך אים.

ס'איז, אמת, געווען דאָס ל ע צ ט ע גאַסטשפּיל, אָבער נישט דאַלמאַטאָווס אַליין, נייערט פון אַ ל ע פּעטערבורגער געסט. און דערצו, אויב כ'האָב קיין טעות נישט, איז עס געווען סאַווינאַס „בענעפיס“...

און ווי קאָמיש דאָס וועט נישט קלינגען, מוז איך זאָגן, אַז די מעשה האָט זיך אָפּגערופן אַ יאָר זיבן שפּעטער אויף מיין רוקן, אָבער לאָמיר נישט פאַרלויפן פאָרויס.

אין „קיניג“ איז צו פאַרנאָטירן נאָך אן עפּיזאָד, וואָס גייט אַרויס ווייט איבערן דורכשניט פון לויפנדיקע עניני־דיומא.

יענעם אָוונט האָט אויפגעשיינט אַ שטערנדל, וועמען ס'איז שפּעטער באַשערט געווען צו לויכטן איבער דער גאַנצער וועלט —

וו י ק ט אָ ר כ ע נ ק י ן — דער שפּעטער באַרימטער אויפירער פון קאָלאָריטרייכן לידער־פּראָגראַם — האָט אין יענעם ספּעקטאַקל געשפּילט די ראָל פון אַ „יונגן שניידערל“, און זיין סצענע בעתן שטרייק האָט אַרויסגערופן אַ שטורעמדיקע אָוואַציע אין זאַל און האָט אים תיכף געזיכערט אַן אַנגאַזשעמענט קיין פּעטערבורג צום פאָרשטייענדיקן ווינטער־סעזאָן, וו קראַסאָוו, אַ באַקאַנטער אונטערנעמער און רעזשיסער, האָט צוזאַמענגעשטעלט אַ פּערסאָנאַל צו שפּילן „די שוואַרצע קראָען“... — וו. וו. פּראָטאָפּאָפּאָוום.

כענקין האָט זיך דערוווסט, אַז אין ווילנע געפינט זיך אַן אָנפאַנגער, דאַלמאַטאָווס אַ תלמיד. גאָפּענקאָ (וועלכן דער לייענער קען פון אונדזער ערשטן טייל), האָט געשפּילט יענעם זומער ביי סטראָיעוון און האָט כענקינען וועגן מיר, מסתמא, דערציילט, און איך מיין, אַז אונטערן איינדרוק וועגן אַלעם דעם, וואָס כ'האָב „דורכגעמאַכט“ — אין אָדעס, אין פּעטערבורג און לעצטנס דעם עקזאַמען צוליב פּראַוואָזשיטעלסטוואָ — האָט כענקינען, דעמלט קוים אַלט 20 יאָר, באַוויגן מיט מיר זיך צו טרעפן, כדי צו

הערן עפּעס וועגן דעם, וואָס אים האָט דעמלט געמוזט טיף אינטערעסירן
און אויפרודערן: ער האָט געזאָלט פאָרן קיין פּעטערבורג און קיין וויי=
רעכט נישט געהאַט...
איך געדענק, ווי מיר האָבן זיך צוויי מאָל געטראָפן אין די גרינע
אַלעען נעבן ווילנער „זומער=טעאַטער", זיין צעשמייכלט פּנים, זיינע בליק:
צו מיר געווענדט און מיין נישט אויפנעמען זיין שטומען פרעגנדיקן זיפץ:
„וואָס זשע טוט מען?"
אין פּעטערבורג האָב איך אים מער נישט געטראָפן, אָבער דערוווּסט
זיך, אַז די שווערע שאלה איז לייכט געוואָרן פאַרענטפערט: „ער האָט
פּראַוואָזשיטעלסטוואָ"...
געטראָפן האָב איך זיך מיט אים אין 20 יאָר אַרום אין ניו=יאָרק,
ווען איך בין געווען — אין אַ געוויסער מאָס — אַ „פּערסאָנאַ גראַטאַ"
ביי מאָרים שוואַרץ, און ער איז אין בנין פון „יידישן קונסט=טעאַטער"
אויפגעטראָטן מיט זיינע קאָנצערטן און האָט פון ערשטן אָטעמצוג דער=
וואָרבן דעם עולם...
וויקטאָר כעניקין האָט זיך געבאָדן אין אַלע שטראַלן פון „עולם הזה",
וועלכע אַן אַרטיסט מיט אַזאַ טאַלאַנט האַרף האָבן: ער איז געווען אַן
עושר, געהאַט אַן אייגנטום אין פראַנקרייך.
איך — זייענדיק אויך אַ „מפורסם" — האָב געשלונגען די זעלביקע
נישט אויסגעוויינטע טרערן, מיט וועלכע כ'האָב זיך געזעגנט מיטן פאָטער
אויפן שוועל פון דער היים — פאַרן אַוועקפאָרן — „אַהין" אין 1907...
יענע, אַלע אַנדערע, זענען געוואָרן —אַרטיסטן — בכל נפשי=
הם; איך האָב נישט אויפגעהערט צו זיין דעם „ראש ישיבהס אייניקל"
און אַלץ אין מיר, מיט מיר, אַרום מיר און פאַר מיר — איז געווען גע=
שפּאָלטן אויף העלפט...
געדענק איך, ווי וויקטאָר כעניקין האָט אין ניו=יאָרק 1928 געקוקט
אויף מיר... (געזען האָט ער מיך אין גאָרדינס „גאָט, מענטש און
טייוול" — ווו כ'האָב געשפּילט „כאַצקל הראַכמע", און דער אַקט=
יאָר האָט נישט געקאָנט באַרעכטיקן דאָס, וואָס ער האָט 1908 געהערט
וועגן אָנפאַנגער — פון גאָפּענקאָ און פון דאַלמאַטאָוון...).
ער האָט געקוקט, וויקטאָר כעניקין, אין ניו=יאָרק... איך האָב ווידער
געזען זיין ליבן, קלוגן שמייכל, אָבער אין זיין בליק האָט שוין געשפּילט
נישט קיין שאלה צו מיר, ווי מיט 20 יאָר צוריק, נייערט אַ תשובה...
„איך בין געווען גערעכט" — האָט געזאָגט זיין בליק: דער חילוק צווישן

די רעזולטאַטן נאָך אונדזער 20־יאָריקן וועג לאָזט נישט איבער קיין ספֿקות, אַז נאָר אַ ז ו י האָט מען געזאָלט לעבן און האַנדלען...

הײַנט איז ער שוין אַ שוכן עפֿר, און איך האָב נאָך נישט פֿאַרענדיקט מײַן שוין העכער 50־יעריקן וואַנדער־וועג, אָבער, אַז איך האָב געזאָלט לעבן און האַנדלען ווי ע ר, מיין איך אויך נישט הײַנט, ווי כ'האָב עס נישט געמיינט אין 1908 און אין 1928...

אין יענעם זומער 1908, האָבנדיק באַקומען אין האַנט אַרײַן דעם דיפּלאָם פֿון יוריעווער אוניווערסיטעט, האָב איך געהאַלטן, געמיינט, נישט געצווייפֿלט, אַז איך בין ענדגילטיק און אויף אַלע מאָל אַרײַן אין אומקרײַז פֿון מײַן לעבנס־גליק:... דאַלמאַטאָווס שילער בין איך, „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“ (אמת: אויסער מאָסקווע און די געביטן פֿון דאָן, אָבער דאָס איז שוין אַ פּרט, בכלל זשע איז „די וועלט“ — מײַנע) — האָב איך. וואָס פֿעלט מיר? ס'האָרץ האָט דערפֿילט, אַז איצט האָרף איך אָפּצאָלן אַ חוב דער מ ש פּ ח ה.

פֿאָטער־מוטער זענען געווען צופֿרידן, זענענדיק, אַז עפּעס הייבט אָן ווערן „תּכליתדיק“.

אַן עפּיזאָד, אין גרונט אַן אומבאַדײַטנדיקער, האָט דאָ געהאַט זייער אַ גרויסן אײַנפֿלוס אויף דער פּסיכיק פֿון די אַרומיקע און שטאַרק געווירקט אויף דער מוטער —

די דראָזשקע נומער 1.

אין ווילנע האָבן זיך יענע יאָרן — געגויער וועלכן יאָר געדענק איך נישט — אָנגעהויבן באַווײַזן דראָזשקעס אויף גומענע רעדער. דורכשניטלעכע מענטשן האָבן געזען אין דעם בלויז אַ „לוקסוס“. אין דער אמתן איז עס געווען אַ וויכטיקער פּרט אין פּראָצעס פֿון נאָרמאַליזירן די גאַסן־באַוועגונג: לינדערן דאָס געטומל...

צווישן די — מסתּמא, עטלעכע צענדליק — פֿורלײַט אויף גומענע רעדער האָט זיך באַוויזן איינער פֿון גאָר אַ באַזונדערן מין: די רעדער נישט נאָר — גומענע, נאָר אָנגעבלאָזענע, דרײַפֿאַכיק גרעבערע ווי אַנדערע: אַ געשפּאַן פֿון גלאַנצנדיקן לעדער. דאָס פֿערד — אַ ראַסאָווע, אויף הויכע, שלאַנקע פֿיס, מיט אַן אויסגעבויגענעם האַלדז און אַ זאָרגפֿעליק פֿאַרקעמטער גריווע. אליין האָט דער פֿורמאַן — „איזוואָשטשיק“ האָט עס געהייסן אין רוסיש — אויסגעזען ווי אַ „גראַף פּאָטאָצקי“ אָדער „פֿירשט ראַדזיוויל“ וואָלט געזעסן אויף די קאָזלעס.

צו דעם אַלעם מוז נאָך ווערן צוגעגעבן — דער לייענער ווייס דאָך,

מן הסתם, מוחל זיין, וואָס מיר האָבן אים אַוועקגעפירט פון אונדזערע דערהויבענע ענינים צו אַזעלכע קליינקייטן — אַז דער דאָזיקער איזוואָשטשיק מיט אַ ברייטער, אויף צוויי חלקים צעקעמטער שיינער רוסישער קאַשטאַנען־רויטלעכער באָרד און מיטן ציפער „1“ אויף זיין דראָזשקע, פלעגט „אבי־וועמען“ נישט פירן...

ס'האָט אַמאָל פּאַסירט — ווען די קראָם איז נאָך געווען אויף „גלעזער־גאַס“ — אַז מיר זענען מיטן פאָטער אין אָוונט אַרויס אויף דער „ברייטער“ גאַס און דער פאָטער האָט געוואָלט מיך מהנה זיין: מיט „אַן איזוואָזטשיק“ פאָרן אויף שאָפּען־גאַס... און דער ערשטער איזוואָזטשיק, צו וועלכן דער פאָטער האָט זיך געוואָנדן, קורץ זאָגנדיק: „אויף שאָפּענאָווסקע, 10 קאָפּיקעס“ (אַזויפיל האָט געקאָסט די נסיעה אַהיים פון קראָם) — האָט שטרענג געענטפערט:

— **По еврейски не понимаю и евреев не везу.** *

דער פאָטער האָט אים קורץ אָפּגעענטפערט אויף רוסיש:

— פאָר צו אַלדי רוחות און ברעך האַלדז און נאַקן אויפן ערשטן ראָג!

אָבער דער „נומער איינס“ האָט אַפילו נישט אַ קוק געטאָן אין דער ריכטונג פון זיינע באַליידיקטע באַליידיקער.

מאַכט זיך אַ ויהי היום, אַז די דראָזשקע נומ. 1 מיטן פירשטלעכן ברייטבאָרדיקן איזוואָשטשיק פאָרט אריין אין פולן גלאַנץ און גדלות אויף שאָפּענאָווסקע און שטעלט זיך אָפּ ביי מנקרס הויז...

עס באַווייזט נישט דער פּאַסאַזשיר אַראָפּצוגיין פון דער דראָזשקע און אַרום איר שטייען שוין אַ מאַן 10 נייגעריקע: „ווער? וואָס?“.

דער פּאַסאַזשיר שטייגט אויס: אַ הויכער, שלאַנקער פּריץ אין אַ העלן הוט, מיט הענטשקעס און אַ שפּאַציר־שטעקן מיט אַ גילדערנעם קעפּל שטייט און שטודירט דעם נומער פון הויז...

— נומער 4. מנקרס הויז... ס'שטימט... און ווו איז וואוינונג 22? — פרעגט ער, קוקנדיק אַרום זיך.

אלע שווייגן, ווי געליימטע. אויפן שוועל פון שיך־קראָם ליינקס פון טויער קומען אַרויס אַלע פון אינעווייניק: קויפער, פאַרקויפער, געזעלן, די אייגנטימער.

מען קוקט, מען שטוינט...

---

* אויף יידיש פאַרשטיי איך נישט און קיין יידן פיר איך נישט.

— ס'איז דאַלמאַטאָוו! — שרייט עמעצער אויס. עס דערהערן זיך שיטערע אַפּלאָדיסמענטן — פון נאָענט, פון טראָטואַר, איבער דער גאַס. דער פריץ שמייכלט שטראַלנדיק, קוקט אַרום זיך, די אַפּלאָדיסמענטן ווערן שטאַרקער, געדיכטער. דאַלמאַטאָוו נעמט אַראָפּ דעם הוט, באַגריסט דעם עולם אַרום זיך און פרעגט:

— וווּ וווינט דאָ די פאַמיליע מנקר?

— ביטע, הער דאַלמאַטאָוו, רוקט זיך אַרויס פון המון איינער, כ'וועל אייך באַווייזן. ס'איז דאָ אויפן צווייטן שטאָק.

ער לויפט אַריין אין טיר. דאַלמאַטאָוו, גייט אים נאָך, לאַכנדיק.

איך דערהער אַ שאַרפן קלונג אין טיר. איך עפן: אַן אומבאַקאַנטער שרייט אויס:

**Долматов к Вам приехал.** *

איך לויף אַרויס אויף די טרעפּ. איך גלויב נישט מיינע אויגן:

**Василий Пантелеймонович!** **

ער שמייכלט לויט זיין שטייגער. שטרעקט אויס זיינע הענט:

**Абрам Вениаминович! Простите непрошенного гостя. Счёл своим долгом посмотреть на Вас в домашней обстановке.** ***

מיר האָבן זיך אַרומגענומען. דער יונגערמאַן איז פייל פון בויגן אַראָפּגעפלויגן פון די טרעפּ. וואָס ער האָט דאָרטן דערציילט די, ומסתמא, שוין קרוב הונדערט פאַרזאַמלטע, ווייס איך נישט... צום עולם האָט זיך דערנענטערט אַ גאָראָדאָוואָי: וואָס איז געשען: אַ שרפה? אַ רציחה? אַן אומגליק?

דער איזוואָזטשיק נומער 1 האָט אים באַרואיקט:

— דער אַרטיסט אימפּעראַטאָרסקיך טעאַטראָוו דאַלמאַטאָוו איז געקומען מיט אַ באַזוך צו הערן מנקר... וואָס שמייעסטו? וואָס זיכסטו דאָ? גיי זיך דיין וועג. האָסט דאָ נישט וואָס צו טאָן.

דער גאָראָדאָוואָי איז אַוועק אונטער אַ געדיכטן געלעכטער פון אַרום.

אַ מינוט 15 איז מיין גאַסט געזעסן ביי מיר; די יונגע באַלעבאַטים האָבן אים אַפילו נישט פאָרגעלייגט אַ טרונק לימאָניאַד, אַ ביסן, אַ שלוק...

---

* דאַלמאַטאָוו איז צו אייך געקומען!

** וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש!

*** אַבראַם וועניאַמינאָוויטש! זייט מוחל אַן אומגעבעטענעם אורח. געהאַלטן פאַר מיין חוב אַ קוק טאָן אויף אייך אין היימישער אומגעבונג.

אַז מיר זענען צוזאַמען אַרויס אויפֿן גאַס, האָט אויסגעבראָכן אַן אָוואַציע. דאַלמאַטאָוו האָט מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ זיך פֿאַרנייגט אויף רעכטס, אויף לינקס און אַרויף אויף דער דראָזשקע.

— ווהין באַפֿעלט איר פֿאָרן, אייער דורכלויכט? — פֿרעגט דער „נו־מער 1“.

דאַלמאַטאָוו נעמט אַרויס זיין גאָלדענעם זייגער פֿון וועסטקעשענע און ווערט ערנסט.

— גאָט אין הימל! באַלד 2. צום גובערנאַטאָר וואָס גיכער! 2 איז מיטאָג. כ'פֿאַרשפּעטיק שוין.

דער פֿורמאַן האָט אָנגעצויגן די לייצעס.

דאַלמאַטאָוו גיט אַ קוק: ער האָט אויבן פֿאַרגעסן זיין שטעקן.

כ'בין אין 5 שפּרונגען אַרויפֿגעלאָפֿן, געבראַכט דעם שטעקן.

— יונגע פּיס — זאָגט מיין גאַסט: אַן אוצר, וואָס מען שאַצט נישט אָפּ, כּל־זמן מען פֿאַרלירט אים נישט.

און ער לאַכט ברייטהאַרציק.

אַ באַגריסונג מיט די פֿינגער. ער נעמט אַראָפּ דעם הוט. דער נומער 1 רירט פֿון אָרט. אַ מינוט שפּעטער טראָגט ער זיך האַסטיק איבער דער גאַס, באַגלייט פֿון הונדערטקעפּיקן עולם אַרום.

דער עולם צעשפּרייט זיך.

לאַנג שטייט מיין מוטער אויפֿן שוועל... קוקט נאָכן פֿאַרשווונדענעם „נומער 1“.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט זי געמאָלדן:

— נו, בנימין־מיכל, מע דאַרף מאַכן אַ סוף צום שיך־געשעפֿט, 35 יאָר, גענוג!...

— און אונדזער פֿאַנטאַזיאָר איז, מסתּמא, פֿאַר זיך גערעכט; אַז אַזעלכע מענטשן קומען אים באַזוכן, דריקן אים צום האַרצן, פֿאַרשפּעטיקן צום גובערנאַטאָר צוליב אים, איז עס אַליין נישט קיין פּוסטע חלומות. מיר פֿאַרשטייען עס נישט, מיין מאַן, אָבער מיר מוזן מודה זיין: ס'איז אַ פֿרעמ־דע וועלט, אָבער אַ וועלט. זאָל ער זיין געזונט און גיין זיין וועג... און לאָמיר זיך נישט פֿאַרפֿינצטערן אונדזערע לעצטע יאָרן: קיין משומד וועט אַבֿרהם נישט ווערן! אין דעם בין איך זיכער.

אונדז ווילט זיך בעטן דעם לייענער אויפֿמישן דאָס בלעטל, וואָס דערציילט, ווי אַזוי איך האָב ביי בערטאָגנאָוון און ענגן שטיבל דערזען געניק געפֿענקאָן, און מיך האָט אַרומגענומען דאָס געפֿיל פֿון „מאָסקאָוו־

סקי מאַלי טעאַטער״ און כ׳האָב דערהערט, ווי עס רעדן צו מיר די גדולים פון זיין עבר און קעגנוואַרט, כ׳האָב — ווי אין חלום — זיך באַהעפט מיט מאַטשאַלאָוו און שטשעפּקינען, מיט יערמאָלאָווא און לענסקין...

אין ערך 5 יאָר איז אריבער און נישט אין חלום — אויף וואָר! — איז צו מיר געקומען איינער פון יענער משפחה, איינער פון די דערהויבע־נע פיגורן פון רוסישן טעאַטער.... מיין חלום איז געוואָרן מייןווירקלעכ־קייט.

עס האָט זיך אָנגעהויבן מיין ווייטערדיקער וועג, — מיט נסיונות אָנגעפילטער, מיט פריידן באַלויכטענער, מיט ליידן אויסגעפלאַסטערטער.

כ׳וועל גיין דעם וועג! כ׳וועל זיך איינוואָרצלען אין זיין באָדן! כ׳וועל צו זיינע הויכן דערגרייכן, זיינע תהומען איבערשפּרייזן און כ׳וועל תמיד וויסן און געדענקען: כ׳וועל ווערט זיין צו ווערן אַ טייל פון גרויסן גאַנצן, אויב כ׳וועל פריי זיין — זיך...

*

* *

ווען שכל הישר וואָלט געווען דער קאָפּיציענט פון מיינע שריט און האַנדלונגען בדרכי החיים, וואָלט איך דעם זומער 1908 זיך געלאָזט — קיין קאַווקאַז, אָדער קיין קרים, אָדער צו דער וואָלגע...

אָבער אין די לונגען מיינע, אין די אָדערן, אין אַלע מיינע רמ״ח אב־רים, האָט געשמעקט אָט די ספּאַזמע פון נישט דערגיין צום סוף; אָט דער מין במעט ווידערוילן קעגן געניסן צייטיקע פּירות.

— „זאָל לעבן דער שמח צווישן כוס און די ליפּן!“ — זאָגט אַנדרע־יעווס „דער, וואָס קריגט די פּעטש“ — וואָס זיבן יאָר שפּעטער איז עס געוואָרן אַ טייל פון מיין לעבן.

און דאָס איז שטענדיק אין מיר געזעסן: דאָס האָב איך אָדער געיר־שנט פון מיינע אבות, ווייל ס׳איז די מידה פון תלמידי־חכמים, וואָס דאַרפן האָבן — דעם „באַשלוס“, דעם „קל וחומר“, דעם „ישוב הדעת“, אָבער טאָקע צוליב דער אַבסטראַקציע שטויסן זיי אָפּ דאָס קאָנקרעטע, דאָס פּראַקטישע, דאָס גשמיותדיקע.

אָדער דאָס איז — וואַרשיינלעכער — מיין צעקאַליעטשעטער חינוך אין די קינדער־יאָרן, וואָס האָט דערשלאָגן און צעשטערט מיין געפיל פאַר פּראַקטישער איניציאַטיוו...

האָבנדיק באַקומען „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“, נאָך וועלכן כ׳האָב זיך יאָרנלאַנג געפּלאָגט, בין איך אַוועקגעפאָרן — קיין אויסלאַנד...

די סיבה איז געווען מיין קראַנקער האַלדז, שוין אין עלטער פון 10 יאָר האָב איך אָנגעהויבן ליידן אויפן קיילקאָפּ. אין ווילנע איז געווען ד״ר סוויעזשינסקי, דעמלט נאָך גאָר אַ יונגער דאָקטאָר. ער האָט מיך אונטערזוכט און געוואָרנט דער מוטער, אַז איך האָב אַן ענגן לופט=דורכגאַנג; דאָס וועט ברענגען קאָמפּליקאַציעס, און דאָקטוירים וועלן מיך כסדר וועלן אָפּערירן. „זאָל מען דערויף נישט איינגיין“ — האָט ד״ר סוויעזשינסקי געוואָרנט — „ווייל“ — האָט ער געזאָגט — „די פּאָליפּן אין נאָז, ווילד=פלייש אין האַלדז וועלן צ׳ריקוואַקסן ווי אַ ראַזירטע באָרד, און מען וועט כסדר מוזן שניידן“. מען האָט אָבער דעם ד״ר סוויעזשינסקי נישט געפאָלגט: צו 12 יאָר האָט מיך „געשניטן“ ד״ר הערינג, אַ באַרימטער לאַרינגאָלאָג, וואָס צוליב אים האָב איך אין עלטער פון 12 יאָר זיך באַקענט מיט וואַרשע.

אין 1908 בין איך זומער געפאָרן קיין ווין צום וועלט=באַרימטן ספּעציאַליסט האַיעק.

די מעשה איז, וואָס אין פּעטערבורג אין פעוראַל מאָנאַט בין איך מיט קורזשנירן אַוועק צום ים — „אויף די אינדזלען“... דאָרטן האָט זיך צעשפּילט מיין שפּיל=גיריקייט, און אויפן צעיושעטן ווינט האָב איך אויסגעטאָן דעם מאַנטל און אָפּגעשריען דעם סוף פון 4=טן אַקט „אוריאַל אַקאָסטאַ“. מיין חבר האָט געזאָגט, אַז איך וועל „ווייט אַוועקגיין“, אָבער דערווייל בין איך הייזעריק געוואָרן, און זיך צעריסן אַ שטימבאַנד.

(אין פריער קינדהייט איז מיט מיר אַזוינס געשען, ווען איך האָב גענאָכגעמאַכט ווי אַזוי דער חזן שלאָסבערג זינגט „הללויה“. איז איצט געשען שוין דער צ ווי י ט ע ר פאַל פון שעדיקן די שטימבענדער...).

דאָס האָט מיך געבראַכט קיין ווין, וו האַיעק האָט מיך אָפּערירט.

אין ווין בין איך געווען מיט דער מוטער און פרוי. און נאָך דער אָפּעראַציע האָט האַיעק אונדז — מיך און דער פרוי — אַוועקגעשיקט קיין אישל: דאָס איז געווען פראַנץ=יאָזעפס זומער=רעזידענץ. אַ שטעטל אין די בערג, וועלכע האָבן מיך אַזוי געדריקט, אַז מיר זענען אין 2 טעג אַרום אַנטלאָפן און זיך באַזעצט אין רייכענהאַל.

דאָרטן האָבן מיר פאַרבראַכט אַ וואָך 6. כ׳האָב מיך געפילט „אין הימל“, געקריגן אַ בריוו פון דאַלמאַטאָוו, געלעבט מיט דעם געדאַנק, אַז

אין א חודש ארום פאַר איך קיין פעטערבורג און כ'וועל אומגעשטערט פאָרזעצן מיין סטודיום אין טעאַטער־שול.

אין רייכנהאַל, שפּאַצירנדיק מיט מיין מקודשת בטבעת זו, בין איך געשטאַנען ערגעץ אויף אַ הויכן באַרג... אונטן פאַר די אויגן איז געווען אַ וווּנדערבאַרער אויסבליק אויף אַ וואַלד, וועלכן כ'האָב געזען פון אויבן אַזוי, אַז די ביימער, צוזאַמענגעגאָסענע אין איין ריזיקן גרינעם טעפּיך, האָבן צו מיר, פון לייכטן ווינט באַוועגטע, פריינדלעך געקוקט אַרויף... פון דער צווייטער זייט האָט געטרוישט אַ שמאָל־בלוי טייכל. אויפן האָריזאָנט האָט אין גינגאָלד געלויכטן די זון פון פאַר בין־השמשות.

כ'בין געשטאַנען אַנטציקט, דערהויבן פון דער אַרומיקער שיינקייט, און מיין האַרץ האָט געליבט, געלויבט, געגלויבט און זיך געגרויסט מיטן געדאַנק, אַז דער מענטש איז די קרוין פון אָט־דער שיינקייט, אויב ער פילט זי און אויב ער וויל מיט זיין לעבנס־אויפטו די שיינקייט וועבן, שמידן, מיטמאַכן.

כ'האָב אויסגעשטרעקט די האַנט צו מיין לעבנס־פריינדין, געוואַרט אויף אַ שטאַרקן דרוק. זי האָט אָנגענומען מיין האַנט מיט די שפּיצן פון אירע פינגער... מיר האָט זיך אויסגעדוכט — אָדער אפשר איז עס אַזוי געשען — אַז אַ וואָלקן האָט פאַרדעקט דאָס גינגאָלד פון דער זון; אַז דאָס וואַסער אין רוישיקן טייכל איז געוואָרן טונקל־גרוי און דער גרינער טעפּיך פון וואַלד אונטער מיינע פיס איז געוואָרן פינצטער.

און כ'האָב דערהערט:

— מיר זענען פאַרשיידענע מענטשן, פון פאַרשיידענע וועלטן, מיר קאָנען נישט זיין צוזאַמען... מיר מוזן זיך שיידן.

וואָס ווייטער איז געווען, ווייס איך הייַנט נישט. מיר זענען געבליבן אין רייכנהאַל נאָך וואָכנלאַנג, אָבער די צוויי וועלטן זענען מיט יעדן חו־דש געוואָרן פאַרשיידענער. די מענטשן — פרעמדער. די הערצער רק ווייטער און ווייטער, „דאָס מוזן זיך שיידן" — אַלץ נעענטער...

אין אויגוסט בין איך אַוועקגעפאָרן צום צווייטן לערניאָר — קיין פעטערבורג.

זי — זיך גרייטן צום עקזאַמען — קיין מאָסקווע.

פאַרוואָס נישט מיט מיר קיין פעטערבורג? —

דאָס — ווייס איך נישט.

## V. אַ שוטה ווי געווען

דאָס צווייטע לערניאָר אין שול האָט שוין געבראַכט „בלומען“ אויפן בוים פון אונדזער אַנטוויקלונג.

קודם האָט זיך די שול איבערגעקליבן אין אַ נייער דירה — פון ניעוווסקי 16 אויף דעם „ענגלישן ברעג“. אַ גאָרמאַלע בינע, אַ צושויער־זאַל אויף 250 צושויער, אַ גרויסער פאָר־זאַל און נאָך צימערן. ריזיקע 6 פענצטער צו דער ניעווא, דורך וועלכע איך פלעג שעהנלאַנג קוקן אויפן טייך און הינטער אים — אויף די פעסטונגען — פּיעטראָפּאַוולאָווסקאַיאַ און שליסעלבורסקאַיאַ — די טרויעריק־באַרימטע תּפיסות, ווו רוסלאַנדס בעסטע זין, וואָס האָבן געקעמפט פאַר פרייהייט און גליק, האָבן פאַר־בראַכט זייערע לעבנס און דאָרטן זיי פאַרענדיקט...

קומענדיק קיין פעטערבורג, האָב איך געמאָלדן, אַז אַ צימער מוז איך געפינען מיט אַ פענצטער צו דער זון... גאַפּענקאָ איז געווען אַנגאַ־זשירט אין קראַסאָווס טעאַטער. האָט ער אויף זיין שטייגער זיך צעלאַכט אויף אַ האַלבער שעה...

— הערט אַן אומזין: אין פעטערבורג קענען האָרבסט גיט אים אַ פענצטער צו דער זון... משוגע ביסטו, חס־ושלום!

כ'האָב אַזאַ פענצטער געפונען. פונקט אַקעגן „ניקאָלאַיעווסקי מאָסט (היינט — די בריק פון „לייטענאַנט שמיט“...), האָב איך דערזען אַ שילד: „מעבלירטע צימערן“ און זיך דאָרט באַזעצט. די פענצטער זענען דרומ־דיקע. די זון שיינט פון פרי ביז אָוונט, און איך האָב זיך געבאַקט אין אירע שטראַלן: ס'איז נאָך געווען סוף אויגוסט...

אין שול האָבן זיך אָנגעהויבן די „פּראַקטישע לימודים“, וועגן וועל־כע מיר האָבן אויבן שוין דערציילט.

און איך האָב איבערגעלעבט עטלעכע מאָמענטן — קאָמישע און פריידיקע.

יעדן צווייטן שבת אין אָוונט פלעגן מיר, ווי דער לייענער ווייסט שוין, שפּילן פּאַר אַן עולם.

אין איינעם פון די ערשטע אַזעלכע אָוונטן — אפשר דעם ערשטן? — איז געגעבן געוואָרן אַ וואָדעוויל אונטערן נאָמען:

„יאַמשטשיקי" אָדער „ווי אַזוי ס'פּאַרווײַלט זיך דער סטאַראָסטע סעמיאָן איוואַנאָוויטש".

די ליטעראַרישע ווערט פון דאָזיקן „ווערק" וועט זײַן קלאָר פון דעם, וואָס געדרוקט איז עס געווען אין זשורנאַל „גראַזשדאַנין", פון וועלכן דער רעדאַקטאָר איז געווען קניאַז מעשטשערסקי. אין קעפּל פון דאָזיקן חודש־שריפט האָט זיך געפונען די קרוין פון דער הערשנדיקער דינאַסטיע און, ווי ווײַט מײַן זכרון פאַרפירט מיך נישט, — אַ פּראַוואָסלאַווער קרייץ...

דער „אינהאַלט" און „ריכטונג" פון „גראַזשדאַנין" וועט ווערן אויסשעפּנ־דיק כאַראַקטעריזירט מיט דעם, וואָס די „נאָוואיע ווערעמיאַ" פלעגט אים רופן „מראקאָבעס" („אָבסקוראַנט", „רוח פון אפלה") און ער האָט די „נאָוואָיע ווערעמיאַ" באַטראַכט ווי אַן אָנשיקעניש פון... רעוואָלוציע.

בלייבט אונדז — דערציילן דעם לייענער דעם „אינהאַלט" פון וואָ־דעוויל.

נישטאָ קיין אינהאַלט!

אַ דאָרף אין טיף־רוסלאַנד. די וואָלגאַ. הויכע סקירדעס היי. וואַנקאַ און מאַשקאַ וואַלגערן זיך אין הויכן גראָז, שטיפן, לאַכן, זינגען, שפּרינגען, טאַנצן און ווילן אַנטלויפן, דערהערנדיק דאָס קול פון דעם סטאַראָסטע סעמיאָן איוואַנאָוויטש.

זיי באַווייזן נישט צו פאַרשווינדן — קומט ער אָן: אַ ריז, אַלט אַ יאָר 75 — אַ יאַמשטשיק, וואָס איז קיינמאָל נישט געווען ערגעץ ווײַ־טער, ווי אַ 10 ווערסט פון אָט די ברעגעס און סקירדן און וואַסערן.

און פון דער צווייטער זײַט באַווייזט זיך אַ גאַנץ אַנדערע געשטאַלט.

אַ קאַנטאָניסט, זײַן נאָמען געדענק איך נישט: מיט 40 יאָר צוריק האָט מען אים צו 10 יאָר געכאַפּט, געטויפט, פאַרשלאָסן אין קאַזאַרמע, געהאַלטן 25 יאָר, דערנאָך ארויסגעלאָזט... הײַנט איז ער אַ „פרײַער בירגער" און וווינט דאָ אין דאָרף בײַ סעמיאָן איוואַנאָוויטש... זײַן ברויט פאַרדינט ער; סעמיאָן איוואַנאָוויטש באַהאַנדלט אים מענטשלעך, אָבער... אַלע לאַכן, ווי ער רעדט און ווי ער פאַרהאַלט זיך און ווי ער בעט זיך מען זאָל אים לאָזן צורו און — נישט מאַכן פון אים חוזק...

דעם פירשט מעשטשערסקי איז דאָ געגאַנגען צו באַווייזן, אַז אַ ייד, מענטש אים באָדן אין געהייליקטע וואַסערן, ווייקן יאָרנלאַנג אין דער וואָלגע, שיסן אין קאָפּ, שמייסן און בראָטן און באַקן — בלייבט ער — ייד...

דאָס איז הונדערטפּראָצענטיקער אַנטיסעמיטיזם, פאַרשטייט זיך, אָבער מיך האָט דער פאַל פון אַנטיסעמיטיזם גאָר ווייניק געקימערט און כ׳האָב זייער פלייסיק געאַרבעט איבער מיין ראָל.

דער תמצית פון ספּעקטאַקל — זיין רייץ און וואָגיקייט — איז באַשטאַנען אין דעם, וואָס דעם „יידן“ האָט געשפּילט — מ י ש אַ  ט ש ע כ אָ ו, און דעם אַלטן „סעמיאָן איוואַנאָוויטש“ האָט געשפּילט — מנקר...

געדענקענדיק דעם פּאַראַיאָריקן „בליגדן אַלטן נוסליאַר“, האָט דאַמאָלט באַשלאָסן אָפּצופרישן יענעם רושם, וואָס בשעתו איז ער אַוועק לאַיבוד, און באַווייזן פאַרן „ברייטן עולם“ אַזאַ מין פאָרשטעלונג.

די רעזולטאַטן זענען געווען — איבער אַלע דערוואַרטונגען. נאָכן ערשטן מאָל זענען אַלע לערער און מקורבים אַזוי אַריין אין התפּעלות, אַז מען האָט באַשלאָסן דעם צווייטן שבת עפענען דאָס לערניאָר פון פּראַקטישע אויפטריטן מיט אָט־דעם וואָדעוויל.

זיצט אַן עולם אָנגעזעענע פאַרשויגען: מלוכה־טוער, מיליטער־לייט, פּראָפעסאָרן, פּעדאַגאָגן און „די יינגלעך“ שפּילן פאַר זיי דאָס ווערק פון מעשטשערסקיס „גראַזשדאַנין“.

אין ערשטער ריי זיצט נעבן סלאַדקאָפּיעווצעוון דער באַקאַנטער רעזשיסער און אַקטיאָר פון „אַלעקסאַנדרינסקי“־טעאַטער — ד אַ ר ס ק י. קוקט ער, קוועלט ער און, געפינענדיק אַ רגע, דרייט ער זיך אויס צו סלאַדקאָפּיעווצעוון און מורמלט אים אין אויער:

— אַ סוף מיטן אַקטיאָר אין טעאַטער, וולאַדימיראָוויטש! די נ אַ ט ו ר ווירקט היינט: היי, געהילץ, וואָלגא, און ק י נ ד ע ר שאַפן דעם איינדרוק פון גדולים... אַקאַרשט פון דאָרף, האָבן זיי געבראַכט דעם ריח פון לעבן... אין דעקאַבער וועט עס אים נישט געלונגען, אָט דעם יונג, צו צווינגען מיך גלויבן, אַז ער איז פון דער וואָלגא... היינט שמעקט פון אים מיט היי און ווינט, ווייל ער איז אַקאַרשט געקומען פון דאָרטן.

— ווער?

— אָט־דער „סעמיאָן“.

— ער האָט די וואָלגא אין די אויגן נישט געזען. ער האָט דאָרטן קיין פּראַוואָזשיטעלסטוואָ נישט... קומט, כ׳וועל אייך אים באַווייזן!

זיץ איך נאָכן וואָדעוויל נעבן מישאַ טשעכאָוו און שמיר דאָס פּנים מיט פּעטס; מיין לאַנגע באָרד ליגט אויפֿן טיש. און ס'עפֿנט זיך די טיר. אויפֿן שוועל באַווייזן זיך צוויי קליינוווקסיקע מענער: סלאַדקאָפּיעוועצוו און דאַרסקי.

— אָט זענען זיי, זאָגט סלאַדקאָפּיעוועצוו: קוקט זיי אָן!

יענער קוועטשט מיט די שולטערן, קוקט מיט אויפֿגעריסענע אויגן און רעדט אַרויס:

**Ничего не понимаю! Так играть?***

ער איז אַוועק, נישט זאָגנדיק אונדז מער קיין וואָרט.

די מעשה וויל איך פֿאַרענדיקן מיט נאָך אַ פּרט, וועלכן כ'וויל מיר פֿאַרגינען. מישאַ טשעכאָוו האָט נאָכדעם אין מאָסקווע „געקיניגט“ אַלס דער בעסטער שוישפּילער.

„האַמלעט“, „כלעסטיאַקאָוו“, „עריך דער XIV“ — מאָסקווע האָט אים געטראָגן אויף די הענט.

און צווישן זיינע פּאָפּולערסטע לייסטונגען — די ראָל פֿון „יידן“, „פּרעזע“ אין אָנגיילס „מבול“...

די אויפֿפֿירונג (אין דער סטודיע פֿון קונסט־טעאַטער) איז געווען דער עיקר־אינהאַלט פֿון עטלעכע טעאַטער־יאָרן.

און די געשטאַלט איז ביי טשעכאָוון געווען אַ רעמיניסצענץ פֿון „קאַנטאָניסט“ אין אונדזער קינדער־פֿאָרשטעלונג אויגוסט 1908. עטלעכע טעג זענען מיר געזעסן אין „אודעלגע“, ווו אַלעקסאַנדער פּאַוולאָוויטש טשעכאָוו, מישאס פֿאָטער, האָט געהאַט זיין הויז, און איך האָב מיט מישען געאַרבעט איבערן אופֿן רעדן, טאָגירן, אַקצענטירן אַזוי ווי די ראָל האָט פֿאַרלאַנגט.

און שוין דאַן, אין אונדזער וואָדעוויל, האָט מישע אַלעמען אַנטציקט מיט דעם, וואָס ער האָט איבערגעגעבן די מוזיק פֿון יידישן אופֿן רעדן און כ'האָט מענטשלעך גערירט, נישט אַרויסרופֿנדיק קיין געפֿיל פֿון חוזק...

פֿאַרן פֿאָרום פֿון טויזנטער, טויזנטער צושויער אין דער ראָל פֿון „פּרעזע“ איז עס געקרוינט געוואָרן מיט אַלגעמיינער אָנערקענונג —

מישאַ טשעכאָוו איז געווען אַ גאָניאַלער אַקטיאָר...

אַרבאַטאָוון איז געפֿעלן געוואָרן דער אויפֿטו, און מיר זענען צוגעטראָטן אונטער זיין רעזשי, צו צוויי פּיעסן — אָסטראָווסקיס:

---

* כ'פֿאַרשטיי גאָרנישט! אַזוי שפּילן?

„אַ יומטובדיקער חלום פאַר מיטאָג"

און „אָרעמקייט איז נישט קיין חטא".

די ערשטע פיעסע איז דער ערשטער טייל פון דער טרילאָגיע וועגן „באַלזאַמינאָוון". „באַלזאַמינאָוון" האָט געשפּילט טשעבאָוו און איך — „גיעאָוויעדיענאָוון", אַ סוחר פון אַ יאָר 55.

צום ספּעקטאַקל איז געקומען א. ס. אָסטראָווסקי. ער האָט געקוקט, הנאה געהאַט, געזאָגט, אַז פון דעם „אויפטו"—פון דער שול אויף זיין נאָמען— הייסט עס — וועט „עפּעס אַרויסקומען".

און פּלוצלונג האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— און פון וואַנען נעמט זיך אַן עלטערער מענטש אויף דער בינע? דאָס האָט ער געמיינט „גיעאָוויעדיענאָוון"...

דער באַמערקונג, אַז דאָס שפּילט אַ שילער און אַלט איז ער 22 יאָר — האָט ער נישט געגלייבט און זיך אָנגעברוגזט, וואָס מען וויל אים „פאַר־דרייען דעם קאָפּ".

נאָכן ספּעקטאַקל האָט ער שטאַרק אַפּלאָדירט און אַוועק, זיך אָנ־שפּאַרנדיק אויף זיין גראָבן שטעקן, מיט וועלכן ער פלעגט זיך נישט שיידן.

אויף מאָרגן פרי, אַז איך בין געקומען אין שול אַריין, זע איך: נעבן דער בינע שטייען סוואָרין און גלאַגאָלין (וועלכער איז געווען זיין סעקרע־טאַר אין טעאַטער־ענינים).

— אָט איז דער נעכטיקער „גיעאָוויעדיענאָוו" — זאָגט גלאַגאָלין, דערזעענדיק מיך...

איך בין געבליבן שטיין ביים אַריינגאַנג, און גלאַגאָלין האָט מיר מיטן פינגער אַ סימן געגעבן, איך זאָל צוגיין נעענטער.

אָבער דער אַלטער איז מיר געגאַנגען אַנטקעגן און מיט אים — גלאַ־גאָלין.

— דאָס האָט איר נעכטן געשפּילט דעם „סוחר"?

— איך, אַלעקסיי סערגעיעוויטש!

אַ ברייטער, פריינדלעכער שמייכל האָט באַלויכטן זיין פּנים. אין די קליינע, שאַרפע אויגן האָט זיך אָנגעצונדן אַ בליק פון וואַרעמען נייגיר...

— פּשוט, נישט צו גלויבן. אַזוי יונג, אַ קינד כמעט, און די גאַנצע געשטאַלט; די מענער, די זשעסטן... איר שטאַמט פון די צענטראַלע גו־בערניעס? פון דער וואָלגאַ?

— ניין, אַלעקסיי סערגעיעוויטש, כ'בין פון ווילנע.

ביים אַלטן אין די אויגן האָט אַ לויכט געטאָן אַז אויסדרוק פון אי־בערראַשונג נאָענט צו שרעק.

— פון ווילנע??? ווי איז אייער נאָמען?

— מנקר.

— זענט איר אַ דייטש?

— ניין, אַלעקסיי סיערגעיעוויטש, כ'בין אַ ייד.

גלאַגאָלין האָט מיך פון הינטן אַ צי געטאָן ביי דער מאַרינאַרקע.

דעם אויסדרוק אויף סוואָרינס פּנים געדענק איך, אָבער דעם לייע־נער וויל איך זאָגן, אַז סוואָרין האָט דעם ערשטן מאָל פאַר זיינע 70 יאָר געזען אַ יידן, וואָס זאָגט: „כ'בין אַ ייד", אַז מען זאָגט אים „ביסט אַ דייטש".

דער אַלטער איז געוואָרן איבערראַשט, דערהערנדיק מיין ענטפער. און איבערראַשט האָט אים ניש ט דאָ ס, וואָס איך בין אַ ייד. דאָס האָט ער, משמעות, געוווסט, אָבער ער האָט געוואָלט מיר געבן אַלע „שאַנסן" צו געווינען זיין פעסטע פריינדשאַפט, געניסן זיין שטיצע, באַ־פעסטיקן זיין באַציונג צום יונגן אַקטיאָר. מיטאַמאָל הערט ער אַ תשובה, וואָס שליידערט אָפּ זיינע בעסטע כוונות.

אָבער דער רעזולטאַט איז געווען אַן אומגעריכטער: כ'בין געווען ביי אים געלאַדן צום טיש; כ'האָב פאַרבראַכט מיט אים אַ שעה ביי זיין שרייב־טיש. כ'וועל דעם לייענער נאָך אומקערן צו דעם אין אַ באַזונדערן קאַפּיטל פון אונדזער דערציילונג.

דאָ וויל איך באַטאָנען: מיין האַלטונג מיט סוואָרינען יענעם פרי־מאָרגן און אַלע מאָל אין ענלעכע פאַלן, זאָל נישט ווערן אָנגענומען, ווי אַן אויסדרוק פון אַקטיוון „נאַציאָנאַליזם" אָדער „פּריגציפּיעלער" עקש־נות, „פּראָטעסט" וכדומה — קיין שפּור דערפון! —

דאָס איז מיין ווידערווילן צו יעדער מין „קאָמבינאַציע" לשם פּראַק־טישע אויסניצן. מיין אינסטינקטיווער, אומבאַוווסטזיניקער עקל צו יעדן מין שקר.

און אַז ענטפערן: „יאָ, אַ דייטש" וואָלט געהייסן תיכף געווינען עפּעס פון לעבנסוווערטן, פּשוט: נ וצ ן — דאָס צו באַגרייפן האָט מען געדאַרפט האָבן אַן אַנדער מוח און אַן אַנדער מאַרך אין מוח. איך בין געווען, גע־בליבן און וועל פאַרבלייבן —

אַ שוטה...

# VI. ווער איז ער? ווו איז ער?

די באַשריבענע פאַרשטעלונגען, אַריינרעכענענדיק די צוגרייטונג, האָבן שוין אַריינגעפירט אין העלפט אָקטאָבער. מיר מוזן זיך אומקערן אַ חודש אַנדערטהאַלבן צוריק און דערציילן וועגן וואָכן און מינוטן, וואָס איבערהיפּן זיי קאָנען מיר נישט... דער זומער 1908 איז, משמעות, געווען זייער אַ הייסער און אין סוף אויגוסט (לערך) איז אין פּעטערבורג אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע פון כאָלערע. געדויערט האָט זי, מסתמא, אַ פּאָר וואָכן העכסטנס. כ'האָב מורא צו פאַרזיכערן דאָס, וואָס ג ע נ ו י געדענק איך נישט. אָבער גענוי געדענק איך, אַז אין די טעג פון דער קולמינאַציע האָט די עפּידעמיע געשלונגען איבער 400 נ פ ש ו ת אַ ט אָ ג... די שמחה מיט מיין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“, די פריידיקע בליקן פון מיין פענצטער צום זונבאַשפּריצטן שטח איבער דער ניעווא און ווייט הינטער דער בריק — זענען שטאַרק פאַרשטערט געוואָרן, ווייל „חלי=רע“ איז אַ געפערלעכע שפּיל און צו אַלע גרויסע פּלענער און ליכטיקע האָפענונגען קאָן קומען אַ קורצער און מיאוסער סוף אין משך פון איין פערטל שעה... „וואַשן די הענט“, „נישט עסן קיין רויע אויבסטן“, „אויסמיידן ענגשאַפט“ און נאָך אַזעלכע פאָרשריפטן — דאָס האָב איך אַלץ געוווסט און אָפּגעהיט, אָבער די לייכטע, לוסטיקע שטימונג פון די ערשטע טעג נאָכן קומען „אין מיין פּינטערבריוך“, איז טיף געזונקען. מענטשן זענען אַרומגעגאַנגען מיט „...יסגעצויגענע געזער“, מיט פאַרזאָרגטע פּנימער... דאָס רוב האָט דאָך נישט געטראָגן אין זיך מיין פרייד: „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“ איז דאָך פאַר זיי אַלעמען נישט קיין נייס, נישט קיין אויסלייזונג. בין איך געווען עפּעס פריידיקער, ווי אַנדערע אַרום, אָבער דאָס נעמיט איז געווען דערדריקט. פון ווילנע זענען געפלויגן טעלעגראַמעס מיט פאָדערונגען, בקשות פון ווייב און טאַטע=מאַמע איך זאָל תיכף קומען אַהיים. האָב איך געענטפערט: „ניין, מיינע טייערע! מ יי ן פּעטערבורג — און כ'וועל נישט

לויפן פון זיינע סכנות. איז עס אויך מ יי ן כאָלערע און צוזאַמען מיט מ יי ן פּעטערבורג וועל איך, אַז גאָט וועט געבן, ניצול ווערן". אַזוי האָב איך געלעבט, געאָכצעט, א ביסל געציטערט און ביסלעכווייז געלאַכט: מיין גאַפּענקא האָט על פּי טעות אויסגעטרונקען מיט איין שלוק פון גראַפין אַ האַלבן ליטער וואַסער און נאָכדעם זיך דערוווסט, אַז קאַטיע — דאָס שטוב־מיידל — האָט פון גראַפין דאָס געקאָכטע וואַסער פאַרברויכט און אנגעגאָסן פון קראַן — רוי וואַסער.

און מיין „ישראל — געניריק" איז תיכּף אַנידערגעפאַלן אויפן דיוואַן, גענומען גוואַלדעווען, אז אים קערן זיך איבער די אינגעווייד און פאָדערן, מען זאָל תיכּף רופן די „גיכע הילף". ס'האָבן נישט געהאָלפן קיינע שום באַמיונגען אים צו באַרואיקן, ביז עמעצער האָט אים אַ פרעג געטאָן:

— און וואָס גייט אייך אזוי אין קאָרטשען זיך און שטאַרבן דווקא אין באַראַק? צווישן הונדערט אַנדערע כאָלערנע חולאים? אויב ס'איז באַשערט, איז דאָך בעסער ביי זיך אויפן בעט. ליגט אַזוי לאַנג ווי מע לאָזט אייך צורו.

דאָס האָט באַלד געווירקט. ער האָט אויפגעהערט צו שרייען אויף זיין „בויכווייטיק" און מיטאַמאָל זיך צעשריען אויף מיר:

— וואָס לאַכסטו אַזוי? וואָס קוועלסטו, מאַמיניקין סינאָק! אין אַ יאָם ביסטו נישט געווען אַזאַ העלד און געציטערט פאַר דיין פעל ווי אַ בלאַט אין אַ האַרבסטיקער נאַכט! שוין פאַרגעסן, האַ? און דאָ — אַ גיבור מיט אַ מאָל! מיינסט, אַז מיט דיין פראַוואָזשיטעלסטוואָ איגאַיינעם קאָן דיך די כאָלערע נישט נעמען? אמת: דיך האָט באַרואיקט וואַסילי פאַנטעלעי־מאָנאָוויטש, פאַרזיכערנדיק, אַז דאָס רוב דראָט די סכנה מענטשן מיט אויסגעהונגערטע מאָגנס... און די ביסט אַ זאַטער. כאַפּט דיך דער רוח!... לאַך נישט, דו פוילער טויגעניכטס! אַז נישט שפּאַלט איך דיר דעם מוח...

און ס'איז מיר נישט באַשערט געווען לאַנג נאָך צו לאַכן. עטלעכע טעג נאָך דעם זיץ איך איינאָוונט מיט גאַפּענקאָן אין טראַמוויי. מען האָט אקאַרשט אָנגעצונדן די לאָמפּן... איך וויקל פאַנאַנדער די אָוונט־צייטונג... כ'לייען אַ נאָטיץ מיט פעטן שריפט: „די עפּידעמיע האָט שוין 2 טעג נישט געבראַכט קיין טויט־קרבנות און די ביולעטינען וועגן גאַנג פון דער עפּידע־מיע וועלן מער נישט געדרוקט ווערן". איך ווייז גאַפּענקאן די צייטונג. ער לייענט און צעשטראַלט זיך:

אורא, אבראשקא, מיר עסן מאָרגן אַ פונט רויע קאַרשן!

און, קוקנדיק פון דער זייט אין צייטונג אַריין, דערזע איך באַלד נאָך ד ע ר נאָטיץ 3 שורות פ ע ט י ט ,,וועגן די רעכט פון יידן — אַפּטייק־געהילפן. דער דעפּאַרטאַמענט פאַר מעדיצינישע ענינים ביים מי־ניסטעריום פון אינערלעכע ענינים דערקלערט, אַז להבא וועלן געניסן דאָס רעכט צו וווינען אין דער הויפּטשטאָט אויסשליסלעך יענע יידן — אַפּ־טייק־געהילפן, וועלכע פאַרנעמען זיך מיט זייער פּראָפעסיע. אַלע אַנדערע מוזן די הויפּטשטאָט פאַרלאָזן“.

— זע, גענריק!

ער האָט אַריינגעקוקט אין צייטונג און — אַנטשוויגן געוואָרן. איך... איך געדענק בולט: מיר האָט זיך געדוכט, אַז אין וואַגאָן זענען אויסגע־לאָשן געוואָרן די עלעקטרישע לעמפּלעך.

פינצטער און ביטער איז מיר געוואָרן — צו לעבן, צו אַרבעטן, צו שאַפן... כאָטש אין פּעטערבורג האָבן ,,אומלעגאַל“, אָן ,,וווינרעכט“ גע־וווינט טויזנטער יידן. מען האָט דערציילט ווי אַ פאַקט, אַז בעת צו סטאָלי־פּינען איז געקומען אַ יידישע דעלעגאַציע אויפקלערן דעם ענין ,,פּראַוואָ־זשיטעלסטוואָ“, ,,טשערטאַ אָסיעדלאָסטי“ (תחום המושב), — האָט ער מיטאַמאָל אויסגערופן:

— דעם פאַרבאָט אָפּשאַפן איז אַ פראַגע פון איין פערטל שעה, אָבער ווו זאָל איך נעמען די קאַפּיטאַלן, וועלכע די פּאָליציי וועט פאַרלירן, ווען די צוגעפאָרענע אין פּעטערבורג און אַנדערע פּונקטן וועלן אויפהערן צאָלן פאַר דער מעגלעכקייט רואיק צו זיצן דאָ, ווו זיי איז פאַרבאָטן צו זיצן? ווי אַזוי זאָל איך דער פּאָליציי אומקערן אירע היזקות?“.

ס׳איז געווען צענדליקער און הונדערטער וועגן צו קאָנען רואיק זיצן און אַרבעטן... סוף כל סוף בין איך אַוועק צום פּאַספּאָרטיסט און געצאָלט אים ד ר יי ר ו ב ל (סך הכל!) אַ חודש...

אָבער מיין פּסיכיק האָט נישט געקאָנט שלום מאַכן... כ׳האָב נישט ג ע ק אָ נ ט צאָלן ,,דריי רובל אַ חודש“ פאַר די ,,רעכט“ צו זיין דאַלמאַ־טאָווס תלמיד; צו גיין אין שטשעפּקינס וועגן; צו רעדן יערמאָלאָוואַס שפּראַך; צו טראָגן אין האַרצן מאָטשאַלאָווס פונק... — ס׳איז מיר געווען ש ל ע כ ט! פינצטער — ביטאָג, ביטער — ביינאַכט.

אין שול האָב איך פאַרצייכנט איין דערפאָלג נאָכן אַנדערן. אין אָסטראָווסקיס ,,אָרימקייט איז נישט קיין חטא“ האָב איך געשפּילט ,,ליובים טאָרצאָוו“... איך געפין נישט קיין וועג, קיין מאָדוס איבערצוגעבן

פּרטים פון דעם, וואָס כ'האָב איבערגעלעבט אין שייכות מיט דער דאָזיקער געשטאַלט פון רוסישער קלאַסיק...

אגב: אין פּראָגראַם פון אָט־דער פאָרשטעלונג האָב איך צום ערשטן מאָל זיך געזען: „מאָרעווסקי".

כ'בעט ווידער דעם לייענער אויפמישן אַ בלאַט פון אונדזער דערציילונג: ווי אַזוי אין אָדעס, אויפגעמונטערט פון די כוואַליעס אין שוואַרצן ים, האָב איך געשריען צו גאָפּענקאָן: פון וואַנען האָט מאָרסקאיאַ גענומען איר נאָמען? ווי אַזוי קריגט אַ מענטש דאָס גליק צו דערמאָנען מיט זיין נאָמען די הערלעכסטע נאַטור־דערשיינונג?".

מאַכט זיך יאָרן שפּעטער, שוין אין פּעטערבורג, אַז איך גיי מיט גאָפּענקאָ אַוועק אין „אַלעקסאַנדרינסקי"־טעאַטער. מיר האָבן צוויי לאָזשעס — ער פון כאַדאָטאָוו, איך — פון דאַלמאַטאָוו. מיט זייערע וויזיט־קאַרטן דאַרפן מיר זיך ווענדן צו דער טעאַטער־פּאָליציי, דאָרט פרעגט מען די נעמען, און, דערהערנדיק „גאָפּענקאָ", האָט דער פּאָליציי־מייסטער דריי מאָל איבערגעפרעגט „וויאַזוי?", „נאָכאַמאָל" „חזרט איבער!".

כ'האָב באַשלאָסן, אַז „מנקר" וועט ער ניש ט באַנעמען ביזן סוף ספּעקטאַקל און אויף זיין פראַגע: „אייער פאַמיליע?" האָב איך אומגעריכט, נישט טראַכטנדיק, אויסגעשאָסן:

— מאָרעווסקי.

— אָט — דאָס פאַרשטיי איך! — זאָגט דער פּאָליציימייסטער: דאָס איז אַ נאָמען!

ער דערלאַנגט מיר מיין לאָזשע. אין אַנטראַקט האָב איך דאַלמאַטאָוון געוואָרנט, אַז „מאָרעווסקי", דאָס בין איך, ער זאָל נישט מיינען, אַז איך האָב איבערגעגעבן אַן אַנדערן זיין וויזיטקאַרטע.

— „מאָרעווסקי"? פאַרוואָס „מאָרעווסקי"?

— מיין סצענישער נאָמען, וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש!

— אָ! נו, זאָל זיין מיט מזל! אָבער איר וועט נאָך בייטן דעם נאָמען. איך האָב אויך אַ סך מאָל געביטן.

כ'האָב אָבער נישט געביטן. קורץ נאָכדעם האָט מיך דאַלמאַטאָוו געמאַכט פאַר אַ מיטגליד פון דער אַלרוסלענדישער טעאַטער־געזעלשאַפט, דעמלט „אימפּעראַטאָרישער", הייגט — „אַלפאַרבאַנדישער". אין די רשימות פון דער געזעלשאַפט פיגורירט מיין נאָמען, אַלס מיטגליד זייט 1907 יאָר. מסתמא, האָט מען מיך פאַרשריבן מיט דעם יאָר, אָבער גע־

וואָרן בין איך אַ מיטגליד אין 1908. מיין ערשטער פּראָגראַם „מאָרעוו־סקי“ איז אין דער ראָלע פון „ליובים טאָרצאָוו“. דער ספּעקטאַקל „אָרימ־קייט איז נישט קיין חטא“ איז געגעבן געוואָרן אין בנין אויפן „ענגלישן ברעג“ נומ. 6, וווהין די שול האָט זיך איינקוואַרטירט צו אונדזער צווייטן לערניאָר (1908/9). צום באַדויערן האָבן זיך אין זכרון ביי מיר פאַרווישט די גרענעצן צווישן צווייטן און דריטן יאָר: מיר האָבן אויפגעפירט און געשפּילט פאַר פולגעפּאַקטע זאַלן אַ ריי פּיעסן — גאַנצע און פראַגמענטן פון זיי — פון רוסישער און אַלוועלטלעכער קלאַסיק, אָדער מאָדערנע טע־אַטער־שלאַגערס. איך געדענק (אין צווייטן לערניאָר?) די אויפפירונג פון זודערמאַנס „שמעטערלינגשלאַכט“, אין וועלכער איך האָב געשפּילט די ראָלע פון „קעסלערן“ און קאָפּירט בראַוויטשן, וועלכן כ'האָב געזען מיט קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ. יענעם יאָר איז געגעבן געוואָרן „האַמלעט“ מיט 4 אויספירער. דערביי האָב איך געשפּילט פון אָנהייב ביז העלפט פון 3 אַקט (ניי אין קלויסטער, אָפעליע“!). 3־טן אַקט און 4־טן ביזן סוף — האָט געשפּילט וואַסיאַ סאָפּראָנאָוו, דער היינט זייער פּאָפּולערער „פאָלקס־אַרטיסט פון פּסקר“, די סצענע אויפן בית־עולם — באַראָגיכין, וועלכער איז געוואָרן אַן אָנגעזעענער שוישפּילער און געשטאָרבן יונגערהייט אין משוגעים־הויז... ער האָט איבערגעלאָזט אַ פילם וועגן אַ באַרימטן פרייהייטס־קעמפער, וואָס איז געשטאָרבן אין טרויעריק־באַרימטן „ראַוועלינישן“ קאַזעמאַט פון שליסלבורגער פעסטונג. מען האָט מיר דערציילט, אַז באַראַניכינס לעצטער עטאַפּ איז געווען אַ גענוי בילד פון דעם, וואָס ער האָט געשפּילט אין פילם... דעם סוף פון „האַמלעט“ האָט געשפּילט גלינסקי, שפּעטער — אַן אַרטיסט פון ליטווישן טעאַטער...

וועגן דעם מערקווירדיקן ספּעקטאַקל איז מיר אויסגעקומען צו דער־ציילן, שילדערנדיק מאָסקאָווסקין אין „האַמלעט“ (2 טייל, קאַפּיטל: „בערלין“). דאָ וויל איך זיך אומקערן צום פונקט „פּראָוואָזשי־טעלסטוואָ“...

איך האָב, ווי אויבן שוין דערציילט, נישט גערוט ביי טאָג, נישט גע־שלאָפן ביינאַכט. כ'פלעג, אַרייַנקומענדיק אַהיים, נאָך נישט באַווייזן אָנ־צינדן ליכט, שוין לויפן צום טיש און אינדערפינצטער זוכן אַ מעלדונג, אַז מען רופט מיך אין פּאָליציי־רעווי... ס'איז געוואָרן אַ פּסיכאָז, אַ „מאַניאַ פּאַראַנאָיקאַ“ * און דעם טאָג, ווען כ'האָב געדאַרפט שפּילן „האַמלעט“

* פאַרפאָלגונגס־מאַניע.

קום איך אַהיים און — ס'איז געשען: דער „דוואָרניק" האָט אין נאָמען פון פּאַספּאָרטיסט געמאָלדן, איך זאָל קומען אין רעווי אַריין...

אפשר האָב איך געקאָנט אָפּלייגן דעם וויזיט אויף איין טאָג, אָבער... שפּילן „האַמלעט" מיט אַזאַ „שטיין" אויפן האַרצן האָב איך נ י ש ט געקאָנט און כ'בין אַוועק אין רעווי אַריין.

דער פּאַספּאָרטיסט, אַן עלטערער, זייער פריינדלעכער מענטש, וואָס איז שטענדיק צו מיר געווען זייער האַרציק, האָט מיך דאָס מאָל אויפגע־נומען באַזונדערס וואַרעם.

— זעצט זיך, הער מנקר. איך האָב פאַר אייך גוטע נייעס...

כ'האָב זיך געזעצט אויפן פאָרגעלייגטן שטול און קוק און וואַרט.

ער שמייכלט און שווייגט.

— איר האָט דערלאַנגט אַ בקשה צו זיין מאַיעסטעט דעם הערן אימפּעראַטאָר?

איך קוועטש מיט די שולטערן: כ'ווייס נישט פון וואָס צו זאָגן.

— נו, דאָס איז אייער רעכט צו האַלטן דעם ענין בסוד ביז איר וועט וויסן דעם רעזולטאַט. אָבער איך קאָן אייך גראַטולירן: לויט אַלע סימנים וועט אייער ווענדונג געקרוינט ווערן מיט דערפאָלג. מיר האָבן געקריגן וועגן אייך אַן אָנפראַגע פון מיניסטעריום פון קייזערלעכן הויף. מיר האָבן וועגן אייך געגעבן דעם גינסטיקסטן ענטפער, פאַרשטייט זיך. און אַזוי ווי אייער אַדרעס ביי אונדז איז דער לעצטער, דאַרף מען אָננעמען, אַז ביז אונדז זענען אַלע אינפאָרמאַציעס וועגן אייך — גינסטיקע, ווייל על פּי סדר פרעגט מען לויטן לעצטן אַדרעס אָן צולעצט. כ'האָב געהאַלטן פאַר מיין אָנגענעמען חוב אייך וועגן דעם צו וויסן געבן, ווייל איך ווייס גוט ווי פיינ־לעך איר טראָגט די לאַסט פון רעכטלאָזיקייט אויף אייער יונגן געמיט. איך האָב אייך געזען אויף דער בינע, און מיך פרייט אייך צו זאָגן, אַז ס'וועט זיין גוט, הער מנקר. אַ ביסל געדולד!...

כ'בין אַוועק שפּילן „האַמלעט"... כ'האָב געשפּילט אַ צעשטראָלטער.

כ'האָב אויף מאָרגן דערציילט דאַלמאַטאָוון מיין נייעס.

— נו, אויב איר זאָגט, אַז איר אַליין האָט אין דער ריכטונג גאָר־נישט געטאָן, טוען, מסתמא, אַנדערע פאַר אייך... ס'בלייבט נאָר איבער צו וואַרטן אויף גינסטיקע רעזולטאַטן.

דאָס איז געווען סוף דעצעמבער 1908. פּונקט אַ חודש שפּעטער, אויך אין טאָג פון אַ ספּעקטאַקל אין שול — קומט דער דוואָרניק ווידער.

— איר ווערט געבעטן זיך מעלדן צום פּאַספּאָרטיסט.

— כ'וועל קומען מאָרגן.

— ניין. קומט באַלד, שוין. מיט מיר צוזאַמען.

כ'בין אַוועק און דערהערט:

— כ'פאַרשטיי נישט וואָס דאָ טוט זיך. אייער בקשה איז אָפּגעוואָרפן...

— כ'האָב קיין בקשה נישט געשיקט, הער פּאַספּאָרטיסט!

— נו, איצט איז נישטאָ וואָס צו שפּילן זיך אין באַהעלטעניש. און מאַכט נישט פאַר אַ נאַר זיך און מיך. אויב מען האָט אַנטזאָגט, האָט איר דאָך געבעטן.

כ'בין אַוועק ווי אַן אָפּגעשמיסענער. וואָס איז געשען האָב איך נישט אָנגעהויבן צו באַגרייפן.

געשפּילט האָט מען דעם אָוונט אַרטור שניצלערס טרילאָגיע — דריי איינאַקטערס: „פּאַראַצעלזיוס", „דאָס גרינע קאָקאַדו" און „די לעבנס־פריינדין"...

נאָכן לעצטן איינאַקטער איז אַרבאַטאָוו (ער האָט געמאַכט דעם ספּעקטאַקל) אַריין צו מיר אין גאַרדעראָבע, האָט לאַנג געדריקט מיר די הענט, געקושט מיך און געזאָגט:

— כ'בין קעגן אייך זייער שולדיק, מיין קינד. כ'האָב אייך נישט דערשאַצט.

איך בין געווען צעטראָגן פון מיין ידיעה אין רעווי. ס'איז געווען קלאָר, אַז איצט וועט מען מיך שוין נישט לאָזן צורו...

דאַלמאַטאָוו, צי וועלכן כ'בין אויף מאָרגן געקומען מיט מיין ביטערן געמיט, האָט שוין געוווּסט וועגן דער מפּלה און אויף מיין דערשטוינטן אויסרוף, אַז דאָ האָט עמיצער אָפּגעשפּילט מיט מיר אַ שפּיצל, ווייל איך האָב דאָך נישט געשריבן קיין בקשה, האָט ער אויסגערופן:

— די בקשה האָט געקאָנט שרייבן פאַר אייך אַ גוטער פריינד, אָבער אַ שפּיצל האָט איר געשפּילט, נישט קיין אַנדערע, מיט אייך... זאָגט מיר: ווו האָט איר פּאַקטיש געוווינט די לעצטע יאָרן? געמאָלדן זענט איר אין באָברויסק, געאַרבעט אין אַפּטייק האָט איר — אין ווילנע, געזעסן זענט איר אַנדערהאַלבן יאָר אין אויסלאַנד... ווי אַזוי זאָל דאָס מיניסטעריום פון קייזערלעכן הויף מאַכן פאַר אייך אַן אויסנאַם און אָפּוווענדן פון אייך אַ געזעץ, וואָס ווירקט אין דער אימפּעריע?... וואַרשיינלעך האָט עמעצער געוואָלט זיך דערשלאָגן פאַר אייך אַן אויסשליסלעכע פּריווילעגיע, אָבער ביי אַזאַ פּלאָנטער אין אייערע דאָקומענטן איז עס דורכגעפאַלן.

דער לייענער ווייס שוין, אַז פון 1904 ביז איך געווען „צוגעשריבן", אַלס אַפּטייקער־תלמיד אין ווילנע ביי שירווינטן; פון 1905 ביז 1907 בין איך געווען אין אויסלאַנד, און — באָברויסק איז אַ „מעשה" פאַר זיך.

אַלס אייניציקער זון האָב איך געהאַט אַבסאָלוטע רעכט באַפרייט צו ווערן פון מיליטער־דינסט. און קיינע „קונצן" און „דריידלעך" זענען דער־ביי נישט נויטיק געווען. זענען אָבער געווען ביי יעדן ספּעציעלע פּראָפע־סיעס: פעלשן פּאַקטן; פאַרדרייען קעפּ; פאַרקריפּלען פאַרהעלטעניש צווישן מענטשן; מאַכן פון טאָג — נאַכט, פון זומער — ווינטער, פון ביימער — בווידעמס...

איז מען געקומען צו מיין פּאָטער־מוטער, און מען האָט זיי „דער־קלערט", אַז אויב אַזאַ נגידישער בן־יחיד, אַן אַרטיסט, אַן אָנגעזעענער יונג מיט ביינער, אָן עין־הרע, וועט אין ווילנע „שטיין צום פּריזיוו" און קריגן דאָ אַ „בלויען בילעט" (פריי פון דינסט), וועלן נויטבאַדערפטיקע גאָוואָבראַנצעס באַלאַגערן די טרעפּ און די טירן און באַדערן אויסקויפּ־געלט.

וואָס זשע טוט מען?

מען דאַרף „אַ ר י ב ע ר ט ר אָ ג ן" דעם פּריזיוו ערגעץ אַנדערש! גערעדט און געטאָן!

די „נויטבאַדערפטיקע גאָוואָבראַנצעס" וואָלט מען געדאַרפט געבן „אויסקויפּגעלט" א קימא לן פון, לאָמיר זאָגן, 1.000 רובל? און וואָס האָבן גענומען די ליבהאַרציקע „ספּעציאַליסטן"? און הוצאות קיין באָברויסק? און זיצן דאָרטן אַ וואָך צייט? און באַזאָרגן, אַז די מעלדונגען אין די בי־כער זאָלן נישט ווערן צו „שאַרף" געפּאַרשט?

אַ קיצור: ס'האָט נ י ש ט „געלוינט" צו אַנטלויפן קיין באָברויסק. און איצט איז צ ו ל י ב דעם פאַרשפּילט געוואָרן אַ „קאַרט", וואָס איז ווערט מער ווי דער אויסקויף פון ווילנער „גאָוואָבראַנצעס"...

פאַרפאַלן,

און פאַרלוירן!

א ו ן פ אַ ר ש פּ י ל ט...

מיט דער צייט האָב איך זיך דערוווסט, אַז דאַלמאַטאָוו האָט געהאַט בדעה צום פאַרענדיקן די שול צוזאַמען מיטן דיפּלאָם מיר דערלאַנגען אַזאַ מתנה: אַן אויסנאַמווייזע דערלויבעניש צו שפּילן מעאַטער אומעטום. אַזאַ דערלויבעניש האָבן העמלט געהאַט צ ו ו י פאַרשוין: דער מעגאָר דאַווידאָוו און דער סקולפּטאָר אַראָנסאָן, אַנטאָקאָלסקים ב ע ס ט ע ר תלמיד...

דעם ענין — לויט מיינע ידיעות — האָט דאַלמאַטאָוו דערפירט אזוי ווייט, אַז סוואָרין האָט דורכן אינערן-מיניסטעריום זיך געוואָנדן צום הויף-מיניסטעריום, ווייל אַזאַ ענין האָט געקאָנט דערליידיקט ווערן אויסשליסלעך פון קיסרס קאַבינעט... און אַלץ איז געגאַנגען כשורה. דער פּאַספּאָרטיסט האָט געהאַלטן דעם ענין פאַר געווונען. האָט דער שווינדל מיט די דריי אַדרעסן אין איין צייט אַלץ צעשטערט.

צום באַדויערן האָבן זיך מיר — ווי באַטאָנט — אין זכרון פאַרפלאָנטערט געשעענישן פון צווייטן און דריטן לערניאָרן.

די מעשה מיט דעם דורכגעפאַלענעם פּרוּוו צו דערשלאָגן זיך פאַר מיינעטוועגן ווינגרעכט, האָט לויטן שכל הישר געדאַרפט פאָרקומען אין דריטן לערניאָר — 1909/10...

## VII. אַ פּעדער אין האַנט

אין צווייטן לערניאָר האָב איך צו פֿאַרצייכענען די דאַטע פֿון מיין ערשטן געדרוקטן אַרטיקל: סוף 1908.

צום פֿאָרשטייענדיקן ערשטן צוזאַמענפֿאָר פֿון רעזשיסערן אין מאָס־קווע האָב איך אָנגעשריבן אַן אַרטיקל: „צווײ ראַסן" און אָפּגעגעבן — גלאַגאָלינען.

ער איז געווען דער רעדאַקטאָר פֿון „זשורנאַל פֿון טעאַטער פֿון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער געזעלשאַפֿט", אַ פּרעכטיק אילוסטרירטע צייטשריפֿט, וועלכע פֿלעגט דערשיינען צו יעדער פּרעמיערע אין סוואָרינס טעאַטער...

מיין אַרטיקל איז געווען אַ וואַריאַציע אויף די מאָטיוון פֿון קוגעלס קאַמף מיט דער ריכטונג פֿון מאָסקווער קונסט־טעאַטער... אַ „פּעדער אין האַנט" האָב איך שוין, משמעות, געקאָנט האַלטן; ייִנגלשע היץ האָט מיר נישט געפֿעלט; דער אַרטיקל איז געווען אָנגעשריבן מיט אײנפֿאַל און שאַרפֿקייט. און פֿאַרענדיקט האָב איך אים מיט אַ פּאַראַפֿראַז פֿון אָסט־ראָווסקיס „ביעלוגין":

„עך, איר, גרויאינקע, וווהין וועט איר פֿאַרשלעפּן!"

גלאַגאָלין האָט אָבער די פֿראַזע אויסגעשטראָכן און צוגעשריבן אַן אַנדערע; האָט זיך באַקומען אַ סוף בזה הלשון:

„און די קינדער פֿון דער ראַמפּע וועלן איינשטימיק אַ געשריי טאָן צו די שונאים זייערע:

— גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר, הערן רעזשיסערן!"

אין שול איז פֿון נישט לאַנג צוריק געווען צוגעקומען אַגאַטאָלי אי־וואַנאָוויטש דאָלינאָוו, ביי וועלכן — ווי דער לייענער ווייס — איך האָב געמאַכט די ערשטע שריט מיט 3 יאָר צוריק אין אָדעס.

1908 XII

# ДВѢ РАСЫ.

Да развѣ могутъ быть ученики
И ихъ учителя въ той высшей сферѣ
Познанія, гдѣ каждый нашъ привципъ,
Мысль каждая должна рождаться
Въ крови у насъ?

*К. Гуцковъ.*

Въ № 1 «Театра и Искусства» напечатана статья Homo Novus'а по поводу предстоящаго постомъ съѣзда режиссеровъ. Критикъ пишетъ о томъ, что въ настоящее время заполняетъ душу и мозгъ каждаго актера... Походъ бездарности противъ таланта, походъ толпы противъ личности, походъ Молчалиныхъ и Тугоуховскихъ противъ Чацкихъ... «Ансамбль» совсѣмъ завладѣлъ современной сценой. «Настроеніе» вытѣснило игру... Атмосфера создалась такая, что яркому проявленію темперамента совершенно невозможно развиваться. Видишь, какъ на каждомъ

Но теперь, передъ новымъ съѣздомъ господъ режиссеровъ, хотѣлось бы, чтобъ актеръ заговорилъ... Надо, чтобы и его оставили въ покоѣ гг. режиссеры. Хорошо сидѣть въ обществѣ воспитанныхъ и образованныхъ людей, если они пришли свои знанія и манеры отдать вамъ, если они хотятъ быть вамъ полезными, но если они умиленные красотою и силою электричества, предпочли все это актеру; разъ они убѣждены, что кутро съ локомотивомъ не поспоритъ, что игра души—ерунда, а сила въ математической формулѣ; разъ это такъ,—то Богъ съ ними... Стыдно, преступно, кощунственно для актера служить дѣлу, отрицающему Мочалова...

Вонъ ихъ съ подмостокъ этихъ режиссеровъ!.. Быть можетъ, станетъ грустно на первое время—привыкли,—такъ ужъ лучше съ горя выпить и съ пьянымъ вдохновеніемъ подойти къ

лей заслуживаютъ упоминанія г-жа Корчагина-Александрова, выдѣлившаяся въ роли няни. Режиссировалъ Н. Н. Арбатовъ, какъ всегда хорошо, но дѣла для него въ пьесѣ было немного. К. Арабажинъ. *****

«Рѣчь»: Горячіе діалоги Дарьи и Федора (г-жа Рощина-Инсарова и г. Блюменталь-Тамаринъ), проведенные съ силою и блескомъ, были встрѣчены особенно переполнившей театръ публикой; автора

דער ערשטער פארעפנטלעכטער ארטיקל

ער האָט געפירט די פּראָבן פון „וואַניושינס קינדער", ווו איך האָב געשפּילט „וואַניושינען".

האָבנדיק איבערגעלייענט מיינע „צוויי ראסן", האָט ער געמאָלדן, אַז דאָס האָט אָנגעשריבן איינער, וואָס האָט געמוזט זיין אויף זיינע פּראָבן, ווייל אַ ריי געדאַנקען זענען פּשוטע ציטאַטן פון דער סטענאָגראַמע, וועו אַזא זאַל געפירט ווערן. און היות אונטערן אַרטיקל שטייען אותיות: „א. מ.", איז עס אָן ספק — מנקר!

און — קורץ און שאַרף: אַזא אַטאַקע פון אַ שילער אויף זיינע איינע־נע לערער איז נישט דערלאָזבאַר... און — „אָדער ער, אָדער איך". עטלעכע פּעדאַגאָגן האָבן אים אונטערגעשטיצט: „נ י ש ט ־ ד ע ר ל אָ ז ב אַ ר ! אויסשליסן פון שול!"

דאַלמאַטאָוו — וועלכן, אגב, דער אַרטיקל איז שטאַרק געפעלן גע־וואָרן — האָט מיט אותות ומופתים געפּרווט באַווייזן, אַז... „נ יי ן ! ס'איז נישט מנקר"...

מנקר גילט פון עקזאַמען גאָך פאַר אַ האַלבן אַנאַלפאַבעט...

צום אויסשליסן דאַרף מען האָבן אַן אויסשעפּנדיקן, פעסטן יסוד, נישט קיין „סברות". דעם עניין דאַרף מען אויספאָרשן און ערשט דאַן — באַשליסן.

ער האָט מיך אַריינגערופן צו זיך אונטער „4 אויגן".

— איר האָט דאָך די „צוויי ראסן" נ י ש ט געשריבן? ס'זענען דאָך נישט אייערע איניציאַלן?

— כ'האָב יאָ געשריבן, וואסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש! עס זענען מיינע איניציאַלן.

א לאַנגע, שווערע פּויזע.

— נו, דאָס בלייבט צווישן אונדז. מיר וועלן דעם עניין פאָרשן. די געמיטער וועלן זיך אָפּקילן. דערווייטערן אייך פון שול וויל איך נישט. און איינהאַלטן אייך, אויב ס'וועט זיך אַרויסווייזן, אַז איר זענט דער מחבר, וועט מיר נישט געלינגען... איר מוזט מיר העלפן. זאָגט זיך אָפּ פון אַרטיקל.

— וואסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש! איר פאַרלאַנגט פון מיר ביי מיין ערשטן טראָט אין זשורנאַליסטיק צו האַנדלען ווי אַ פחדן! איך קאָן אייך נאָר זאָגן צוויי זאַכן: ערשטנס, וועל איך מער ק יי נ מ אָ ל נישט חתמענען מיינע אַרטיקלען מיט איניציאַלן, נאָר מיטן פולן נאָמען... צווייטנס, בעט איך אייך זאָגן אַלע מיינע באַשולדיקער, אַז אויב זיי זענען אויפגעבראַכט



# Вѣчная слава Коклэну...

Constan Coquelin Aîné, какъ величала его афиша.

Вспоминается мнѣ Boulevard Sebastopol, гдѣ три года тому назадъ въ театрѣ Gaîté давалъ спектакли любимецъ всего Парижа. Была осень ненастная, нехорошая. Весь во власти впечатлѣнія отъ игры великаго comedien, сидѣлъ я на имперіалѣ «черепахи», какъ среди русскихъ называли неуклюжіе вагоны трамвая.

Это было послѣ заурядного утренника. Шелъ Le Bourgeois-Gentil homme и Коклэнъ такъ тонко, съ такой геніальной простотой изображалъ Журдена, что и теперь теряешь способность говорить, когда вызываешь въ воображеніи отдѣльныя сцены.

Театръ былъ болѣе чѣмъ наполовину пустъ. Для избалованнаго парижанина спектакль не представлялъ интереса, но для меня это былъ праздникъ и, глядя на сцену, я шепталъ: «Господи, Господи, что это!..» Я не могъ забыть, что предо мной актеръ, ибо все на сценѣ было необычно... И, помня, что это—актеръ, я не могъ надивиться, какъ онъ въ такой пьесѣ, въ такой роли не дѣлаетъ ни одного лишняго жеста, не выпадываетъ ни одного «фортеля», даже «мягкаго», а, оставаясь тонкимъ, изысканнымъ художникомъ, заставляетъ хохотать до слезъ.

Былъ я въ театрѣ на самомъ верху галлереи. Въ сценѣ, гдѣ Журдэнъ кланяется Доримену, «persone de grande qualité», зрители буквально покатывались. А я не могъ смѣяться... Я застылъ. Онъ трижды кланяется. Я затаилъ дыханіе и чувствовалъ, что черезъ минуту, когда онъ кончитъ, театръ дрогнетъ отъ аплодисментовъ... Вотъ, еще моментъ... Сейчасъ начнутъ! И вдругъ у меня надъ самымъ ухомъ раздалось: «Et bien, allez»... Это былъ шефъ клаки. За его окрикомъ послѣдовало бездушное хлопанье и холодные крики: «bravo!»—Клака! Я посмотрѣлъ вокругъ, ожидая, что вся публика въ бѣшенствѣ бросится на человѣка, который такъ грубо нарушилъ настроеніе молитвы. Но публика молчала, и кое-кто присоединилъ свои хлопки къ благопріобрѣтеннымъ.

Сидя на имперіалѣ трамвая и глядя на многолюдный бульваръ, на освѣщенныя окна магазиновъ, на разноцвѣтныя лампочки рекламы, на слякоть, на грязь, на женщинъ, на подростковъ — на все, что представляетъ Boulevard Sebastopol въ 6-мъ часу ноябрьскаго вечера,—я думалъ о великомъ творчествѣ великаго артиста и спрашивалъ себя: «Неужели онъ не можетъ обойтись безъ этихъ темныхъ личностей, что украли у меня молитву... Неужели ему необходима ихъ поддержка, ихъ услуги... Было обидно, больно, хотѣлось плакать...

. . . . . . . . . . . . . . . . . . . .

Коклэнъ умеръ... Глядя въ слѣдъ печальной процессіи, сопровождающей великаго француза въ вѣчность, я вспоминаю тѣ минуты, когда онъ, стоя у рампы, созидалъ безсмертіе имени своему, и я видѣлъ его...

Великій учитель! Грязь и будни бульваровъ, которые проникаютъ на всѣ святые алтари не грязнятъ истинныхъ жрецовъ и не умаляютъ ихъ подвиговъ.

Земная твоя жизнь съ клакой, слякотью и всѣми уступками грязнымъ силамъ бульвара, кончилась... Теперь началась чистая ненарушимая молитва.

Онъ умеръ, но будетъ вѣчно жить... Его завѣты будутъ законами для тѣхъ служителей сцены, которые понимаютъ что есть «актеръ»... Онъ въ теоріи отрицалъ то, что для соотечественниковъ Мочалова — все: интуицію, вдохновенный экстазъ...

Но кто видѣлъ его въ «Sirano de Bergerac», тотъ знаетъ, что не на разумѣ и техникѣ онъ уносился такъ высоко... Не могъ бы онъ занести зрителя въ область мечты; не могъ бы, не сгарая самъ, зажечь сердце желаніемъ кричать: «Осанна!»

Станемъ на колѣни передъ прахомъ великаго актера и пошлемъ надъ могилой его молитву о томъ, что милостью Божьей явились достойные великихъ мертвецовъ живыя силы и чтобы сцена не попала въ чужія руки...

Вѣчная слава Коклэну!

*А. Мирскій.*

„קאָקלען אן אייביקן לויב“

פון „גייט צו אַלדי שוואַרצע יאָר, הערן רעזשיסערן!“ געהערט די פראַזע נישט מיר. איך האָב אַנדערש פאַרענדיקט.

דאלמאַטאָוו האָט מיך פאַרחידושט אָנגעקוקט...

— ווי אַזוי זשע האָט איר פאַרענדיקט?

— פון „ביעלוגינען“: — „עד, איר, גרויאיבקע ווהין וועט איר פאַרשלעפן“...

ער האָט זיך פאַנאַנדערגעלאַכט און אומגעריכט געוואָרן ערנסט.

— דאָס איז נאָך ערגער, ווייל — שטיער. דאָרטן האָבן זיי זיך געטרייסט מיט דער גראָבקייט פון אָנפאַלער. דאָ איז שיין און טרעפט אין פינטל אריין. מילא, גייט בשלום און שווייגט ווי אַ מויל פול מיט וואַסער.

— אָבער זאָגן אייך מוז איך: יענעם טורעם וועט איר נישט אויסמיידן — ער האָט לאַכנדיק אָנגעוויזן דורכן פענצטער אויף דער פעטראָפאַוולאָווסקער פעסטונג.

— מיט אַזאַ מין פעדער מוז מען זיך פריער־שפעטער „אַוועקזעצן“... איר וועט זיצן, מיין זון. גייט דערווייל געזונטערהייט.

די „אויספאָרשונג“ האָט זיך פאַרצויגן. אַ וואָך 4 נאָך דעם איז אין פאַריז געשטאָרבן דער עלטערער קאָקלען. איך האָב אָנגעשריבן מיין צווייטן ארטיקל („קאָקלען און אייביקן לויב“) געחתמעט: „א. מאָרעוו־סקי“.

גלאַגאָלין האָט מיר געמאָלדן, אַז ראַזאַנאָוו האָט אים געפרעגט ווער איז דער מחבר און, דערהערנדיק, אַז דאָס איז „אַ יונגער אַקטיאָר“, האָט ער געבעטן איבערגעבן אין זיין נאָמען, אַז איך זאָל נישט זוכן קיין גליקן אויף דער בינע, ווייל כ׳האָב מיין באַרוף שוין געפונען: דאָס איז ליטע־ראַטור.

— זאָגט אים, אַז ער איז אַ פולבלוטיקער שרייבער.

— ווער איז עס: „ראַזאַנאָוו“, באָרים סערגעיעוויטש?

— ראַזאַנאָוו קענט איר נישט? וואָס זשע זענט איר פאַר אַ „ייד“? וואַסילי וואַסיליעוויטש ראַזאַנאָוו איז געווען איינער פון די „דריי קיטן“ * פון „נאָוואָיע וורעמיאַ“: סוואָרין, מענשיקאָוו און ראַזאַנאָוו. אַ פי־לאָזאָף פון דער זעלביקער שיטה, וואָס דער באַרימטער וולאַדימיר סאָלאָ־וויאָוו... „פראַוואָסלאַוויע, זעלבסטהערשאַפט און פאָלקסטום“ — זענען לויט דער דאָזיקער שיטה געווען די דריי יסודות פון קיום האומה פאַרן

---

* וואַלפישן. דאָ — געמיינט: ז יי ל ן.

רוסישן פאָלק. אָבער בעת סאָלאָוויאָוו איז געווען אַ מוסטער פון ריינעם מענטשנגעוויסן (ווי באַוווסט, האָט ער אין גסיסה תפילה געטאָן „פאַרן געררודפטן יידישן פאָלק“), זענען אַנדערע אין דעם לאַגער געווען ווייט פון מין „מוסטער־מענטשן“... ראַזאַנאָוו, ווי דאָס גאַנצע געזינדל אין „נאָוואָיע וורעמיאַ“, איז געווען אַ ק אַ ר י ע ר י ס ט, אַ פאַרשוין, ביי וועמען די שטים פון געוויסן איז געווען פאַרטויבט דורך מערקאַנטילע, „פראַקטישע“ לעבנס־חשבונות... ממילא, האָט ער נישט געקאָנט זיין קיין טיפער, אויפריכטיקער פילאָזאָף אין זיינע באַציונגען צו די פראַגן פון יענע יאָרן און טעג... וואָס אים האָט נישט „געלוינט“, האָט ער נישט געפרייִדיקט. אָבער אַ פען האָט ער געהאַט אַ דערשיטערנדיקע....

ס'איז גענוג צו זאָגן — פאַרלויפנדיק אונדזער דערציילונג אַ יאָר 5 פאָרויס — אַז בעתן ביילים־פראָצעס אין 1913, האָבנדיק איבערגעלייענט זיינס אַן אַרטיקל וועגן עלילת־דם, האָב איך געפרעגט מיין פאָטער, צי איז פאָרט נישטאָ ערגעץ ביי חסידים, ביי מקובלים, אַ סעקטע, וואָס דאַרף האָבן בלוט צו ריטועלע צוועקן... (דער פאָטער האָט לאַנגע וואָכן מיך אויסגעמיטן, נישט געוואָלט מיט מיר רעדן...) דערביי, ווי ווייט איך געדענק, האָט ראַזאַנאָוו די עצם באַשולדיקונג קעגן בייליסן נישט אונטערגעהאַלטן: ד ע ר י י ד, אין ד ע ם פאַל, איז אומשולדיק, אָבער ער איז נישט מסכים מיט דער הנחה, אַז דער רעליגיעזער ריטואַל לויט יהדות איז פרעמד צום קולט פון בלוט — האָט האַלט ער פאַר פאַלש... „ואומר לך: בדמיך חיי“ איז אַ קולט פון בלוט“...

אַ קיצור: אַ פעדער — אַ מזיק, אַ מייסטער פון וואָרט!

און ראַזאַנאָוו האָט עס מיך באַשטימט פאַר אַ „שרייבער“... אַ יאָר 15 שפּעטער האָט מיך ש ל ו ם אַ ש, אומגעריכט טרעפנדיק אין גאַס (אין וואַרשע), דראַסטיש, אויף זיין אופן, אַ געשריי געטאָן:

— וואָס פאַרדרייט איר די קעפּ זיך און אַנדערע? טיאַטער־שמאַטער... ווער דאַרף עס האָבן? זעצט זיך אַוועק און שרייבט.

און אויף מיין פאַרחידושטן און, מסתמא, דערשראָקענעם בליק, האָט ער צוגעגעבן:

— איר זענט אַזאַ שרייבער ווי איך...

למען האמת וויל איך דערציילן, אַז דוד בערגעלסאָן האָט מיר אַמאָל געזאָגט:

— איר זענט אַ מענטש מיט אַ פעדער אין האַנט, מאָרעווסקי, אָבער

קיין שריפטשטעלער זענט איר נישט — דאָס דאַרפט איר וויסן און געדענקען...

ווי עס זאָל נישט זיין, איז מיין אַרטיקל „צוויי ראסן" סוף 1908 געווען מיין ערשטער אויפטריט אויף דעם געביט, און די דאַטע איז מיר וויכטיק און ליב נישט ווייניקער ווי אַ ריי אָפּגעהאַלטענע „טריומפן" אויף דער שול־בינע. און אין אַקטיוו פון צווייטן לערניאָר, צוזאַמען מיטן פענצטער צו דער זון, מיט דער איבערגעלעבטער כאָלערע, מיט עטלעכע פריידיקע דערהנרייכונגען אויף דער בינע מוז ווערן פאַרצייכנט מיין ערשטער טראָט אין געדרוקטן וואָרט.

* *
*

דעם זומער 1909 האָבן מיר ווידער געוווינט אין „זאַקרעטער" וואַלד. דאָ איז כהאי צו שילדערן די משפּחה ציונסאָן, מיט וועלכער מיר פלעגן יענעם זומער פאַרברענגען טעג און נעכט. דער פאָטער איז געווען אַן ערשטקלאַסיקער זינגער („באַזילעווסקי"), וועלכער איז אַוועק פון אָפּערן־טעאַטער צוליב זיין צאַרטן כאַראַקטער, וואָס האָט נישט פאַרדייעט די זיטן און אַטמאָספער פון דער קוליסן־וועלט. האָט ער געעפנט אַ דרוקעריי און דערפון געהאַט חיונה. צוויי זין האָבן געהאַט פּרעכטיקע שטימען: ליאָווע — אַ באַריטאָן (ווי דער פאָטער) און דאַניעל — אַ טענאָר. דער לעצטער איז אַ יאָר צען שפּעטער, נאָך דער רעוואָלוציע, געוואָרן אַ באַרימטער זינגער (דאַניעלעווסקי) אין „מאַריאינסקי"־טעאַטער.

אָבער דער „העלד" פון דער משפּחה ציונסאָן איז געווען איר בכוד און ליבלינג —

— אָסיאַ!

אָסיאַ ציונסאָן האָט פאַרענדיקט די רעאַל־שול, געלערנט ביי דאַדייקינען, מיט וועלכן מיר האָבן דעם לייענער באַקענט אין אונדזער ערשטן טייל... צוזאַמען מיט אַנדערע „רעאַליסטן" — ידידים פון מיינע קינדעריאָרן — האָב איך זיך מיט אסיען באַקענט אין אויסלאַנד און מיר האָבן זיך דערנענטערט און באַפריינדעט. די פריינדשאַפט האָט אָנגעהאַלטן עטלעכע יאָר און יענעם זומער דערגרייכט צום „זעניט": מיר פלעגן זיך קיינמאָל נישט שיידן. משמעות, צוליבן פעסטן כלל, וואָס קלינגט אין פראַנצויזיש Les extremes se touchent.

„קעגנזאצן טרעפן זיך“. און אָט־די פריינדשאַפט האָט אויף מיר געהאַט אומגעריכט אַ טיפע ווירקונג. אסיע איז געווען פעיק צו באַטייליקן זיך אין א טעראָריסטישן אָנפאַל און „עקספּראָפּריאירן“ 500 רובל פאַר רעוואָלוציאָנערע צוועקן. אַזוי, ווייניקסטנס, האָט ער מיר אַמאָל געזאָגט, ליגנדיק אויפן הויכן ברעג פון דער ווילִיע, בעת מיר האָבן געפירט אַ גע־שפּרעך וועגן שילערס „די רויבער“... אויף מיין באַמערקונג, אַז אין באַנ־דיטיזם שטויסט מיך אָפּ פריער פון אַלץ דער גלייכגילט צו יענעמס פאַרגאָ־סענעם בלוט, און קיינע שום „הויכע“, „דערהויבענע“ צוועקן קאָנען מיך נישט צווינגען צו קוקן אַנדערש ווי מיט טיפן עקל אויף אַן אָנפאַל מיט געווער אין האַנט אויף אַ שוצלאָזן, האָט ער מיר געענטפערט מיט חוזק: „דו ביסט אַן אידעאַליסט!“

— אויב אידעאַליזם איז א חטא — האָב איך אויסגערופן — טאָ וואָס אויסער רויב־אָנפאַל פאַרבלייבט פון דיין טעראָריסטישן עקספּראָ־פּריאציע־אָנפאַל!?

— „דער פּראַקטישער אויפטו“ — הער איך.

— ווייס איך נישט אויב אַזאַ „פּראַקטישער אויפטו“ צו ברענגען אַ פונט ברויט דער הונגעריקער מוטער איז מער פאַרברעך, ווי קריגן 500 רובל פאַר דער פּאַרטיי־קאַסע.

— ביסט אפשר גערעכט, אבראשקע, אָבער דער אויספיר איז נישט דער, וועלכן דו ווילסט אָנוואַרפן. ווער עס וועט פון די עקספּראָפּריאירטע 500 רובל אַראָפּנעמען פאַר זיין הונגעריקער מאַמען אַ טייל, ווער ס'וועט אַליין אַוועקגעבן דער פּאַרטיי־קאַסע — דאָס איז אַ צווייטע פראַגע. דער עיקר איז, וואָס דיין „עקל“ צום עצם־אָנפאַל איז — קליינבירגערלעכער אידעאַליזם. און אויף דעם אופן קאָן מען נישט שטירצן דעם אַלטן סדר און נישט לייגן פונדאַמענטן פון נייעם...

— דערקלער מיר דאַן, פאַרוואָס טאָר אַזאַ מין עקספּראָפּריאַטאָר, האָבנדיק איינגעשטעלט זיין לעבן בעת דער „אַקציע“, נישט אַראָפּנעמען אַ חלק צו קויפן פראַנצויזישן פאַרפום פאַר זיין געליבטן מיידל? צו וואָס דווקא אַ „הונגעריקע מאַמע?“ און אויב זיין יינגסטן ברודער פעלט 10 רובל צו קויפן לערנביכלעך צום נייעם שול־יאָר, פאַרוואָס טאָר ער א י ם נישט ארויסהעלפן מיט אַ סכום פון עקספּראָפּריאירטן געלט?

— ווער זאָגט, אַז ער טאָר נישט?

— א י ך זאָג! — בין איך אויפגעשפּרונגען: ווייל פּערזענלעכע עטיק איז דער יסוד פון מענטשלעכער מאָראַל.

— דו זאָגסט דאָך אויך, אַז איבערשרייבן ביים פּאַפּ דעם פּאַס איז נישט עמיש. און דיין עמיק מאַכט, אַז דו צעטרעטסט מיט די פיס דיין טאַלאַנט, דיין לעבנס־גליק, דיין צוקונפט... ווער דאַרף עס האָבן? ווען מאַכסטו דערמיט גליקלעך? דיין טאַטע־מאַמען האָסטו פאַרביטערט זייער עלטער ווען דו ביסט געוואָרן אַ אַקטיאָר. און גיין אַ שריט ווייטער, עפּע־נען פאַר זיך די טויערן פון דער וועלט — זאָגסטו זיך אָפּ אין נאָמען פון דיין אויסגעטראַכטער, פאַרשימלטער, חלשותדיקער „עמיק". הער אויף צו פריידיקן דיינע אָפּגעלעבטע, אויסגעדראָשענע געבאָטן. דו ביסט אַ מענטש מיט פלאַם אין האַרצן און לעבסט ווי אַ פראָש אין אַ שטייענ־דיקער, פאַרגליווערטער, מיט שימל באַדעקטער לוזשע...

דאָס איז דאָ באַשריבן געוואָרן, כדי צו באַלויכטן מיין דריטן שול־יאָר. איך האָב אַרומגעוואַנדערט איבער פעלד און וואַלד; געזוכט אַ שפּאַרע, אַ שפּעלטל זיך אַרויסצוקריגן פון מיין פאַרכישופטן און פאַרשאָלטענעם קרייז... — וווּנדערבאַר! וואָס טוט מען?

אָסיע ציונסאָן האָט מיך טעג און אָוונטן ביז ווייט נאָך האַלבער נאַכט אין משך פון דריי פיר חדשים פשוט געפּייניקט, שילדערנדיק ווי אַזוי זיין פאָטער האָט אַליין בידים צו־נישט געמאַכט זיין גלענצענדיקע צוקונפט און גיסט אויס זיין האַרץ, זינגענדיק אין צימער ביי זיך די אַריעס פון „ריגאָלעטטאָ", „אַמאַנאַסראַ", און ווישט פון די אויגן זיינע ביטערע טרערן. — דו ביסט אַזאַ טויגעניכטס, לאָ־יוצלח, ווי ער!

יאָרן שפּעטער האָט אָסיע געליטן פון אַ באַן־קאַטאַסטראָפע, עס האָט אים אָפּגעהאַקט די פיס. אָבער ער האָט זיך אויסקורירט, געזונט געוואָרן און באַקומען אַ גרויסע סומע ביי דער אייזנבאַן־פאַרוואַלטונג... ער האָט אָנגעהויבן אַ וועג פון כסדרדיקע אַוואַנטורעס. איינגיכן האָט אים ווידער „אָפּגעגליקט": אין בערלין האָט זיך ביי „פּאָטסדאַמער פּלאַץ" איבערגע־קערט אַן אויטאָבוס, אין וועלכן ער איז געפאָרן, און ער האָט וו י ד ע ר באַקומען אַ גרויסע סומע. ווייטער האָט ער שוין „געוועבט" אַזאַ שנור פון גליטשיקע רינגען.

ווייל די מ י נ ו ט ן, וואָס האָבן נישט געלאָזט זיין פאָטער — און מיך און טויזנטער פון ד ע ם מ י ן יידישע מענטשן — מאַכן חוזק פון „עמישע געטילן", האָבן פאַר אים נישט עקזיסטירט.

און פאַר מיר, קוקנדיק אויף זיין יעדן קער, האָרכנדיק זיינע דיבורים וועגן עקספּראָפּריאַציעס, זענען די פעדים פון עמישן טאַרמאָז געוואָרן מיט יעדן טאָג — שטאַרקער...

כ'האָב אים ליב געהאַט: מיר איז געווען אַ חיות מיט אים צו רעדן; צו געניסן פון זיין התקרבות; צו אָטעמען מיט דער זעלביקער לופט, וואָס ער... אָבער גלייכצייטיק האָט זיך פאַרטיפט און באַפעסטיקט מיין זיכערקייט, אַז קיין שום לייכטע דעראָבערונג איז פאַר מיר נישט קיין אויסלייזונג; אַז די ריינגען פון מיין לעבנסקייט מוזן ווערן אויסגעשמידט פון ריינעם, אין פייער געגליטן שטאָל...

# VIII. דער מענטש און מונדיר

איך האָב געזוכט, געזוכט מיין וועג...

אַמאָל, נאָך אַ שלאָפלאָזער נאַכט, אין געדאַנקען וועגן מיין דריטן שוליאָר, בין איך קוים פאַרטאָג אויפגעשפרונגען פון גראָז, אויף וועלכן כ'בין געלעגן, זיך אָוועקגעזעצט און אָנגעשריבן אַ בריוו —

צו סטאָליפינען...

וואָס דערפון איז אַרויסגעקומען וועלן מיר שפּעטער הערן. דאָ וויל איך שילדערן, ווי ווייט עס איז אַוועק מיין פאַרצווייפלונג, מיין געפיל וועגן דעם, אַז מיין וועלט, מיין לעבן איז — אויס...

כ'בין געקומען קיין פּעטערבורג, זיך באַזעצט אין מיין זוניקן צימער און אַ טאָג שפּעטער געוואָרן אַרויסגערופן צום פּאַספּאָרטיסט און אויסגעהערט אַ קאַטעגאָרישע מעלדונג, אַז אין 3 טעג אַרום מוז איך אים ברענגען אַ דאָקומענט וועגן דעם, אַז איך אַרבעט אַלס אַפּטייקער־געהילף. אָן דעם דאָקומענט וועט מיין איינמעלדונג גישט ווערן פאַרלענגערט.

און ס'האָט זיך אָנגעהויבן אַ סדרה — יסורים און עינויים.

כ'בין אַוועק צו דאלמאַטאָוון און אים דערציילט, ווו איך האַלט אַ״ דער וועלט.

נאָך לאַנגן שווייגן און טראַכטן האָט ער מיר געזאָגט, אַז איך זאָל אָנשרייבן אַ בקשה צום פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק, צו וועלכער ער וועט צושרייבן עטלעכע שורות פון זיך. ער מיינט אַז דער ענין וועט פּאָזיטיוו דערליידיקט ווערן.

איך האָב אָנגעשריבן אַזאַ בקשה. דאלמאַטאָוו האָט אויף דער צווייטער זייט צוגעשריבן, אַז איך בין איינער פון די בעסטע שילער, אַז מיין גאַנצע צייט און אַלע כוחות שלינגט איין די טעאַטער־שול און אָפּריים צייט צו אַרבעטן אין אַפּטייק — וואָלט היימן שטערן דער אַרבעט אין שול און מאַכן צו נישט מיין התמדה און דערגרייכונגען אין לעצטן לערניאָר.

דאָס אַלץ בעט ער — דער אַרטיסט פון אימפּראָוויזאַטאָרישן טעאַטער — געמען טיף אין אַכט און דערלויבן מיר פאַרענדיקן די שול אָן שטערונגען.

כ'האָב אָנגעטאָן מיין שוואַרצן ראָק און זיך אַוועקגעלאָזט צום בנין פון דער פּאָליציי־פאַרוואַלטונג.

און דאָ האָט מיין „שיקזאַל“ מיר, ווי שוין א סך מאָל, צוגעדיגט און באַהיט. דער גראַדאָנאַטשאַלניק איז דעמלט געווען גענעראַל דראַטשעווסקי, ער — אין פּעטערבורג, טאַלמאַטשאָוו — אין אָדעס און דומבאַדזע — אין יאַלטע זענען געווען דריי יידנפרעסער, וואָס זייער שם האָט איבער דער וועלט געקלונגען ווי אַ סינאָנים פון רציחות איבער יידישע קעפּ.

ווען איך גיי אַריין צו דראַטשעווסקין מיט מיין בקשה און דאַלמאַטאָוום צושריפט, וואָלט איך אָן שום ספק אַוועק מ י ט ן ע ט אַ פּ קיין ווילנע — דראַטשעווסקי האָט נישט ליב געהאַט קיין לייכטע באַציונג צו „פּליכטן“, און אַזאַ מין פּאַל פון אַ ייד, וואָס וווינט אין פּעטערבורג 2 יאָר להכעיס דעם געזעץ און האָט נאָך די חוצפּה צו קומען בעטן פאַרבייגיין דאָס געזעץ — דאָס וואָלט ער אָן שום סענטימענטן געהאַלטן פאַר זיין חוב צו באַהאַנדלען מיט דער גאַנצער האַרטקייט פון זיין זעלנערישן קוק אויף פאַרברעכן און שטראָף, אַפילו אומאָפּהענגיק פון זיין שנאה צו יידן, וועלכע האָט געגרענעצט מיט עקל.

אָבער דער „שומר פּתאים“ אין די הימלען האָט זיך איינגעשטעלט פאַרן אָביעקט פון זיין וואַכנדיק אויג...

דראַטשעווסקי איז יענעם טאָג נישט געווען אין זיין קאַבינעט און אויפגענומען האָט מיך זיין פאַרטרעטער גענעראַל לייסאָגאָרסקי.

באַשרייבן דעם וויזיט וויל איך, כדי דער לייענער זאָל קלאָר דערזען, ווי אונדזער בעל־דבר האָט אויסגעזען נאָכן „שפּאַציר איבער אייראָפּע“ און נאָך צוויי יאָר זיך קאָכן אין זיין איצטיקער סביבה... ווי טיף עס איז נאָך געזעסן אין אים דער בן־יחיד פון אונטער „דער מאַמעס פאַרטעך“.

אין שוואַרצן ראָק — ס'איז געשטאַנען אַ הייסער טאָג פון אָנהויב סעפּטעמבער, אויב נישט נאָך אויגוסט — בין איך איבער די טרעפּ פון דער פּאָליצייאישער הויפּט־פאַרוואַלטונג (אויף דער גוט באַוווסטער „גאָראָכאָוואַיאַ“), אויסגעבעטע מיט רייכע טעפּיכער, אַרויף אויפן צווייטן שטאָק און אין גערוימען פאָדער־צימער דערזען אַ יונגן אָפיציר, וועלכער האָט מיך באַקוקט פון אויבן ביז אַראָפּ. זיי זוכן — פאַרשטייט זיך — סימנים פון אַ טעראָריסט, וואָס קומט מיט אַ פּאַפּיר אין האַנט און מיט אַ קויל אין בוזעם: דאָס איז זייער ערשטער חשד, ערשטע זאָרג... וואָס

דער אָפּיציר האָט דערזען אין דעם באַזוכער, וויס איך עד היום נישט, אָבער אין זיין בליק האָב איך דערזען עפּעס פון לוסטיקייט און כ'האָב, משמעות, נישט מאַכנדיק קיין איינדרוק פון אַ פּיקח — זיך צעשמייכלט, מיינענדיק, אפשר, אַז אים געפעלט... מיין ראָק.

— וואָס פאַרלאַנגט איר? — זאָגט ער, איינהאַלטנדיק דעם לוסטיקן שמייכל אויף זיינע ליפּן און מיט דער העפלעכקייט פון אַ פּעטערבורגער גרויסוועלט־מענטש.

— איך וויל דערלאַנגען אַ בקשה זיין עקסעלענץ דעם גענעראַל דראַ־משעווסקי. אויף דער בקשה איז אויך דאָ אַ צושריפט פון וואַסילי פּאַנטע־לייִמאָנאָוויטש דאַלמאַטאָוו.

די לוסטיקייט אויף זיין פּנים איז כהרף עין פאַרביטן געוואָרן דורך אַן אויסדרוק פון אָפּענעם נייגיר. אַ ניואַנס פון ספק, כמעט אומצוטרוי האָט געקלונגען אין דער פראַגע:

— דעם אַרטיסט פון „אַלעקסאַנדרינסקי“־טעאַטער?

— יאָ.

— און... ווער זייט איר?

— זיין תלמיד, א סטודענט פון קאָנסערוואַטאָריע־שול.

צווישן אַנדערן האָט זיך תיכף איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט פון אַ גלייכן מיט אַ גלייכן.

— גענעראַל דראַגאָמאַנאָוו איז היינט נישטאָ.

איך האָב נישט געוווסט, אַז דאָס הייסט: „איר ווערט אַוועק פון דאַנען בשלום“ און בין געוואָרן אומאַנגענעם איבערראַשט, נישט וויסנדיק וואָס ווייטער צו זאָגן און צו טאָן. אָבער ער האָט איבערגעריסן די שווערע פּויזע.

— ס'קאָן אייך אויפנעמען גענעראַל לייסאַגאָרסקי, זיין ערשטער פאַרטרעטער.

כ'האָב געשוויגן ווי אַ גולם.

— דערלויבט איר מיר אַ קוק טאָן אין אייער פּאַפּיר?

כ'האָב אים דערלאַנגט מיין בקשה. ער האָט זי דורכגעלייענט פון א' ביז ת' צוזאַמען מיט דאַלמאַטאָווס צושריפט.

— וואַרט דאָ אַ ווײַלע. זעצט אייך צו.

ער איז אַוועק אין קאַבינעט צו לייסאַגאָרסקין און זיך אומגעקערט אין קורצע מינוטן אַרום.

— זיין עקסעלענץ בעט אייך.

ביי אַ גרויסן שרייבטיש איז געזעסן אַן אָפיציר פון אַ יאָר 55. עס איז געווען איינער פון אַ סך אַזעלכע, וואָס פלעגן קומען צו אונדזערע עפנטלעכע פאָרשטעלונגען אין שול אַריין. פאַר די יאָרן איז מיר ניט איינמאָל אויסגעקומען צו ווערן איינגעלאַדן אין זייערע וווינונגען, זיצן ביי זייערע טישן, געניסן פון זייער ברייטער גאַסטפריינדשאַפט... צווישן די סטודענטינס אין שול זענען די מערהייט געווען טעכטער פון אַזעלכע גענערעלער. איך בין געווען שטאַרק באַפריינדעט מיט קאַטיע פלעווע, אַ טאָכטער פון הויפט־קאָמאַנדיר פון ווילנער מיליטער־קרייז, דעם טרויעריק־באַרימטן דערהרגעטן אינערן־מיניסטער פלעוועס אַ קוזין.

אַזוי, אַז איבעראַשט בין איך, שטייענדיק אין גענעראַל לייטאַגאַרסקיס ד׳ אמות, ניט געוואָרן. און צו באַגרייפן די גאַנצע סיטואַציע אַרום: ווהין איך בין פאַרקראָכן און מיט וואָס דאָס אַלץ „שמעקט“ — דערצו האָב איך פשוט קיין שכל ניט געהאַט. פאַר מיר איז דאָס געווען אַ „שריט אויף מיין וועג“. דעם הילוק צווישן די גענערעלער דאָרטן און דאָ וואָלט איך דערפילט, ווען איך שטיי אויג אויף אויג מיט דראַטשעווסקין.

דאָ אָבער בין איך געשטאַנען און רואיק געוואַרט.

— זעצט אייך, — זאָגט דער גענעראַל, ניט אויפהייבנדיק דעם קאָפ פון מיין בקשה.

כ׳האָב זיך אַוועקגעזעצט נעבן טיש.

ער האָט איבערגעלייענט, דערזען דאַלמאַטאָווס צושריפט, איבערגעדרייט דאָס פאַפיר, באַטראַכט פון דער צווייטער זייט...

— הם... — זאָגט ער, דרייענדיק זיין רעכטן וואָנס: וואָסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט געמאַכט אומטעגלעך אַנטקעגן צו קומען אייער בקשה.

און ער קוקט אויף מיר מיט אַ מין פאַרדרוס און שפּאָט צוגלייך.

— איך פאַרשטיי ניט, אייער עקסעלענץ, ווי אַזוי האָט וואָסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש געקאָנט אייך שטערן מיר צו העלפן אין מיין קריטישער לאַגע?

— גאַנץ איינפאַך — האָט ער מיט אַן אָקטאַווע העכער אָנגעהויבן כמעט שרייען: ער שרייבט דאָ אויסדריקלעך, אַז אייער גאַנצע צייט פאַרשלינגט די שול און איר האָט ניט ווען צו אַרבעטן אין אַפטייק. אויפן סמך פון דער דאָזיקער צושריפט מוז איך אייך פאַרלייגן אין משך פון 24 שעה פאַרלאָזן די הויפטשטאָט.

— וואָס רעדט איר, עקסעלענץ? געזונט און לעבן האָט מיך געקאָסט זיך אַרויסרייסן פון ווילנע, אָנקומען אין שול און אויפן דריטן יאָר זאָל אַלץ גיין לאיבוד?

— דאָס האָט אַלץ נישט צום געזעץ, יונגערמאַן, דערציילט מיר נישט, אַז צוויי יאָר זיצט איר אין שול קעגן געזעץ. איך ווייס עס נישט און וויל עס נישט וויסן, פונקט ווי איך וויל נישט וויסן, אַז אין שול א. נ. פון אַלעקסיי סערגעיעוויטש סוואָרין געפינען זיך סטודענטן, וואָס טאָרן נישט וווינען אין פעטערבורג. איר קומט צו מיר נאָך הילף, און דאַלמאַטאָוו נעמט צו דעם מינדסטן יסוד אייך צו העלפן...

ער האָט מיט פאַרדרוס אַ קנאַק געטאָן מיטן פינגער אין מיין פאַפיר.

— וואָלט ער אָנגעשריבן זיין ווענדונג אויף דער צווייטער העלפט פון בויגן, דאַן וואָלט איך געקאָנט עס אָפרייסן און באַהאַנדלען אייער בקשה. אָבער אַזוי ווי דער ענין זעט אויס, קאָן איך גאָרנישט טאָן. העכסטנס, קאָנען מיר באַטראַכטן, אַז איר האָט ד ע ם פאַפיר נישט דערלאַנגט און לאָזן אַלץ ווי געווען.

— און ווי אַזוי זאָל איך זיך איינמעלדן?

ער האָט מיך אָנגעקוקט שאַרף און לאַנג.

— איר קאָנט זיך נישט איינמעלדן.

— וווינען נישט איינגעמאָלדן? — פרעג איך דעם גראַדאָנאַטשאַלניק.

אַזאַ שוטה האָט ער נאָך ביז דאַן נישט געטראָפן.

— ניין, יונגערמאַן, אַוועקפאָרן!!!

— כ'וועל נישט אַוועקפאָרן! ס'איז אַ פראַגע פון מיין לעבן! כ'בין אַריבער איבער די טרערן פון מיינע עלטערן, וועלכע קאָנען נישט שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איך בין אַן אַקטיאָר... כ'האָב זיך צוויי יאָר אָפגעמאַטערט, בייטנדיק דירות אַלע חודש, כ'האָב דורכגעמאַכט דעם עקזאַמען אין יוריעווער אוניווערסיטעט, באַקומען דעם דיפלאָם, נישט געוואָלט פאַרלאָזן פעטערבורג בעת דער עפידעמיע, ווייל איך אָטעם דאָ מיט דער לופט, אָן וועלכער כ'קאָן נישט לעבן. וואָסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש איז מיר טייער ווי מיין פאָטער, די שול איז מיין היים, מיין מקדש, מיין היכל... איך קאָן נישט אַוועקפאָרן. אויב איר וועט מיר נישט לאָזן ענדיקן די שול, וועל איך זוכן מיין סוף אין די כוואַליעס פון נייעווא. כ'וועל נישט אַוועקפאָרן פון פעטערבורג!

און כ'האָב זיך צעוויינט. אויפן קול. שלוכצנדיק, שלינגענדיק די טרערן.

אַזוי ווי כ'וואָלט אַלט געווען נישט 23 יאָר, נאָר 7 און פאַר די אויגן געהאַט נישט דעם פעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק, נאָר אַ מומען, וואָס ווייל מיר נישט געבן אַ דריטן חלק זיסן לעקער.

און —

50 יאָר זענען אַוועק. די מינוטן לעב איך איבער ווי ס'וואָלט געווען אייערנעכטן. גענעראַל לייטאָגאָרסקי האָט אָנגעגאָסן אַ גלאָז וואַסער פון גראַפין אויפן טיש, האָט עס צוגערוקט צו מיר.

— באַרואיקט זיך, יונגערמאַן — הער איך, שלוכצנדיק און ווישנדיק די טרערן: — ווי פאַסט עס פאַר אַזאַ באַגאַבטן אַרטיסט, ווי איר זענט לויט דאָלמאַטאָווס צושריפט, צו פאַגאַנדערלאָזן די נערוון? איר מוזט דאָך פאַרשטיין, אַז מיר זיצן דאָ נישט צוליב צייט-פאַרטרייב, נאָר צו האַלטן אָרדענונג לויט געוויסע נישט דורך אונדז באַשטימטע געזעצן... לויט די געזעצן קאָן איך אייך נישט העלפן.

— כ'וועל פון פעטערבורג נישט אַוועקפאָרן — זאָג איך אָן קול און הויב אויף די אויגן מיט 2 פאַרגליווערטע טרערן.

איך זע: ער נעמט אַ רויטן בליישטיפט און שרייבט אונטער מיין חתימה: „באַפרידיקן" — מיט גרויסע אותיות...

איך באַוויז נישט צו רעאַגירן און זע: מיט קליינע אותיות, דוכט זיך מיט אַן אַנדער — בלויען — בליישטיפט אונטער „באַפרידיקן" פירט ער אויס „ביים תנאי, ער זאָל זיין באַשעפטיקט מיט זיין פאַך".

— נעמט אייער בקשה צוריק.

— וואָס זשע הייסט עס, אייער עקסעלענץ? כ'מוז אַרבעטן אין אַפטייק? ווען זשע וועל איך לערנען?

— קומט אָן אין אַפטייק און לערנט פלייסיק אין שול.

— מ'עט דאָך מיך זוכן אין אַפטייק און נישט געפינען.

— אויב מען וועט אייך אַ סך באַאומרואיקן, קומט צו מיר, וועלן מיר זען וואָס צו טאָן.

כ'האָב נישט געוווסט וואָס מיט מיר טוט זיך. געפילט, אַז דער מענטש העלפט מיר, וואַרעמט מיך.

— אַלדאָס גוטס, מיין פריינד. גייט מיט גאָט.

ער האָט מיר אויסגעשטרעקט זיין האַנט. כ'האָב זי געדריקט, גע־שאָקלט, געקוקט אים אין די אויגן אַריין. ער האָט זיינע אויגן אַראָפּגעלאָזט.

כ'וואָלט זיין האַנט אַ קוש געטאָן, אָבער דערמאָנט זיך אין „הירשע־יודע" מיטן פּריץ, מיטן האָלצוואַרג.

און אַרויסגעלאָפן פון קאַבינעט.

זיין אַדיוטאַנט האָט זיך אויפגעהויבן מיר אַנטקעגן, אָבער ווי אַ פייל פון בויגן בין איך געלאָפן צו דער טיר, פון די טרעפּ, אויפן גאַס, פאַרביי „איסאאקי", פאַרביי דעם „קופּערנעם רייטער" אויפן ענגלישן ברעג נומ. 6 — צו דאַלמאַטאָוון.

— נו?

— אָט. קוקט.

וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט אַריינגעקוקט אין פּאַפּיר. אויף מיר. ווידער אין פּאַפּיר און ווידער אויף מיר.

— וואָס זשע איז עס אַזוינס? קומט אויס: אייך האָט ער באַפרידיקט? און צוריקגעוויזן מיין בקשה?

— איך ווייס נישט, וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש! אַן אַפּטייק מוז איך געפינען און ווייטער וועט מען זען.

*

*　　　*

ווי זשע קריגט מען אַן אַפּטייק?

וועלכער אַפּטייקער וועט עס ריזיקירן צושרייבן אַ מיטאַרבעטער, וועלכער וועט אים פון פאָרויס דערציילן, אַז די גאַנצע מעשה איז אַ פיקציע? אַז וועגן אַרבעטן אין אַפּטייק קאָן קיין רייד נישט זיין, ווייל דער „פּראָמאַצעוט" איז קיין פּראָמאַצעווט נישט געווען אַ סטודענט פון מעטאַטער־שולע?

„הכסף יענה את הכל" — דאָ שטייט אַ פראַגע וועגן קריגן ביי די עלטערן עטלעכע הונדערט רובל. דאָס וועט, אפשר, געלינגען, ווייל עס איז דאָך דער מקח פון איינהאַלטן דעם יידישן דת ודין, אָבער פון וועלכן ווינקל הויבט מען אָן צו זוכן דעם „גואל", וואָס וועט פאַרן געלט ריזיקירן מיט זיין דיפּלאָם פון פּראָוויזאָר? מיט זיין קאָנצעסיע צו פאַרוואַלטן מיטן אַפּטייק? מיט זיין גאַנצן — „לייב און לעבן"?

דאָ איז צייט צו שילדערן פאַרן לייענער עפּעס פון די פריידן, וואָס איך האָב יענע יאָרן אין פּעטערבורג געגאָסן און וועלכע האָבן מיר נישט איין מאָל צוגעגעבן מוט און כוח אין די ביטערע און שווערע וואָכן און חדשים...

אין ווייטערדיקע קאַפּיטלען, באַטראַכטנדיק יענעם פּעריאָד רעטראָספּעקטיוו, אין ליכט פון שפּעטערדיקע, רייפגעוואָרענע שטריכן פון כאַראַקטער, פון איבערלעבונגען, געשעענישן — וועלן מיר זיך צו די פּעטערבורגער קרייזן נאָך אָן ספק מוזן אומקערן און דערציילן וועגן אַ ריי לעבעדיקע פאַרשטייער, וועמענס גאָענטקייט פלעגן אויספילן מיינע יענע חדשים. עס איז געווען געקומען פון מאָסקווע מיין „אַניוטקע“ און איך האָב געהאַט צו פאַרצייכענען מיין אַנטשפּרעכנדיקע דאָזע פרייד און שטראָביטערע טרערן ביים שיידן זיך; עס זענען געווען ע ט ל עכ ע פרויענוועזנס, וואָס יאָרן שפּעטער וואָלטן זיי בלי ספק פאַרשריבן בלעטער פון טיפע איבערלעבונגען אין מיין טאָגבוך. אָבער דעמלט אין פּעטערבורג זענען זיי געווען — אומשולדיקע קנאָספּן אויפן פעלד פון אָנהויב פרי־יאָר.

אָבער, לאָזנדיק אָט די אַלע מאָטיוון אויף שפּעטער, מוז איך דאָ דערציילן וועגן איין משפּחה, אין וועלכער איך פלעג פאַרברענגען דאָס רוב פרייע צייט און וועלכע פלעגט מיך לאַנגע טעג און וואָכן אויסבאַהאַלטן ביי זיך בעת איך פלעג זיך אַרומוואַלגערן איבערן שטאָט אָן אַ דאַך איבערן קאָפּ (דאָס איז געווען אין ערשטן שוליאָר).

דאָס איז געווען די פאַמיליע ראָזענבערג — אויף „סאַדאָוואַ“, 32... אין יענעם טויער האָב איך זיך געהאַט אַריינבאַקומען אין אַ פראָסטיקער דעקאַבער־נאַכט בעת מיין שול־חבר קורזשנער האָט מיט אַ פּאַפּיראָס פון צווייטן טראָטואַר אָפּגעצויגן דעם שומר פון טויער, בעטנדיק ביי אים אַ צינדהעלצל... די ווייכע פּערינעס ביי דער פאַמיליע ראָזענבערג האָבן נישט איינמאָל אומגעקערט דעם פאַרוואָגלטן, האַלבאָזן, צעפלאָגטן און אויסגעפּייניקטן סטודענט דאָס געפיל פון צעבאַלעוועטן בן־יחיד, די וואַרעמקייט און געמיטלעכקייט פון דער מאַמעס היים.

די פאַמיליע איז באַשטאַנען פון דריי דורות ווייבער און צוויי יונגע בחורימלעך.

די באָבע איז געווען מיין מוטערס אַ טאָפּלטע קרובה: פון איר טאַטנס צד — אַ מומע, פון דער מאַמעס — אַ קוזינע. אין ווילנע — איידער זי איז אויף אירע עלטערע יאָרן געקומען צו דער טאָכטער קיין פּעטערבורג, האָט זי געהאַט אַ וואַרשטאַט פון הענטשקעס אויף „אַראָפּ־יאַנגאַס“... ווער האָט אין דעמלטיקער ווילנע נישט געקענט „באַראַנס הענטשקעס“? (צו דער משפּחה האָט אויך געהערט אברהם באַראַן, וועלכער איז באַשולדיקט געוואָרן אין צערייסן דעם קייסערס פּאָרטרעט אין ווילנער לערער־אינסטיטוט און איז צוזאַמען מיט יעקב גערשטיין געוואָרן אויסגעשלאָסן

פון אינסטיטוט): דאָס איז געווען דער עלטסטער דור און געהייסן האָט זי: פ ע ס י ע ב אַ ר אַ ן.

איר טאָכטער — ראָזאַליאַ מאָיסעיעוונאַ — האָט חתונה געהאַט מיט אַ פּעטערבורגער סוחר, וואָס האָט געהאַט אַ גרויס געשעפט פון מעבל אין „גאָסטיניי דוואָר", איז געווען אַ בילדשיינער מאַנסביל, פון ריזיקן וווקס און האָט זיין „ראָזאָטשקען" פאַרגעטערט ביז קאָפּשווינדלעניש... אין ווילנע, זייענדיק צוגאַסט, האָט ער אַזש=געשאָסן אין אַן אָנגעזעענעם לעב=יונג, (ר—סקי) אויס אייפערזוכט צו ראָזאָטשקען...

און אָט די ראָזאָטשקע איז נעבעך געבליבן א יונגע אלמנה: יאַקאָוו (מיכאַליטש!, שיינט מיר) איז געשטאָרבן אַ יונגער פון אַ ראַק.

ראָזאַליאַ מאָיסעיעוונא האָט איבערגענומען דאָס געשעפט אין גאָסטיניי דוואָר און צו מיין צייט איז זי געווען אַ צעבליטע פּעטערבורגער דאַמע — „אַ געמאָלענע יפת תואר" („פּיסאַננאַיאַ קראַסאַוויצאַ"), מיט אַ שמייכל, וואָס האָט געקאָנט פאַרשיכורן און פאַרפירן יעדן לאַמעדוואָווניק.

אָבער — נישט דעם שוטה, וועלכן מיר קענען פון אונדזערע דפים און קאַפּיטלען!

איך בין געווען אויף מיין קינדערישן אופן „פאַרליבט" — אין דריטן דור.

ראָזאַליאַ מאָיסעיעוונאַ האָט געהאַט 2 זין און אַ טאָכטער: ה ע ל ע נ א! דער עלטערער זון, מישאַ, איז אַוועקגעפאָרן אין דער שווייץ שטודירן מעדיצין. מיר איז פאַרגעלייגט געוואָרן צו באַזעצן זיך אין זיין צימער. אָבער ראשית האָב איך שוין געהאַט מיין צימער מיטן אויסזיכט צו דער גיעוואַ און צווייטנס האָב איך געזאָגט, אויב איך וועל ביי זיי וווינען, טאָ... צו וועמען וועל איך קומען צוגאַסט און פאַרברענגען מיינע פרייע אָוונטן?

די פאַמיליע ראָזענבערג איז געוואָרן מיין צווייטער איינהאַלט אין לעבן פאַר יענע יאָרן. לענא איז אַלט געווען, מסתמא, אַ יאָר 17... זי איז געגאַנגען אין לעצטן קלאַס גימנאַזיע. איך געדענק נישט צי האָב איך ווען עס איז געפּרווט זי אַ קוש טאָן... אָבער איך געדענק אָוונטן ביים קלאַוויר... זי האָט געשפּילט גריגס „פרילינג". און איך געדענק געשפּרעכן אויף די טעמעס פון מיין באַרוף... און אירע גרויסע בלויע אויגן.

איך האָב זי גערופן: „יאַקאָוולעוונאַ", ווי דער שטייגער איז געווען אָנצורופן באַיאָרנטע פרויען אין פאָלק, זי מיך ממילא — „וועניאַמיניטש". די פריינדשאַפט און דער קעגנזייטיקער צובונד, וואָס איז פאַר=

זייט געוואָרן אין יענע קינדעריאָרן, האָט נישט אויפגעהערט אין משך פון די ווייטערדיקע פופציק יאָר און, בעת איך בין געקומען קיין פעטערבורג אין יאָר 1941 נאָך אַן איבעררייס פון 29 יאָר, האָבן מיר זיך געטראָפן מיטן זעלביקן שמייכל אויף די פנימער, ווי יענעם טאָג אין סוף 1908, ווען זי האָט מיר דערציילט איר איינדרוק וועגן דער נ ע כ ט י ק ע ר פאָרשטעלונג פון „האַמלעט" אין דער שולע און האָט מיר אַרויסגעזאָגט געדאַנקען, וועלכע איך האָב נעכטן, שפילנדיק די סצענע מיטן „גייסט", געטראַכט פאַר זיך... דאָס האָב איך קיינמאָל נישט פאַרגעסן.

אין איינמאָל קומט יאַקאָוולעווגאַ צולויפן צו מיר אַ פאַרסאַפעטע, אַ פאַרשוויצטע...

— קום שוין די מינוט מיט מיר צו מאַמאַ אין געשעפט!

— וואָס איז געשען?

— נישט פאַרליר קיין צייט אויף שאלות מיט פרטים: קום שוין!

אויף דער דראָשקע האָט זי מיר אַריינגעקוקט אין די אויגן און אַ צעשטראַלטע אויסגערופן:

— די מאַמאַ האָט געכאַפט אַ לעבעדיקן אַפטייקער און וועט אים פון האַנט נישט אַרויסלאָזן ביז ער וועט נישט איינשטימען דיך צוצושרייבן.

אָפשילדערן די סצענע וויאַזוי ער איז מסכים געווען בין איך נישט בכוח: דאָס איז געווען דער אומבאַזיגבאַרער שאַרם פון ראָזאַליאַ מאָיסעיעווגאַ!

ווי ווייט איך געדענק, האָט זי אויפן אָרט אויסגעלייגט דעם סכום מזומנים...

— די אמונה פון די אבות איז אַ זיכערע ערבות — האָט זי געלאַכט, באַווייזנדיק אירע פרעכטיקע ציינער: אייער פאָטער־מוטער וועלן מיט דאַנק אומקערן די 500 קאַרבן. אונדז איז וויכטיק, אַז איר זאָלט רואיק פאַרענדיקן די שולע.

אַזוי איז עס געשען.

איך האָב געקראָגן אַן אַפטייק, אָבער —

כדי צו פאַרזיכערן זיך פון אַ פאָליצייאישן פראָטאָקאָל, אַז דער אַ פ ט יי ק ע ר איז קיינמאָל נישטאָ אין אַפטייק, האָט דער באַלעבאָס געשטעלט אַ תנאי, אַז איך מוז מיט מיין האַנט איינשרייבן אין בוך אַלע רעצעפטן אַ טאָג איבער אַ טאָג... דאָס האָט מיר דריי חדשים געקאָסט מיינע נ ע כ ט: כ'פלעג זיצן אין אַפטייק פון 10 ביז 2 ביינאַכט און

שרייבן רעצעפּטן, 2 שעה פֿאָרן אַהין און צוריק. סך־הכּל 6 אָוונטשעהן. ערשט אין דעצעמבער האָבן מיר געשפּילט טשעכאָווס „דריַי שוועסטער". מיין אַפּטייקער איז געווען אויפֿן ספּעקטאַקל. נאָכן לעצטן אַקט — אַריין אין גאַרדעראָב אַ בלאַסער און ציטערנדיקער:

— אבראם וועניאַמינאָוויטש! זייט מיר מוחל מיין אומטאַקט און האַרצלאָזיקייט. כ'האָב נישט געוווּסט מיט וועמען איך האָב צו טאָן. מער וועט איר קיין נעכט איבער די רעצעפּטן נישט זיצן. קומט ווען איר ווילט. איר זענט שטענדיק אַ ליבער גאַסט, אָבער אָן צוואַנג און פֿעסטע טער־מינען.

כ'האָב יענעם אָוונט געשפּילט „ווערשינינען"...

אין אַפּטייק פֿלעג איך נאָכדעם אויך קומען, הגם נישט אַזוי אָפֿט. אָבער פֿאַרענדיקן דאָס קאַפּיטל מוז איך מיט דער באַמאָנונג. אַז די פּאָ־ליציי איז צום ערשטן מאָל געקומען מיך זוכן — אַרום 5 מאַי, נאָך דעם, ווי ס'האָט זיך פֿאַרענדיקט דאָס לערן־יאָר.

און וועגן דעם, אַז מען זאָל מיך נישט קיין „סך באַאומרואיקן" האָט לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן געזאָרגט גענעראַל לייסאָגאָרסקי.

דאָס אײדעלע מענטשלעכע האַרץ שלאָגט אין אַלע פֿינצטערע ווינקלען פֿון מענטשלעכן צוזאַמענלעבן.

גלויבנדיק אין מענטשלעכקייט, האָב איך געשריבן צו סטאָליפּינען. די תּשובֿה איז געווען: „אומטעגלעך אַנטקעגנצוקומען, ווייל נישטאָ קיין געזעצלעכער יסוד".

דאָס איז פֿון דער קאַנצעלאַריע פֿון אינערן־מיניסטעריום.

אין קאַבינעט אויף גאָראָכאָוואַיאַ האָב איך געטראָפֿן אַ וויברירנדיק מענטשלעך האַרץ פֿון אַ רוסישן אינטעליגענט אין מונדיר פֿון אַ צאַרישן גענעראַל...

# IX. אַן אומגעריכטע שטרויכלונג

מיר האָבן שוין געהאַט באַמערקט, אַז אין זכרון האָבן זיך פאַרפלאָנטערט עטלעכע דאַטעס פון די 2 יאָר שולוועזן אויף דער ענגלישער „גאַבערשזשנאַיאַ". דער עפּיזאָד אין „אַלעקסאַנדרינסקי"=טעאַטער, ווען איך בין כהרף עין געוואָרן „מאָרעווסקי", געהער צום צווייטן לערן=יאָר, דער באַזוך ביים גענעראַל לייסאָגאָרסקי — דאָס איז געשען אָן ספק — אין דריטן לערניאָר.

צום דריטן לערניאָר געהערן עטלעכע זייער פאַרבנרייכע עפּיזאָדן אויף די פּראָבן פון „סוחר פון ווענעציע", וועלכן עס האָט געזאָלט אויספירן צום אַרויסלאָז — פּיאָטר פּעטראָוויטש גניעדיטש.

פּ. פּ. גניעדיטש איז איינע פון די אָנגעזעענסטע פיגורן אין דעמאָלטיקן פּעטערבורג. אין דער געשיכטע איז ער אַריין קודם כל ווי דער מחבר פון דער בשעתו זייער פּאָפּולערער „געשיכטע פון מאָלעריי" — 3 פּרעכטיק=אילוסטרירטע בענדער, וואָס האָבן ביז דאַן נישט געהאַט אין דער רוסישער ליטעראַטור קיין גלייכן פאַרנעם פון אויטאָריטעטן באַהאַנדלען די טעמע. אָבער גניעדיטש האָט אויפגעטאָן אַ סך מער ווי דאָס. אים געהערן אַ ריי ערשטקלאַסיקע איבערזעצונגען פון שעקספּירן, צווישן וועלכע „האַמלעט" איז פשוט אַ פּערל סיי שפּראַכלעך, סיי אין זין פון שעקספּיר=פאָרשונג: די טרייקייט דעם אָריגינאַל, הגם לשם פּינקטלעכקייט מוז דאָ באַטאָנט ווערן, אַז דאָס זאָג איך נישט אויפן סמך פון מיין אייגענער איבערציינגונג.

גניעדיטש האָט אָנגעשריבן אַ ריי דראַמאַטישע ווערק, וועלכע זענען אין משך פון לאַנגע יאָרן געווען די פּראַכט פון רעפּערטואַר אין „אַלעקסאַנדרינסקי" טעאַטער. נעמענדיק אין אַכט, אַז אין די 90=ער יאָרן איז דאָס טעאַטער געווען ממש פאַרזונקען אין זומפּ פון וויקטאָר קרילאָווס מאַ=

בערייקעס, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אַדאַנק דעם, וואָס סאַוויניאַ האָט אין דעם רעפּערטואַר געוועבט גינגאָלדענע שטאָפּן, האָבנדיק באַשאַפן אַ ריי וווּנדערבאַרע ראָלן, מיט וועלכע זי האָט פאַרבלענדט די אויגן ביי די לייכט־זיניקע צושויער — מייסטנס פון די צאַרישע און גרויספּירשטלעכע ספערן, — מוז דאָ באַטאָנט ווערן, אַז צו יענער צייט — לאַנג פאַר דעם אנטשטיין פון משעכאָווס עפּאָכע אין רוסישן טעאַטער — זענען גניעדיטשעס פּיעסן געווען אַ קוואַל פון דענקען, טראָגנדיק געוויסע מאָטיוון פון געזעלשאַפט־לעכקייט... אָפּגעזען פון דעם, ווי עס האָבן אויסגעזען די תשובות אויף די דורך אים געשטעלטע פראַגעס, איז פאַר יענער צייט געווען אַן אויפטו דאָס עצם אַוועקשטעלן די פראַגעס. און אויסער דעם, האָט גניעדיטש, זייענדיק אַ גרויסמייסטער פון דראַמאַטורגיע, געשאַפן ראָלן, אין וועלכע די ווירטואָזן פון טעאַטער האָבן פאַרשריבן רומרייכע בלעטער אין פּנקס פון טעאַטער. די זעלביקע סאַווינאַ האָט אין גניעדיטשעס „כאַלאָפּי“ („לייב־קנעכט“) באַשאַפן איינע פון אירע אומפאַרגעסלעכע סצענישע פיגורן, שוין ג'ישט רעדנדיק וועגן אַנדערע גרויסמייסטער פון טעאַטער.

גניעדיטשן געהערט דער אייגאַקטער „ברענענדיקע בריוו“, אין וועל־כע די אומשטערבלעכע וויערא פיאָדאָראָוונאַ קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט פאַרצייכנט איר ערשטן דערפאָלג אין אַ שטאַרק דראַמאַטישן מאָטיוו נאָך איר דערפאָלג אין דער לירישער ראָלע פון „ראָזי“ (אין זודערמאַנס „שמעטערלינג־שלאַכט“).

אין אונדזער הריטן לערגיאָר האָבן מיר דערהערט, אַז גניעדיטש איז פאַרבעטן געוואָרן צו אונדז אין שול און וועט אויפפירן נישט מער און נישט ווייניקער ווי „האַמלעט“ און „שיילאָק“. עס אונטערליגט נישט קיין שום ספק, אַז דאָס איז געווען אַ קאָנסעקווענץ נאָכן פילצוזאָגנדיקן רע־זולטאַט פון פרווו מיט „האַמלעט“, וועלכן מיר האָבן באַשריבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל...

ידיעות, רעדערייען אַרום דעם אַלעמען איז אַרומגעגאַנגען אין שול אָן אַ סוף. אָבער איך קאָן עס אַלץ אַמווייניקסטן ברענגען אין די בלעטער פון מיינע זכרונות. ווי הײַנט ליינער ווייס שוין, האָב איך אין דער באַ־שריבענער „האַמלעט“־פאָרשטעלונג געשפּילט אַ העלפט פון דער טראַגע־דיע בעת יד ר יי אַנדערע סטודענטן (סאָפּראָנאָוו, באָראָגיכין און גלינ־סקי), האָבן אַלע צוזאַמען געשפּילט די צווייטע העלפט...

צום אַרויסלאָז־עקזאַמען האָט דאַלמאַטאָוו געהאַט בדעה איבערחזרן דעם פאַראַיאָריקן עקספּערימענט מיט די 4 „האַמלעטן“ און אויסער דעם

באַוויזן דעם „סוחר פֿון װענעציע“. אויף דער ראָלע פֿון „שײַלאָק“ איז באַשטימט געוואָרן בלויז איין קאַנדידאַט: מענאַקער.

מען האָט נישט באַדאַרפֿט קיין צופֿיל „פּולווער“, כּדי דער גאַנצער אויפֿטו זאָל אַוועקגיין מיט רויך. ביי דער גאַנצער סימפּאַטיע, וועלכע איך האָב דערוואָרבן אין די העכסטע שולספֿערן, איז עס געווען אַ צו אַ שטאַרקע דאָזע אויפֿמערקזאַמקייט. דער רעזשיסער פֿון „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער, וואָס האָט שעקספּירן רעזשיסירט דאָרטן, איז פֿאַרבעטן אין שול אַריין אויף צוויי אויפֿפֿירונגען און דעם „לייבן-חלק“ באַקומט דערביי (אַ העלפֿט פֿון „האַמלעט“ און דעם גאַנצן „שײַלאָק“) איין סטודענט. ווען מען רופֿט אים אַפֿילו, לאָמיר זאָגן: טשעכאָוו — אָדער איוואַנאָוו — וואָלט עס אויך נישט געווען כּדרך הטבע און אין געגעבענעם פֿאַל — מיט „מענאַקער“ — נאָך ווייניקער דערלאָזבאַר. דער ענין האָט פֿון סאַמע אָנהויב געהינקען אויף איין פֿוס. אויף די פּראָבן פֿון „האַמלעט“ איז עס נאָך ביסלעכווייז געקראָכן פֿאָרויס... די שוין באַפֿעסטיקטע רעפּוטאַציע האָט מיטגעבראַכט, אַז די אַטמאָספֿער איז געווען אַ גינסטיקע, און געווען איז בכלל, ווי ווייט איך געדענק, נישט מער ווי אַ פּאָר פּראָבן. אָבער פֿון די ערשטע שריט אין „שײַלאָק“ איז אונדזער שיף אַריין אין אומקרייז פֿון געוויטער.

איך גיי אַרויס פֿון דער הנחה, אַז דער לייענער פֿון מיין דריטן טייל „זכרונות“ קען מיין צווייטן טייל און וועט זיך דערמאָנען אָן מיינע שעהן אויפֿן לאַמאַנש, ווו איך בין, זיצנדיק אויפֿן פֿעלז „ביי נעפּטונען צו גאַסט“, אַוועקגעטראָגן געוואָרן צו מיינע וויזיעס פֿון שעקספּירס שעדעוור, און דערזען מיין „פּאָרציאַ“, מיין „שײַלאָק“. פֿון מיין ווײַנעשריי, וואָס האָט געקראָגן זיין אויסדרוק אין אַ יאָר 20 אַרום, אין מיינע 7 קאַפּיטלען, געשריבענע אין שטשאַוניץ, זענען אויף די פּראָבן מיט גניעדיטשן אין האַרצן, אין געדאַנק און אויף מיין שעפֿערישן געמיט געלעגן בלויז קערנדלעך, בלויז זוימען, — אָבער זיי זענען געלעגן!

פּיאָטר פּיעטראָוויטש גניעדיטש האָט געהאַט זיין וויזיע וועגן שעקספּירס שעדעוור: די געשטאַלט פֿון אַ שוואַרצער כמאַרע איבערן זוניקן הימלגעוועלב פֿון דער יובלענדיקער ווענעציאַ — איז לויט זיין אויפֿפֿאַסונג די פֿיגור פֿון שײַלאָקן. דאָס איז געווען אַ ריין-מאָלערישע מעטאַפֿאָרע, אָפּגעריסן פֿון יעדער טיפֿערער אידעע... וואָס האָט עס צו טאָן מיט הומאַניזם אַלס שיטה אין אייראָפּאַס אידעענוועלט? מיט רענעסאַנס? צו וואָס האָט אַזאַ מייסטער פֿון קאָמפּאָזיציע און דערציילונג ווי שעקספּיר אַריינגע=

פֿירט די מאָטיוון פֿון באַרויבטן און צעטראָטענעם פֿאָטער־האַרץ, אויב ס׳אָ האַנדלט זיך וועגן דער געשטאַלט פֿון אַ „שוואַרציער כמאַרע“?

איך האָב קוים באַוויזן, קוים געווען אימשטאַנד, יענע יאָרן צו אַנטוויקלען אַ ברייטערן בילד פֿון מיין שיילאָק־קאָמענטאַר... איך וואָלט קוים געוואַגט אַרויסצוטרעטן קעגן באַרימטן דראַמאַטורג, רעזשיסער פֿון די שעקספּיר אויפֿפֿירונגען, אָבער מיין ווידערווילן קעגן זיין קאָנצעפּציע פֿון דעם ווערק, וואָס איז שוין עטלעכע יאָר געווען פֿאַרפֿלאָכטן אין מיין האַרצן און געוויסן — דאָס האָט ער דערפֿילט פֿון די ערשטע מינוטן... איך ווייס אפֿילו נישט צי האָב איך דערצו געגעבן אַ קענטיקן גרונט.

עטלעכע טעג נאָך דעם ערשטן שמועס האָט מיך דאַלמאַטאָוו אַריינגערופֿן צו זיך און איך האָב דערהערט אַזאַ מעלדונג, וועלכע האָט מיך געטראָפֿן ווי מיט אַ האַמער אין שטערן, הגם זי איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן מיטן מאַקסימום פֿאָרזיכט און ווייכקייט:

— איך ווייס פֿון דעם פֿאַל מיט אייער אַרטיקל, אַז איר זענט אין געוויסע פֿאַלן אַן עקשן און אָפּטרעטן פֿון אייערע פּאָזיציעס זענט איר נישט אויפֿגעלייגט, אָבער דאָס מאָל וועל איך אייך זייער בעטן פֿאָלגן מיין עצה: פּיאָטר פּיעטראָוויטש געפֿינט, אַז מיט אייער אייגנאַרטיקער איינשטעלונג צום „סוחר פֿון ווענעציע“, וועט אים זיין שווער צו רעאַליזירן אונדזער געפּלאַנטע אויפֿפֿירונג צום אַרויסלאָז פֿון אונדזער ערשטן אַקטיאָרן־קאָלעקטיוו. בעט איך אייך מיר נישט שטערן, נאָר העלפֿן מיין ווונטש צו רעאַליזירן. די אונטערנעמונג מיט גיעדיטשן האָט זיך אָנגעשטויסן אויף ערנסטע שטערונגען. אָבער איך בין גרייט אַלץ צו איבערווינדן און מיין פּלאַן צו דערפֿירן ביזן סוף.

— אויב איר זענט גלייכגילטיק צום פֿאַל — שפּילן אָדער נישט־שפּילן אין די אַרויסלאָזפֿאָרשטעלונגען „האַמלעט“ און „שיילאָק“ (מיר איז אַזאַ גלייכגילט אַבסאָלוט נישט פֿאַרשטענדלעך), דאַן בעט איך אייך העלפֿן מיר צעשטערן געוויסע גענג פֿון באַשטימטע פֿאַרשוינען, פֿאַר וועלכע גניעדיטשעס מיטאַרבעט אויפֿן לעצטן עטאַפּ איז נישט געווונטשן. מיר גייט אין דעם, אַז זיין מיטאַרבעט זאָל געקרוינט ווערן מיט דערפֿאָלג, און פֿון אייך קיין קעגנווירקונג דערוואַרט איך נישט.

איך בין געווען אַזוי איבערראַשט, אַז איך האָב געשוויגן ווי אַ שטומער און, מסתמא, געקוקט מיט דערשראָקענע בליקן פֿאַר זיך.

וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט ווייטער גערעדט:

— איך פאַרלאַנג נישט פון אייך, אַז איר זאָלט אָפּטרעטן פון אייער קאָנצעפּציע, אָבער פאַרוואָרקלעכט זי אויפן ספּעקטאַקל, און לאָזט נישט פאַלן קיין איין וואָרט וועגן דעם בעת די פּראָבן און פאַר־פירט נישט מיט פּיאָטר פּיעטראָוויטשן קיין טעאָרעטישע דיסקוסיעס וועגן שעקספּירן, וועגן הומאַניזם, וועגן געגעבענעם שטיק... לאָזט אים, גניעדיטשן, זיין דער, וועלכער ער איז שוין 20 יאָר אין אונדזער קרייז: דער נישט איבערגעשטיגענער אויטאָריטעט אין די פראַגן. איר וועט מיר געבן אייער וואָרט, אַז מיין ווונטש וועט דורך אייך דערפילט ווערן אויף אַלע הונדערט פּראָצענט. אייער האַנט!

ער האָט מיר אויסגעצויגן זיין האַנט, וועלכע איך האָב גאָר געקאָנט דריקן, און געדריקט זי האָב איך פעסט, ווייל איך האָב אים געליבט אַזוי ווי אַ מענטש קאָן ליב האָבן עמעצן, וואָס פערזאָניפיצירט זיין אידעאַל און „אָפּגאָט".

אָבער ביי דער גאָענטסטער פּראָבע איז אַלץ צעפאַלן ווי אַ גלעזערנע כלי אונטער דער ווירקונג פון אַ קאָכעדיקן וואַסערשפּריץ.

די סיבה פון דער קאַטאַסטראָפע בין איך געווען, אָבער צי בין איך געווען שולדיק?

זאָל דער לייענער משפּטן!

אין דער סצענע אויפן געריכט בין איך אַרויס אויף דער בינע מיטן עקזעמפּליאַר אין האַנט און געבליבן שטיין ביי דער טיר. פּיאָטר פּיעטראָ־וויטש האָט געהייסן צוגיין נענטער צום דאָזש. איך האָב אים מיט אַן אויס־דרוק פון דערשטוינונג אָנגעקוקט, אָבער באַלד זיך דערמאָנט דאַלמאַטאָוום געבאָט און בקשה און צוגעגאַנגען צום דאָזש. עטלעכע פראַזן שפּעטער, קוקנדיק אין טעקסט אריין, האָב איך זיך געלאָזט צו דער טיר...

— ווּהין גייט איר? האָט מיט אַן אייגנעהאַלטענעם פאַרדרוס אויסגערופן גניעדיטש.

— איך גיי צוגיין נענטער, פּיאָטר פּיעטראָוויטש! — האָב איך רואיק געענטפערט.

— וואָס פאַר אַ וויצן מאַכט איר?

— קיינע וויצן, פּיאָטר פּיעטראָוויטש, ווי אַזוי וואָלט איך געוואַגט צו מאַכן וויצן?

— דאָ שטייט דאָך: „שיילאָק און דו, אַנטאָניאָ, קומט נענטער צו אַהער!"

דער דאָזש זאָגט עס און מיר שטייען נעבן דאָזש פון סאַמע אָנהויב ביז איצט... זאָלן מיר אויסשטרייכן די פראַזע ביים דאָזש?

ער האָט אַריינגעקוקט אין טעקסט. אַ שווערע פויזע איז איינגעטראָטן. אין זאַל האָט ערגעץ זיך דערהערט אַ שטיל געלעכטער. גיכן האָט זיך אויפגעהויבן פון זיין אָרט און מיט שנעלע טריט פאַרלאָזט דעם צימער.

מער האָט ער זיך צו די פראָבן נישט געמאָלדן.

איך האָב געוואַרט אויף אַן אויפפאָדערונג צו דאַלמאַטאָוו, אָבער ער האָט מיך נישט גערופן. משמעות, אַז דעם ענין האָט ער אויפגעקלערט אָן מיר און פעסטגעשטעלט, אַז פון מיין זייט איז קיין שום אָנגריף אויף גיכנס אויטאָריטעט נישט געווען. און געהאַלטן האָב איך זיך מער ווי קאָרעקט. אָבער דער טעקסט ביי שעקספירן האָט מיך געמאַכט פאַר אַ נישטווילנדיקן „אַגרעסאָר“.

צום אַרויסלאָז האָב איך געשפּילט אויף דער בינע פון טעאַטער אין אַן עפנטלעכער פאָרשטעלונג די ראָלע פון „אַנדרעיען“ אין טשעכאָווס „דריי שוועסטער“.

איך האָב אויף דער בינע פון שול שוין געהאַט געשפּילט — „ווערשינין“, אָבער אַרבאַטאָוו, וועלכער האָט דעם ספּעקטאַקל געבויט, איז געווען ביי דער מיינונג, אַז באָראָגינין האָט מער רעכט צו רעפּרעזענטירן די שול ווי מענאַקער און דער מאָטיוו האָט דעצידירט ביים פאַרטיילן די ראָלן אין דעם רעפּרעזענטאַנץ-ספּעקטאַקל. בין איך געבליבן ביי „אַנדרעיען“. קיין אומכבוד האָט עס נישט פאַרשאַפט — נישט מיר, נישט דער שול. דער ספּעקטאַקל האָט געמאַכט אַ גרויסן רושם. מיר איז אויסגעפאַלן מיין חלק „לאָרבער“ און ליבגעזאַנגען.

צום מאָמענט פון עצם סיום פון דער שול וועלן מיר זיך נאָך מוזן אומקערן. דאָ זענען מיר דערגאַנגען צו אַן עטאַפּ, וועלכער האָט געהאַט אַ קאָלאָסאַלע ווירקונג אויף דער שול אינגאַנצן און אויף יעדן איינעם פון אונדז בפרט: מיר האָבן געשפּילט דריי פאָרשטעלונגען אין פאַולאָווסק, אין פּאַלאַץ פון גרויספירשט קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש.

און דאָ האָב איך צו דערציילן מיין לייענער זייער אַ סך.

# X. פאָר — און נאָכשפּיל

די פאַרשטעלונגען אין פּאָולאָווסקי, אין שלאָס פון גרויספירשט קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש, שטעלן פאָר מיט זיך אַזאַ מין קאַפּיטל, וואָס לאָזט זיך נישט איינשליסן אין איין קעפּל, אונטער איינאיינציקן קאָעפיציענט.

פון איין זייט — זענען אין פּראָגראַם פון די עצם לימודים געווען אַ צוויי דריי חדשים, געווידמעט די אורקוואַלן פון דער רוסישער דראַמאַטורגיע... פאַרן לייענער, וואָס האָט אַ וועלכן ס'איז אינטערעס צו זכרונות פון אַ „יידן — אַן אַקטיאָר", קאָן קוים פאַרשטעלן אַן אינטערעס די ידיעה, אַז יעקאַטערינע די ערשטע („וועליקאַיאַ") האָט געשריבן טעאַטערווערק און ווי אַזוי די ווערק אירע האָבן אויסגעזען... פון דער צווייטער זייט — וואָלט זיך געוואָלט געדענקען, שרייבנדיק דעם קאַפּיטל — אַזוי גוט ווי יעדן אַנדערן קאַפּיטל, אַז קיין אומנויטיקע ידיעות זענען אויף דער וועלט נישטאָ. אָבער איין מאָטיוו פירט אָן מיט מיין האנט און דאָמינירט א י ב ע ר אלע, לחלוטין — אלע אנדערע מאָטיוון: אונדזערע קאַפּיטלען מוזן זיך דאָך ווען עס איז פאַרענדיקן, און מיר מוזן זיך באַשליסן אויף אַ געוויסער, לאָמיר זאָגן: „גרינגשעצונג" צו אַ טייל מאַטעריאַלן, כדי צו באַגרענעצן אונזערע בענדער און קאַפּיטלען.

מיר האָבן אין פּאָולאָווסק געשפּילט דריי פאַרשטעלונגען. דעם ערשטן — דעם 20־טן פעוורואַל 1910, דעם דריטן — דעם 20־טן מערץ. פון אָט די צוויי פאַרשטעלונגען ליגן ביי מיר צוויי פּראָגראַמען, וואָס וועלן נאָך פאַרנעמען אַ הונדערט שורות אין אונדזער סיפור המעשה. און, אויב איך וועל מוזן אויסשטיין פאַר דעם אַ בינטל טענות, פאָרוואָרפן, אפשר נאָך ערגער? — געהערט עס שוין צום גורל פון מיין „ווערק" אין זיין גאַנצער געשטאַלטונג... דער פּראָגראַם פון צווייטן ספּעקטאַקל איז אין מיינע ארכיוון נישט בנמצא, ווייל איך בין אין דער פאַרשטעלונג נישט געווען

באַטייליקט, און הגם 90 פּראָצענט פון דעם, וואָס איך דערצייל אין מיינע קאַפּיטלען, שעפּ איך אויסשליסלעך פון זכרון, אָבער אַלע עפּיזאָדן, פון וועלכע עס קאָן — זאָל מיר דערלויבט זיין אַזוי זיך אויסדריקן—„שמעקן“ מיט פאַנטאַזיע, אָדער, אפשר, נאָך ערגער: מיט ג ו ז מ א — אַלע אַזעלכע עפּיזאָדן וואָלט זיך מיר געוואָלט אָנשפּארן אויף דאָקומענטן. די צוויי פּראָגראַמען און דריי מעדאַליאָנען, וואָס ליגן ביי מיר 47 יאָר צווישן מיינע רעליקוויעס — דאָס זענען לעבעדיקע עדות, אַז די „מעשה“ האָט זיך מיר נישט געחלומט און אַז נישט פון מיין צעוישעטער פאַנטאַזיע האָב איך זי ארויסגעשעפּט...

אַ יידיש קינד, אַ בן עשרים וארבע, נישט האָבנדיק קיין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“ אין ניקאלאי'ס הויפּטשטאָט, שפּילט ביים גרויספירשט (וואָס ער שפּילט — וועלן מיר נאָך שפּעטער הערן) און איז זוכה צו אַזעלכע מיגוטן, פון וועלכע יעדער נאָרמאַלער יונגער מענש וואָלט אויסגעבויט אַ פעסטן פונדאַמענט פאַר זיין וויטערדיקן קיום... אָבער לאָמיר ביי אונדזער בעל-דבר נישט מאָנען קיין נאָרמאלע מעשים נאָך דעם אלעם, וואָס מיר ווייסן שוין וועגן אים ביז אַהער.

מיר האָבן געשפּילט צוויי פאָרשטעלונגען, אין וועלכע איך בין געווען באַטייליקט. איך האָב פאַרבראַכט צוויי טעג לערך, פון 3 נאָכמיטאָג ביז וויט נאָך האלבער נאכט אין שלאָס; ס'איז געקומען דער צאַר צוגאַסט צום גרויספירשט; בעת דער צווייטער פאָרשטעלונג איז אונדזער שול — „אין קאָרפּאָרע“ — דעם צאר געוואָרן פאָרגעשטעלט; ער האָט זייער וואָרעם געדאַנקט, דריי פון די סטודענטן האָט ער געדריקט די הענט, מיט צ ו יי — פאַרפירט אַ שמועס (פּרטים — שפּעטער).

אָבער איידער מיר וועלן דעם לייענער אַריינפירן אין עצם פּאַלאַץ פון קאָנסטאַנטין ראָמאַנאָוו, וועט ער זיך מטריח זיין אויסהערן די באַשרייבונג פון צוויי קורצע געשפּרעכן: אַזאַ מין „פּראָלאָג“ צום „דוואָריעץ“ און אַן „עפּילאָג“ צום געשעעניש... אין דיביידע פאַלן, וואָס אמת איז, בין איך קיין עד-ראיה נישט געווען, אָבער פארשווייגן די ביידע געשפּרעכן וואָלט געווען אַ פּשוטע עוולה, נישט קענן אונדזער יונגנמאַנטשיק בייערט קענן גאַנצן בילד פון די פאָרלויפנדיקע געשעענישן און קענן צוויי באַטייליקטע און זיי: מיין פאָטער און מיין גרויסן לערער, פאַטראָן און פריינד — דאַלמאַטאָוו... טאָ לאָמיר זיך פאַרקלייבן צו דאַלמאַטאָוו'ן אין קאַבינעט עטלעכע טעג פאַר דעם, ווי די שול האָט נעזאָלט אַרויספאָרן קיין פּאַוולאָווסק און זיך דערוויסן וועגן אַ זאכלעכן געשפּרעד, וועלכן דאלמאטאָוו האָט גע-

האָט מיט אונדזער הויפּט־לערער, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש אַרבאַטאָוו — אין קעגנוואַרט פון נאָך צוויי פּעדאַגאָגן—רעזשיסערן.

אַרבאַטאָוו האָט, שמועסנדיק וועגן פּרטים פון דער פאַרשטייענדיקער דעמאָנסטראַציע פון אונדזערע דערגרייכונגען אין קעגנוואַרט פון דער צאַרישער משפּחה, מיט אַמאָל געמאָלדן, אַז „מנקר'ן מיטנעמען האַלט ער פאַר נישט געווונטשן, און ער וועט אים בעסער פאַרבייטן אין אַלע ראָלן".

דאַלמאַטאָוו האָט בכלל נישט ליב געהאַט, אַז ווער עס איז זאָל זיך אומגעבעטן מישן דאָרט, ווו צו באַשליסן האָט ער. אין דעם פאַל האָט אַרבאַטאָוו'ס אומגעריכטע מעלדונג אים טאָפּלט געטראָפן.

— ערשטנס, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, איז „פאַרבייטן" אַן איידעלע אָנגעלעגנהייט, וועלכע אַליין באַשליסן קאָן נישט אפילו אַרבאַטאָוו, און עס וואָלט נישט געפעלט ביי זיך צו באַשליסן אָן דער איינשטימיקער צושטימונג פון פּעדאַגאָגן־ראַט אויך דאַלמאַטאָוו, וועלכער איז דערווייל נאָך — דירעקטאָר, אויב איר דערלויבט אים צו זיצן ביים דאָזיקן שרייבטיש, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש... כאַ־כאַ־כאַ (ער פלעגט לאַכן, דאַלמאַטאָוו, אויף אַזאַ אופן, אַזוי געזונט, געשמאַק און מיטרייסנדיק, אַז די דערביייִקע האָבן געמוזט לאַכן מיט אים צוזאַמען. און ביידע פּעדאַגאָגן האָבן זיך — צו אַרבאַטאָוו'ס אומצופרידנהייט — ברייט צעשמייכלט).

דאַלמאַטאָוו איז אָבער ביים לאַכן נישט געבליבן.

— יאָ, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, וועגן פאַרבייטן דאַרף מען זיך נאָך פאַרטראַכטן... איך בין נייגיריק צו וויסן וועלכע מאָטיוון — וועלכע ג ר ו נ ט ן — האָט איר, כדי אויפצוהייבן די פראַגע וועגן מאָרעוווסקים באַזייטיקונג אינעם גרויסן יום־טוב פון דער שול, אין וועלכער ער איז דורך אונדז אַלעמען אָנערקענט פאַר איינעם פון די אויסדערוויילטע שילער? איר אַליין האָט — ווי מיר ווייסן דאָ אין צימער אַלע אָנוועזנדיקע — נישט איינמאָל אויף די זיצונגען פון פּעדאַגאָגן־ראַט גערעדט און אונטערגעשטראָכן זיינע פעיקייטן און פלייס... וואָס זשע איז אַזוינס געשען, אַז מיר זאָלן אים אויף אַזאַ דראַסטישן אופן שיקאַנירן?

— וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש! — רופט זיך אָפּ אַרבאַטאָוו אַביסל ווי אין פאַרלעגנהייט — וועגן וועלכע עס איז ש י ק אַ נ ע ס קעגן מנקר'ן פון מיין זייט קאָן קיין רייד נישט זיין! איך באַצי זיך צו אים נישט ערגער און נישט אַנדערש, ווי יעדער אַנדערער פון אונדזערע קאָלעגן, אָבער איינשטעלן צוליב אים דעם קאָפּ און דאָס לעבן פון דער גאַנצער אינסטי־

מוציע האָב איך ביי מיין בעסטער באַציאונג צו אים — קיין שום חשק נישט.

אַלע דריי האָבן ברייט געעפנט די אויגן... דאַלמאַטאָוו האָט אַראָפּ־געגומען זיין פענסנע פון נאָז און פאַרזשמורעט די אויגן.

— איינשטעלן דעם קאָפּ? דאָס לעבן??... איך פאַרשטיי אייך נישט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש... איר האָט עפּעס פאַרשטאַנען, מיינע הערן? — האָט ער זיך געוואָנדן צו יענע צוויי.

ביידע האָבן געשוויגן. איינער פון זיי — גאַווריליא וולאַדימיראָוויטש גלאָוואַצקי, אַן אַדורכגעטריבענער „כאָכאָל“ (אַזוי פלעגט מען דעמאָלט רופן די אוקראַינער) — האָט שמייכלענדיק געקוקט ארבאַטאָוון אין די אויגן אריין.

— איך וואָלט אייך בעטן מיר געגויער דערקלערן וואָס איר מיינט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, מייז טעמפּער מוח אַנטזאָגט זיך צו באַנרייפן די טויט־געפאַרן, וועלכע דראָען אונדזערע קעפּ און לעבנס... רייסט אי־בער אייער אומהיימלעכן שווייגן — זאָגט אונדז עפּעס ענדלעך!

— מיר טוט באמת לייד, וואָס איך בין דאָ דער איינציקער „גזלן“, וואָס באשליסט זיך צו פירן צו דער „עקדה“ — דאָס מאָל נישט יצחק'ן, נאָר דעם עלטסטן „פאַטריאַרך“, אברהם'ען אַליין... איך מיין, אַז די סכּ־נה זעען אַלע, וואָס האָבן קלאָרע אויגן...

— וועלכע „סכנה“? ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש! וואָס טוט זיך דאָ?

אַרבאַטאָוו איז אויפגעשפּרונגען פון זיין פאָטעל און האָט זיך צע־שריען מיט בייזע אויגן:

— איר זענט אין מנקר'ן פאַרליבט, דאָס קאָן איך, וואַסילי פאָנ־טעלעימאָנאָוויטש, קיינער נישט פאַרווערן... און קיינער לייקנט נישט, אַז ער איז אַ יונג מיט אַ נישט הורכשניטלעכן באַגאַזש אין מוח, אין גייסט און אפילו — אין האַרצן. נאַאיוו איז צו מיינען, אַז ער וועט שוינען די שול און אונדז אַלעמען מער ווי זיין צוקונפט...

— איך פאַרשטיי אייך נאָך אַלץ נישט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש! רעדט קלאָרע דיבורים: וואָס מיינט איר?

— ער וועט נישט הורכלאָזן דעם צופאַל, וואָס מאַכט זיך איין מאָל אין לעבן און חזר'ט זיך מער נישט איבער...

— נו... זאָגט דאַלמאַטאָוו, אַלץ נאָך נישט זענדיק דעם חלק אי־בער די העלדזער.

— „נו“ קרימט אים איבער ארבאטאַוו, פאַרלירנדיק דאָס געדולד:
„נו“... ער וועט דערלאַנגען דעם קיסר אין האַנט אריין א בקשה וועגן
„פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“, און מאָרגן וועט פון דער שול בלייבן א זכר...
ס'איז איינגעטראָטן אַ שטילשווייגן. יענע צוויי האָבן זיך אויסגע־
דרייט צום פענסטער. דאַלמאַטאָוו איז געזעסן מיט אַן אויסגעקרימטן
שמייכל אויפן פנים, ער האָט אפילו נישט רעאַגירט אויף אַרבאַטאָוו'ס
נאָכקרימען זיין „נו“, וואָס ביי אַנדערע אומשטענדן וואָלט עס אים
„ארויסגעפירט פון די כלים“, ווייל קאַריקאַטורן אויף זיך און אויף וועמען
עס איז, וועמען אים איז ליב, פלעגט ער אויפנעמען ווי אַ שטיין אין אויג...
דאָס מאָל האָט ער געשוויגן ווי אַ שטומער, און אַרבאַטאָוו האָט זיך דער־
פילט ווי עס וואָלט אָנגעוואַקסן אַ שטורעם. מיט צוויי אָקטאַוועס שטילער
ווי פריער, עפּעס ווי האָבנדיק באַגריפן, אז ער האָט נישט אויסגעמאָסטן,
גיט אָפּגעוווינגן זיין אויסגעשעסענע פּייל, האָט ער, כמו ציילנדיק די זילבן,
די אותיות, צוגעגעבן:
— ער איז דאָך נישט אזוי נאַאיוו, ווי ער מאַכט זיך, ער שפּילט
נאַאיווקייט אַזוי געלונגען און איבערציינגנדיק, ווי אַלע אַנדערע סיטואַ־
ציעס, וועלכע מיר האָבן אים געזען שפּילן, אָבער מיר דאַרפן זיין טפשים
צו דערלאָזן שפּילן מיט העם, וואָס אונדז איז טייער ווי אונדזער לעבן...
דאַלמאַטאָוו האָט אים ענדלעך איבערגעריסן.
— איר זענט אַן אַחוואָקאַט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, כ'גיב גערן צו,
אַז איר האָט פאַרדינסטן אויף די הייגטיקע מעאַטער־געביטן, אָבער וועגן
דריי זאַכן האָט איר, מיין פריינד, קיין מינדסטן באַגריף נישט... אפילו
נישט אַזוי פיל...
ער האָט אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט און אָנגעוויזן אויפן שפּיץ
פון קליינעם פינגער...
— קאָן איך זיך דערוויסן צו וועלכע „דריי זאַכן“ בין איך נישט
דערוואַקסן?
— אויב אייך גלוסט זיך וויסן, וועל איך אייך גערן עס זאָגן. ערשטנס,
איז אייך פרעמד דער מינדסטער באַגריף וועגן דעם וואָס אַזוינס איז
ב י ב ל י ש ע ווי ר ד ע... כאָטש איר האָט רעהמאָנט די פּאַטריאַרכן...
צווייטנס, ווייסט איר נישט וואָס איז — ר ו ס י ש ע ר אַ ק ט י אָ ר און
דריטנס קענט איר, ווי איך זע, זייער קנאַפּ אייערע תלמידים און איר
קאָנט נישט קענען אָט־דעם יונגנמאַן. אונדזער געשפּרעך אויף דער טע־
מע איז פאַרענדיקט, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש. אין פּאַוולאָווסק וועט ער

מיט דער שול מיטפֿאָרן, און די אחריות פֿון דער גאַנצקייט פֿון אייער קאָפּ נעם איך פֿולשטענדיק אויף זיך... איך גאַראַנטיר, אַז קיין בקשה דעם צאַר וועט ער נישט דערלאַנגען.

— בראַוואָ, וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש — האָט זיך אומגעריכט אָפּגערופֿן גלאַוואַצקי און דער צווייטער לערער, סלאַדקאָפּיעוויצעוו האָט דאַלמאַטאָוון אויסגעשטרעקט די האַנט...

איך האָב אָנגעהויבן דעם קאַפּיטל מיט דער באַמערקונג וועגן דאָקומענטן אַלס גרונט פֿון מײַנע דערציילונגען... מוז איך דאָ צוגעבן, אַז קיין סטענאָגראַם פֿון דעם אָקאָרשט געבראַכטן געשפּרעך אין דאַלמאַטאָווס קאַבינעט האָב איך נישט, און דערוווּסט האָב איך זיך וועגן דעם אַרום און אַרום, פֿון גאַנץ אַנדערע מקורים. נישט איין אינצידענט אין פּעדאַגאָגן־ראַט איז באַוווּסט געוואָרן דער געמיינשאַפֿט פֿון אונדזערע סטודענטן. אויך אין געגעבענעם פֿאַל זענען די פֿאַקטן אַרויס אין דער עפֿנטלעכקייט נאָך איידער מיר זענען אַרויסגעפֿאָרן קיין פּאַוולאָווסק.

אָבער די פֿאַקטן, זייענדיק צוגעטראָגן אָן דיאַלאָגן, אָן דעם „געווירץ" פֿון אַקאָמפּאַנירנדיקער כאַראַקטעריסטיק — די פֿאַקטן פֿאַר זיך אַליין וואָלטן געווען טרוקענער פּראָטאָקאָל־מאַטעריאַל. מיר שרײַבן — „מעמואַרן": דאָס איז — בעלעטריסטיק, און מיר האָבן זיך מתחיב געווען צו זײַן טרײַ די פֿאַקטן און הערבײַ — „שילדערן נאַטור־בילדער", „שלײַפֿן דיאַלאָגן", פֿרײַ באַהאַנדלען די מאָטיוון פֿון „היוצא מדברינו". די אַלע באַטייליקטע אין דער אָקאָרשט באַשריבענער סצענע אין דאַלמאַטאָוו'ס קאַבינעט זענען — פֿאַקטן. זייערע רייד און באַציונג צו איינצעלנע מאָמענטן — דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, — בעלעטריסטישער געווירץ, וואָס האָט אַ געזעצלעכע כּוונה די פֿאַקטן צו ברענגען פֿאַרן לייענער אין פּאַסיקע לבושים, נישט ענדערנדיק זייער וווּקס און טבע, צופּאַסנדיק דעם „לבוש" צום פֿאַקט און באין שום אופֿן — נישט פֿאַרקערט... און וואָס שייך די דיאַלאָגן קאָן דאָ זײַן פֿון פֿרייער פֿאַנטאַזיע — אַ קאָנקרעטע פֿראַזע אויף אַ באַשטימטן אָרט, אָבער — אַזוי און נישט אַנדערש האָט געקאָנט רעדן אָט דער מענטש אין היגער ס י ט ו אַ צ י ע.

על כּן: נישט האָבנדיק קיין סטענאָגראַמע, טראָגן מיר צו דאָס געשעעניש מיט אַ רואיקן געוויסן — נישט ווייניקער רואיק ווי יענע פֿאַלן, ווען מיר קאָנען דעמאָנסטרירן דאָקומענטן. אגב איז אין געבראַכטן אינצידענט נישט פֿאַראַן אַפֿילו קיין סימן פֿון עפּעס אויסערגעוויינלעכס: צוויי רוסישע אינטעליגענטן פֿון יענעם דור האָבן פֿאַרשיידענע שטעלונגען און

פאַרשידענע באַציונגען צו אונדזער „ווילנער באַלעבעסל“. צי זענען דאָ נוי־
טיק „דאָקומענטן“?

דאָס איז געווען דער פּראָלאָג, „פאָרשפּיל“ בלע״ז. איצט קומען מיר צום נאָכשפּיל, צום „עפּילאָג“, הייסט עס.

דאָס מאָל — נישט אין פּעטערבורג, נייערט — אין ווילנע. און נישט אין בנין פון דער הויכגעשטעלטער אַריסטאָקראַטיע — הוכט זיך: פּירש־טין — טיגנישעוואַ גייערט אין „משמרת חולים“, וווּ מיין פאָטער איז לאַנגע יאָרן געווען אַ גבאי. אפשר וועט דער לייענער זיך דערמאָנען די מעשה מיט „לע זשורנאַל“, ווי אַזוי מיין טאַטע האָט געבראַכט אין „משמרת חולים“ די ידיעה וועגן דער מאַניפעסטאַציע אויפן פּלאַץ פון „ווינ־טער־שלאָס“ דעם 9־טן יאַנואַר 1905 און ווי אַזוי מען האָט אים געראָטן בעסער האַלטן ס׳מויל... דאָס מאָל האָט ער שוין נישט מורא געהאַט פאַר קיינעם און פאַר קיין זאַך און נאָכן דאַווענען שבת, אין אַ זוניקן נאָך־פּורים פרימאָרגן האָט ער פאַר אַ מנין ייִדן, וואָס האָבן געהאַלטן אין צונויפלייגן זייערע טליתים, דערציילט ווי אַזוי זיין בן־יחיד איז אויפגע־נומען געוואָרן אין דער קייזערלעכער משפּחה, ווו ער האָט געשפּילט, און ער אליין, „ירום הודו“ בכבודו ובעצמו... און אַזוי ווייטער... די ייִדעלעך האָבן זיך שווייגנדיק צוגעהערט, צוגעשאָקלט מיט די קעפּ — ווער מיט ספקות, ווער מיט פאָרוואורף, ווער מיט קנאה. מען האָט גענומען זיך פאַנאַנדערגיין — דער טשאָלנט וואַרט, מע דאַרף אים נישט לאָזן קאַלט ווערן. אָבער איינער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם נסיון אָפּצוסמען בנ־ימין מנקר׳ן זיין נחת בנים... „זאָל ער זיך, דער אַלטער נאַר נישט גרויסן... זיין גדולה איז נישט אַזוי גלאַטיק און כשר ווי ער מיינט, ווי אים גלוסט זיך“.

— רב בנימין — זאָגט ער (אגב: אַ ווייטער קרוב) — זייט נישט אַזוי נאַאיוו... גרויסט זיך נישט אַזוי מיט ניקאָלאַי׳ס פריינדשאַפט צו אייער בן יחיד... אַ ייִדן לאָזט מען נישט אַריבער איבער יענע שוועלן, און אַ ייִדן דריקט נישט ניקאָלאַי די האַנט... — און לוסטיק לאַכנדיק, האָט ער — („שעסקין“ האָט מען אים גערופן, אַן אויסטויש־געשעפט (אַ קרעמל) האָט ער געהאַט אויף „ברייטער“ גאַס) עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט „רב בנימי־נען“ איבערן שולטער און געלאָזט זיך גיין עסן טשאָלנט, צווינקענדיק אַרום זיך און פינטלענדיק מיטן אויג...

„דערלאַנגט דעם אַלטן וואָס אים קומט? הא? זאָל ער וויסן!“
בנימין מנקר איז געבליבן שטיין מיט אַן אָפענעם מויל... האָט ער,

הייסט עס, איבערגעחזר׳ט אַ באָבע־מעשה? גאַרישע באַרימערייען, וואָס נישט געשטויגן — נישט געפלויגן? אָבער זיין אבראם זאָגט קיינמאָל קיין ליגן נישט! צייט ער לעבט! צייט ער געדענקט זיין איינציק קינד!... ניין, ניין, דאָס איז פּשוט רשעות, נישט פאַרגינעניש... און מיט אַמאָל האָט ביי רב בנימין מנקר אַ בליץ געטאָן אין מוח: שעסקין האָט געמיינט נישט אַזוי ווי איך, נאַרישער טאַטע, האָב אים פאַרשטאַנען... אַן אַנדער זאַך האָט מיר שעסקין אָנגעזאָגט: „אַ ייד ן — זאָגט ער — הריקט ניקאָלאַי נישט די האַנט“. ער האָט דאָך אָבער אבראמען די האַנט יאָ געדריקט! אַזוי שרייבט ער אין לעצטן בריוו, צו זיין 24־טן געבוירנטאָג... איז וואָס זשע טוט זיך דאָ.

ווי פון אַ דונער געיאָגט, איז ער נאָכגעלאָפן נאָך זיין ווייטן קרוב, דעריאָגט אים אויפן ראָג פון שאָפּענאָווסקע און סאַדאָווע, אָנגענומען אים ביים עלנבויגן און מיט אַן איבערגעהאַקטן אָטעם אַרויסגעמורמלט:

— הערט, שעסקין, וואָס איך רעד צו אייך, הערט און זייט ווייזן... אַז גיכער וועט ניקאָלאַי וואָראָאַי דריקן די האַנט בײַ אַ יידן, איידער מיין קינד וועט מיר זאָגן אַ ליגן. קאָנט איר תופס זיין וואָס איך רייד צו אייך, איז מה טוב, און אויב איר קאָנט נישט, איז עס אייער זאַך, אָבער וועגן מיין זון זאָלט איר נישט רעדן און נישט טראַכטן קיין שלעכטס...

און ער האָט דעם דערשיטערטן ווייטן קרוב זיינעם געלאָזט שטיין און איז אַוועק אַן אויסגעלייטערטער צו זיך אַהיים, פּונקט דאָ אַנטקעגן ראָג — עסן טשאָלנט.

# XI. כל־ערליי ראָמאַנאָוום

אונטער דאַלמאַטאָווס ראָמאַנטישן באַגריף וועגן „ביבלישער ווירדע“ און וואָס אַזוינס איז „רוסישער אַקטיאָר“ — פון איין זייט, און האָבנדיק פאַר די אויגן מיין ופּאָטערס אומדערשיטערלעכן בטחון, אַז זיין בן־יחיד זאָגט נישט קיין ליגן — פון דער צווייטער, לאָמיר אָנהויבן מאָלן בפּרטיות דאָס בילד פון די אויסטערלישע געשעענישן.

קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש איז געווען אַ הויכבאַגאַבטער פּאָעט, ער האָט געשריבן פּרעכטיקע לידער און פלעגט זיי חתמענען מיט צוויי אותיות: „ק. ר.“ זיין פעדער געהערט אַן איבערזעצונג פון „האַמלעט“ — די געניוסטע אין דער רוסישער ליטעראַטור: זי אַנטהאַלט די זעלביקע צאָל זילבן ווי אין אָריגינאַל...

(איך מוז מיר דאָ דערלויבן אַ קורצע אָפּווייכונג פון מיין דערציילונג צו זאָגן אַגב אורחא, אַז פון 13־טן לעבנסיאָר מיינעם האָב איך דאָס בוך אויף מיין ביכער־פּאָליצע... היות די איבערזעצונג איז געהייליקט דעם אָנדענק פון אַלעקסאַנדער דעם 3־טן — קורץ נאָך זיין טויט — האָב איך אין געוויסע צייט־פּעריאָדן דאָס ביכל געהאַלטן ביי זיך נישט אָן „סכנות נפשות“, אָבער געהאַלטן: ס'איז אַ שעקספּיר־אַנטיק...)

נאָך דעם אַלעם געזאָגטן וועט מיר שוין דער לייענער — יעדער לייענער — אַזוי גוט זיין מוחל זיין במחילה גמירה, וואָס, פאָרגדיק קיין פּאַוולאָווסק, האָב איך פאַר מיינע אויגן, הארצן און געוויסן געהאַט נישט עמעצן, וואָס האָט אַ שייכות צו מיין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“, צו מיינע שוואַרצע טעג אין אָדעס און צו די אַלע אַנדערע מכות פון יענע יאָרן און זייערע פינצטערע קאַפּיטלען, אין וועלכע, לויט לעאָניד אַנדרעיעוו'ס טרעפלעכער דעפיניציע: „דער באַרויבטער זעט אויס ווי דער רויבער, דער רויבער באַקלאָגט זיך אויף דער גנבה און שילט“ —

איך בין געפאָרן קיין פּאַוולאָווסק אָן דער מינדסטער פאַרביטערונג.

אָן אַ שפּור פון געפיל, אַז איך פאָר צו גאַסט אין די נעסטן פון די פינצטערע כוחות...

היות ווי אין דער ערשטער פּיעסע („וולאַדימיר", טראַגעדיע אין 5 אַקטן פון פ'עאָפאַן פּראָקאָפּאָוויטש, געשפּילט דעם פּראָלאָג און 3-טן אַקט), האָב איך געהאַט צו פאַרקערפּערן אַ געשטאַלט, וואָס דבר'ט נישט, שטייט בלויז פון דער לינקער זייט לעבן וולאַדימירס טראָן מיט אַ דעגן אין דער רעכטער האַנט פון סאַמע אָנהייב ביז סאַמע סוף, האָט מען מיך צו די פּראָבן נישט געהאַט מיטגענומען. צום ספּעקטאַקל, דעם 20-טן פעברואר, — ווי שוין דערציילט, — זענען אַלע מיינע חברים געפאָרן אַזוי גוט ווי צו זיך אַהיים, איך איינער בין געווען אַ פּנים חדשות. זענען ארויסגעשפּרונגען עטלעכע לוסטיקע עפּיזאָדלעך, אין וועלכע איך בין געווען, דאָ אַ „קרבן", דאָ אַ „טריאומפאַטאָר".

געפאָרן איז די גאַנצע חבריה אין אַ ספּעציעלן צוג, פון 3 וואַגאָנען, אין וועלכע, אָפּגעטיילטע איינע פון די אַנדערע, זענען געזעסן די אָנטיילנעמער, וואָס האָבן געזאָלט אויספירן דעם רייכן — זאָגאר איבערגעלאָדענעם — פּראָגראַם און וועלכע האָבן געהערט צו פאַרשיידענע שיכטן פון דער פּעטערבורגער געזעלשאַפט. אַזוי איז דער קאַדעטן-קאָרפּוס, וועמענס סטודענטן האָבן געשפּילט אַן אַקט פון סומאַראָקאָווס טראַגעדיע „כאָריאָוו", געזעסן אין א באַזונדערן וואַגאָן. אין אַ צווייטן וואַגאָן איז געפאָרן דער כאָר, און אין דריטן וואַגאָן — אונדזער שול. דער צוג איז אָפּגעפאָרן פון צאַרסקאָסעלסקי וואָקזאַל (היינט — „וויטעבסקי") אַרום 3 — 4 בייטאָג, די נסיעה האָט געדויערט, ווי ווייט איך געדענק, נישט לאַנג, אַ קנאַפּע שעה, אָבער קיין פּאַוולאָווסק זענען מיר אָנגעקומען ביי אָוונטליכט.

דאָ וויל איך דעם לייענער דערציילן אַן אינטערעסאַנטן פּרט: אַ סך פון יענצייטיקע מענטשן האָבן נישט פאַרטראָגן קיין עלעקטרישע באַלויכטונג... אויף דעם דאָזיקן קאַפּריז פון אַן אַלטן אַריסטאָקראַט האָב איך זיך שוין געהאַט אָנגעשטויסן מיט אַ פּאָר יאָר צוריק אין בייערן, ווו, זייענדיק אין בערכטעסגאַדען, האָב איך צו מיין דערשטוינונג זיך דערוווסט, אַז דער אַלטער קיניג דערלויבט נישט אריינפירן קיין עלעקטריציטעט און לעבט ביי סטעאַרין-ליכט (און נאַפט-לאָמפּן?).

ס'איז אַ טעמע פאַר אַ זייער טיפן שמועס וועגן מענטשן און ציַיטן... דער אַלטער קיניג פון בייערן (דוכט זיך: אָטאָ, אפשר נישט „קיניג", נאָר — פּרינץ-רעגענט?) — איז געווען פּסיכיש נישט פולווערטיק און

פלעגט זיין זומער=רעזידענץ בערכטעסגאַדען נישט פאַרלאָזן אויך ווינטער. צו אַלע נייע איינריכטונגען פון יאָרהונדערטער — געווען איז ער שוין אין די יאָרן — האָט ער געפילט אַ מין „שווידער“, אפשר אַפילו אַ מין עקל... קאָן זיין, ער האָט געטראָגן אין זיין קראַנקהאַפטן געמיט אַ פאָרגעפיל, אַז ער פילט אויס מיט זיך אַ לעצט בלאַט פון אַן אָפּגעלעבטער עפּאָכע?

אָבער ווי אַזוי האָבן מיר, צוואַנציקיעריקע, דעמלט געזאָלט קוקן אויף אָט=די אויסדרוקן פון „ווילדער“ אָפּגעשטאַנענקייט? מיט ביטול? מיט שנאה? ווי אויף פוילנדיקע בלעטער אין האַלב=פאַרווילדעוועטן פאַרק פון טיפן האַרבסט? אפשר איז אַזאַ באַציונג צו דעם פאַל אין בערכטעסגאַדען געווען ריכטיק, אָבער פאַר מיר זענען עס געווען ווייענדיקע טרונעס, וואָס וויברירן אויפן פילבאַרסטן פון אַלע מוזיק=אינסטרומענטן: אויפן האַרצן פון אַ מענטשן.

אין מזרח=אייראָפּע, וואָס אַן אמת, זענען געוואַקסן סימפּטאָמען פון אַנדערע ווינטן און שטורעמס... דער אַלטער אָטטאָ האָט קיין גרויסע ישועות ונחמות אין אָט=די אָנוואַקסנדיקע ווינטן אויך נישט פאָרגעפילט, און אַליין, וואָס איז געוואָרן אָנגעטראָגן פון טעכניק, פון דערפינדונג איז פאַר אים געווען — אַן אָנזאָג פון אומקום...

פינפאונצוואַנציק יאָר שפּעטער איז אין בערכטעסגאַדן אין זעלביקן שלאָס געזעסן אַדאָלף היטלער... דעם פרינץ אָטטאָס פאָרגעפיל און שווידער קאָנען שוין היינט געפונען אַן אָפּקלאַנג אין אונדזערע געמיטער און געוויסנס...

אין פּאַוולאָווסק — הער איך, זיצנדיק אין סאַלאָן=וואַגאָן — איז אין גאַנצן שלאָס נישטאָ קיין עלעקטריש ליכט. נאָר צו אונדזערע פאָרשטעלונגען זענען אינסטאַלירט געוואָרן די נויטיקע אַפּאַראַטן צו באַלויכטן די בינע.

ס׳איז איבעריק צו באַטאָנען, אַז איך האָב זיך דערמאָנט אין בייערישן מעלאַנכאָליקער און מיין דערנעענטערונג צום גרויספירשטס שלאָס האָט זיך אומגעריכט פאַרשלייערט אין אַ טונקעלן געפיל פון קראַנקהאַפטן קומער. אָבער ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן לוסטיקע סורפּריזן.

*

*                *

ביים וואָקזאַל אין פּאַוולאָווסק האָבן געוואַרט עטלעכע הויפקאַרעטן: אַזוי ווי מיינע חברים זענען שוין פריער געווען אויף די פּראָבן האָב איך

זיי געהאַלטן פֿאַר „באַהאַוונטע“ אין די פּרטים פֿון אומגאַנג און כ'האָב באַשלאָסן זיי נאָכצוגיין שריט נאָך שריט. זעצן מיר זיך אַריין אין אַ קאַרעט זאַלבעפֿערט: מישאַ טשעכאָוו, זשעניאַ באַראַניכין, איך און נאָך איינער (כ'געדענק ניט — ווער). נאָך קורצע מינוטן שטעלט זיך די קאַרעט אָפּ, דער לאָקיי אין אַ רויטער ליווריע, וועלכער האָט אויפֿן וואָקזאַל פֿאַרמאַכט די טיר פֿון אונדזער קאַרעט, האָט זי איצט געעפֿנט. אַ מעטער צוואַנציק פֿאַר מיר האָב איך דערזען אַ העל־באַלויכטענעם וועסטיביול, צו וועלכן עס האָבן געפֿירט עטלעכע טרעפּלעך, און פֿון ביידע זייטן זענען געשטאַנען צוויי באַוואָפֿנטע זעלנער מיט בלויזע שווערדן, אַזוי ווי ביי דער צאַרישער לאָזשע אין „אַלעקסאַנדרינסקי“־טעאַטער. נאָכן אַרומקוקן זיך, האָב איך שטיל געמאָלדן, אַז מיר זענען פֿאַרפֿאָרן ניט וווּ מען דאַרף... טשעכאָוו האָט מיך פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט, באַראַניכין איז האַסטיק אַוועק פֿאָרויס. איך בין געבליבן שטיין און אים נאָכגעקוקט דורכן לייכטן שלייער פֿון דינעם שיטער שניי, וועלכער איז געפֿאַלן, שאַפֿנדיק אַ בילד פֿון צויבערהאַפֿטער אָוונט־שיינקייט. דערגייענדיק ביזן וועסטיביול, האָט באַראַניכין זיך נעבעך אָנגעשטויסן אין די ביידע זעלנער, וועלכע האָבן אים דעם וועג פֿאַרשטעלט, צונויפֿקרייצנדיק די בלויזע דעגנס פֿאַר זיין נאָז...

מיר האָבן זיך דערנאָך דערוווּסט, אַז די באַלויכטונג און דער פּערסישער טעפּיך, וואָס איז געלעגן אויפֿן גאַנצן הויף — פֿון קאַרעט ביזן וועסטיביול — דאָס איז אַלץ געווען צוגעגרייט, ווייל מען האָט געוואַרט אויפֿן קיסר. ווי אַזוי מען האָט אונדז געבראַכט אַהער? — ווייס איך עד היום ניט, אָבער איך האָב תּיכף באַשלאָסן, אַז בלינד נאָכגיין נאָך מיינע „באַהאַוונטע“ קאָלעגן וועל איך באַין אופֿן ניט: מען דאַרף דאָ האַלטן „דעם אויער אָנגעשאַרפֿט“ („אוכאָ וואָסטראָ“ — הייסט עס אין רוסיש...) מיר זענען אין דער זעלביקער קאַרעט צוגעפֿאָרן צו אַ צווייטן אַריינגאַנג.

אַ פּיקאַנטער פּרט: איך האָב געטראָגן מיט זיך אַ קעסטל מיט שמינק. אין קעסטל איז געלעגן אַ דרייזייטיקער שפּיגל, אַ פּאָר קורצע האַנטיכער, עטלעכע שאַכטלעך שמינק, פּעטס, קעלניש וואַסער — אַרום און אַרום אַ היפּשער „האַנט־באַגאַזש“. איך בין געווען בטוח, אַז אויף וועלכן עס איז אופֿן וועט מען אין מיין קעסטל אַריינקוקן. ניקאָלאַיס באַזוך צום ספּעקטאַקל אין פּאַוולאָווסק איז געווען זיין ערשטער אַרויספֿאָר פֿון צאַרסקאָיע סיעלאָ, וווּ ער איז דריי יאָר געזעסן פֿאַרשפּאַרט נאָך דעם, ווי ס'איז געמאַכט געוואָרן דער אַטענטאַט אויף סטאָליפּינען אויפֿן „אַפּטייקערשן“

אינדזל. צו מיין טיפער שטוינונג האָב איך דערזען, אַז מיין „באַגאַזש“ איז נישט קאָנטראָלירט געוואָרן. פאַרן אַרויספאָרן פון פעטערבורג האָט מען אונדז פאָרגעלייענט די כללים פון הויף־עטיקעט: ווי אַזוי זיך אויפצופירן; ווי אַזוי זיך צו פאַרהאַלטן, ווייל נעבן די גענעראַלן־טעכטער פון אונדזער דאַמען־פערסאָנאַל איז דער מענער־פערסאָנאַל באַשטאַנען מייסטנס פון דעמאָקראַטישע עלעמענטן — זין פון באַאַמטע, אַ סטודענט פון „דוכאָוונער סעמינאַריע“, 2 פשוטע דאָרפס־קינדער, עקסטרעם־לינקע לויט זייערע איינשטעלונגען (איינער פון זיי, וואַסיאַ איגנאַטאָוו, איז נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע געווען דער פאָרזיצער פון מאָסקווער „פראָלעטקולט“...).

אָבער צווישן די „זעלבסטפאַרשטענדלעכע“ פּאַראַגראַפן פון הויף־עטיקעט האָבן מיר אומגעריכט דערהערט זאַכן, פון וועלכע ס'איז געוואָרן קאַלעמוטנע אויף די הערצער, ד.ה.: די אימפּעראַטאָרין־אַלמנה, דעם צאַרס מוטער, איז אַ ביסל טויבלעך אויף ביידע אויערן, רעדן רעדט זי זייער נישט דייטלעך, אָבער דערביי פילט זי זיך געטראָפן, אויב מען ענטפערט איר אויף אירע פראַגן נישט צו דער זאַך... טאָ ווי זשע פרעגט זיך, קריגט מען זיך אַרויס בשלום פון דער דאָזיקער לאַגע, אויב מען וועט האָבן דעם „כבוד“ און דאָס „גליק“ מיט איר צו שמועסן?... האָבן ביי די פּעסימיסטן אָנגעהויבן צו ציטערן זייערע פעלן. וואָס דערפון איז געוואָרן וועלן מיר נאָך האָבן צייט צו דערציילן דעם לייענער. דערווייל זאָלן פחדנים זיך שרעקן און לצים זאָלן מאַכן חוזק: ביידע צדדים האָבן גלייכע גרונטן.

פון ערשטן מאָלצייט ביים גרויספירשט קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש האָב איך נאָר צו זאָגן, אַז איך בין אַריינגעפאַלן אין התפעלות פון דעם... ברויט־קוואַס, וואָס כ'האָב נישט פריער, נישט שפּעטער אַזאַ נישט פאַרזוכט. צי איז דערלאַנגט געוואָרן ווײַן — געדענק איך נישט... איך מיין, אַז יאָ, ווייל דער מיטאָג איז געווען „כיד המלך“. מיך האָט אין די פונקטן אכילה ושתיה נישט איבערראַשט קיין איינער, און נישט איבערראַשט האָבן מיך די מענטשן, וואָס האָבן זיך געמאָלדן אונדז אין אַ געוויסער מאָס צו „אַמוזירן“ בעתן עסן... צווישן זיי מוז איך דערמאָנען דעם פאָלקאָווניק ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש יערמאָלינסקי, וועלכער איז געווען אין שלאָס אַ תושב, אַלס דערציער פון די „קאָנסטאַנטינאָוויטשעס“ (דער עלטסטער האָט געהייסן: „קאָנסטאַנטין“ — פּונקט ווי אַלע בכורים נאָך קאָנסטאַנטין פּאַוולאָוויטש, דעם נישט־געוואָרענעם קיסר).

פאַלקאָווניק יערמאָלינסקי האָט זיך אַרויסבאַוויזן פאַר אַ טיפּן טעאַטער־קענער, האָט געהאַט געזעען עטלעכע פאָרשטעלונגען ביי אונדז אין שול און מיר האָבן פון זיינע ערשטע ווערטער דערפילט אַ וואַרעמקייט, וואָס איז ווייט אַרויס איבער די גרענעצן פון אָפיציעלער גאַסטפריינדשאַפט. אין אַ חודש אַרום, בעת מיר זענען געקומען צו דער דריטער פאָרשטעלונג, איז צו אונדז געקומען „אויפנעמען די ליבע געסט" דער גרויספירשט אַליין, אָבער די פרטים פון דער צווייטער נסיעה לאָמיר דערווייל לאָזן אָנאַזייט. דאָ האָב איך עס דערמאָנט נאָר מיט דער כוונה צו זאָגן, אַז די אויפנאַמע איז אַראַנזשירט געוואָרן אַזוי, אַז מיר האָבן זיך געפילט ווי געסט, נישט ווי „קלעזמער"...

אין שמועס מיטן פאָלקאָווניק אויף ערנסטע טעמען וועגן פּיעסן, וועגן אַקטיאָרן — האָט זיך באַקומען אַ סיטואַציע, אַז איך בין געוואָרן דער „ראש המדברים" און פון אַרום האָט מען אָנגעהויבן צוברומען, אַז „אבראַשקע וועט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטשן פאַרטומלען דעם קאָפּ" און וואָרענען אים, אַז מיט מיר וועט ער נישט פּטור ווערן ביז מאָרגן, און ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט לוסטיק און ליבלעך מיך פאַרטיידיקט פון די אָנפאַלער. נאָך די דאָזיקע „ערנסטקייטן" זענען אַוועק שפּאַסערייען, וויצן, אַנעקדאָטן... און ווידער מוז איך פעסטשטעלן, אַז לויט מיין איציקער אָפּשאַצונג האָב איך מיך געפילט פרייער און פרידלעכער ווי די ראַדיקאַלע יונגען פון קאָלעקטיוו, וועגן וועלכע איך האָב אויבן דערמאָנט... (מיר וועלן זיך נאָך מוזן אומקערן צו דעם מאָטיוו אין אונדזער קאָמפּאָזיציע). מיט אַמאָל זענען די ווענט אָנגעפילט געוואָרן מיט אַ געלעכטער, אָבער אַזא הילכיקן, אַזאַ געזונטן, אַזאַ שפּרודלדיקן און שטורמישן, אַז צוליב דעם תענוג אַזוי צו לאַכן אַ 5 מינוט וואָלט געלוינט אונטערנעמען די גאַנצע רייזע, אָפּגעזעען פון אַלע אַנדערע גדולות און תענוגים.

די מעשה איז, וואָס די א י נ צ י ק ע פאַרשוינען, וואָס האָבן אָנגעוואָרפן אַ געוויסע מאָס „פּחד" אויף אונדז — דוכט זיך אויף אַלעמען, הגם אפשר נישט אין אַ גלייכער מאָס אויף איינצלנע צווישן אונדז — זענען געווען — ווער מיינט איר, לייענער? — זענען געווען... די לאָקייען!

מיין אומהיילבאַרער חטא איז, צום באַדויערן (דער לייענער ווייס עס שוין נעבעך פון זיין ביטערער דערפאַרונג) — ד י ג ר ע ס י ע, אָפּווייכונגען פון דעם סיפור המעשה ערגעץ אָן אַ זייט, פאַרפאָרנדיק מיטאַמאָל קיין בויבעריק.

איך מוז מיר פאַרגינען אויף דעם אָרט צו אַנטלויפן פון פאַוואָלאָוויטש קיין פעטראָגראַד, אין ווינטער־פּאַלאַץ צו דער צייט, ווען דאָרטן האָט געווינט לעוו דאַווידאָוויטש טראָצקי און ברענגען פאַרן לייענער אַ וואונדערבאַרן עפּיזאָד פון זיין בוך: „מיין לעבן“.

אין „זימני דוואָריעץ“ איז פאַרבליבן פון די פריערדיקע משרתים, הויפדינער, מאַזשאָר ד'האָמען, לאַקייען אייגער און אַלטער טיש־משרת. ער האָט זיך צו די נייע תושבים פון קיסרלעכן פּאַלאַץ באַצויגן לאָיאַל און פרידלעך און די נייע באַלעבאַטים האָבן אים צוגעצויגן צו טראָגן זיינע פריערדיקע פונקציעס. פלעגט ער טאָן אַלץ, וואָס געהערט צו די פליכטן און צום סדר היום פון זיין אַמט. אַלץ איז געגאַנגען כשורה... אָבער — ווען ער פלעגט דערזען, אַז די גאָפּלען־מעסערס ליגן מיט די אויסגעקריצטע ווענזלען אַ ר אָ פּ, פלעגט ער ווערן רויט און בלאַס און איבער די פלייצעס פון די באַלעבאַטים איבערקערן די גאָפּלען, מעסער און לעפל און זיי אַוועקלייגן אַ ז ו י, ווי זיין שולחן ערוך האָט עס געפאָדערט מקדמונים.

# XII. אין פּאָוואָלאָצקער פּאַלאַץ

אין פּאַוואָלאָצק זענען אַלע אָנוועזנדיקע — איך מיין עס די היגע, נישט די צוגעפאָרענע — געווען אַבסאָלוט פון זעלביקן „מין“, ווי מיר — די זעלביקע האַלטונג, אויפן רעדן, האָרכן, לאַכן, טרינקען, צווייפלען, זיך לאַנגווײלן און זיך אַמוזירן... אַ פּחד האָבן אָנגעוואָרפן די לאָקייען ביים טיש! זיי האָבן לויטן מאָדוס — און לויטן „קאָדעקס“, פאַרשטייט זיך, — געטאָן אַלץ, וואָס „פּאָלאַגאַיעטסיאַ“: צוגעטראָגן די פּאָלומיסקעס איין מאָל, פאָרגעלייגט אַ צווייטן, אָנגעגאָסן אין באָקאַלן דעם אומפאַרגלייכלעכן ברויט-קוואַס, נישט פאַרזעענדיק אויף איין אויגנבליק, ווען דער באָקאַל איז געוואָרן אויסגעליידיקט (איך בין משער, לויט אַלע וואַרשיינלעכקייטן, אַז מער ווי אַלע אַנדערע פון פון דער חבריה האָבן זיי געמוזט זיך מטריח זיין איבער מיינע באָקאַלן) — אַלץ איז געגאַנגען ווי אויף גוט באַשמירטע רעדער. מען האָט שוין געהאַט פאַרצערט דעם גאַנצן אַסאָרטימענט פאָרשפּייזן, דעם „גרויספירשטלעכן“ אוקראַיִנסקי באָרשטש, וועלכער האָט געקאָנט אָנפילן די שיסלען ביי מאַזעפּאַן און קאָטשובעיען, נישט פאַרשעמענדיק דעם שם פון דאָזיקן מפורסמ'דיקן געריכט; מען האָט שוין פאַרצערט טויבן, קוראָפּאַטוועס, אינדיקעס, אָפּגערעדט וועגן געבראָטנס פון רינד-קאַלב-און חזיר-פלייש; מען האָט געטראַכט און געוואַרט אויף קאָמפּאָט, אויף מעלשפּייז... וועמער ווייס ווי דער הויף-קאָדעקס אין דער דאָזיקער משפחה קוקט אויפן ענין „קעז“ נאָך דער זאַטער סעודה?

די טישבאַדינער האָבן געהאַלטן, אַז זיי האָבן נישט צוליב וואָס צו האַלטן זייער אויפמערקזאַמקייט אָנגעשאַרפט: דאָס רוב פון די געסט האָבן די טעלער אויסגעליידיקט, אַ טייל — באַקומען טאָפּלטע חלקים און זענען אויך פאַרטיק; וועמער-נישט-וועמער האַלט אין אָפּצמאָקן אַ ביינדל פון זיין קוראָפּאַטווע, און אַז ער וועט ווערן פאַרטיק, וועט מען צונעמען די פלייש-טעלער פון טיש און „פאָרן“ ווייטער... זענען זיי געשטאַנען, די משרתים,

אָן אַ זייט. עמעצער פון זיי — ביים פענצטער, און מיר האָט זיך געדוכט, אז... ער ווישט דעם שטערן (איך פאַרזיכער נישט! ער איז געשטאַנען מיטן פּנים צום דרויסן, און איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז אין קעגנוואַרט פון די תושבים פון פּאַלאַץ וואָלט ער אַזוי נישט געשטאַנען, אָבער נישט טעגלעך קומט אים אויס צו באַדינען ביים טיש עטלעכע צענדליק געסט... ער איז מיד...

— פּ אַ ר ש וו י צ ט? — אַזאַ געדאַנק האָט אַ בליץ געטאָן ביי מיר אין אײַנדרוק)

מיטאַמאָל דערהערט זיך אַן אויסגעשריי: „עי, טשעלאָוויעק!!!" — אָט פּונקט אַזוי ווי אין אַ דריטראַנגיקן שענק, אין אַ „קאַבאַק" ערגעץ — „נאַ אָכטיע" אַ גוטע שעה פון ניעוווסקי מיט אַ „דראָזשקע"—„עי, טשעַ לאָוויעק!". אַלע ביים טיש האָבן זיך דערפילט ווי פון אַ דונער געטראָפן, קיינער האָט עס ניט אָנגענומען ווי אַ מאָמענט פון עצם מאָלצייט... דער דינער ביים פענצטער האָט זיך אויסגעדרייט צום טיש, מיט ממש אַ מין אימה האָט ער אַ קוק געטאָן אין דער זייט פון טיש... אונדזער שול־חבר וואַנקאַ אָרלאָוו האָט דערזען, אַז דער „טשעלאָוויעק" האָט זיך אָפּגערופן, האָט ער צוגעווונקען מיטן אויג און צוגעגעבן: „פּסט..." און, אויסשטרעקנ־ דיק אים אַ זילבערנע ברויטקאָרב, אויסגערופן: „אַנו־קאַ, נאָך ברויט!" ווי אַזוי יענער האָט רעאַגירט ווייס איך נישט. איך ווייס גענוי, אַז מיר איז געוואָרן קאַלט אין רוקן און איך הער דעם ווילדן, ממש שטורמישן געלעכטער, וועלכער האָט אָנגעפילט דאָס צימער — אָן ספק, זייער רוי־ מיק צימער — ביזן סוף... וואַנקאַ האָט אפילו מיטן אויג נישט אַ פינטל געטאָן, ער האָט איין רגע נישט חושד געווען, אַז ער האָט עס ארויסגערופן דעם אויסברוך פון שטורמישן געלעכטער. ער האָט אַ נעם געטאָן דאָס אָנגעפילטע ברויטקערבל, וואָס צוגעטראָגן האָט עס אים אַן אנדער דינער און האָט זיך פאַרטאָן אין זיין רעשט פון געפליגל...

מער ביים טיש געדענק איך גאָרנישט. איך געדענק ווי איך זיץ שוין האַנט ביי האַנט מיט טשעכאָוו ביים שפּיגל און גרימיר זיך... איך נעם נישט קיין שום אָנטייל אין אַרומיקע געשפּרעכן (וועגן „טשעלאָוויעק! כּלעבצא!" האָט מען נאָך לאַנג גערעדט) און, הגם איך האָב היינט נישט קיין איין וואָרט אַראָפּצוברענגען פון מיינע ליפּן, אָבער אין אַ וואָסער האַלבער־שעה אַרום דאַרף איך זיין—נישט „איך", נאָר אַ „שומר ביים היי־ ליקן וולאַדימיר־טראָן"... איז נישט שייך שמועסן דברי חול... זיץ איך, פאַרטיפט אין זיך און „פאָר" און „פלי" און „שווים" און „שוועב" —

אנטקעגן ווייטע, ווייטע וועלטן, אין וועלכע איך וועל באַלד אָנהויבן מיין קיום אויף גאַנצע 45 מינוט...

מיטאַמאָל! מיטאַמאָל עפנט זיך די טיר און אין צימער באַווייזט זיך אַ יונגער מענטש. איך וואָלט אפשר, פאַרטיפט אין מיין צוגרייטונג צום אויפטריט, זיך ניט אויסגעדרייט פון שפּיגל צום צימער, אָבער טשעכאָוו האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון אָרט און מיך אַ צי געטאָן פאַרן אַרבל, אזוי אַז איך האָב זיך אויך אויפגעשטעלט פון מיין שטול און דאַן דערזען, אַז אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט. דער ניי־אָנגעקומענער האָט באַוויזן מיט אַ טייל פון די חברים זיך באַגריסן, הדרת־כּבֿודיק זייערע הענט און, צוגייענדיק צו מיר, אויסגעשטרעקט די האַנט. איך האָב פעסט זיין אויסגעשטרעקטע האַנט געדריקט און אַרויסגעמורמלט מיין נאָמען. ער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַן אומגעריכטע אויפמערקזאַמקייט, וועלכע האָט זיך מיר אויסגעוויזן צו זיין שאַרפער ווי אַ פּשוטער בליק, וואָס רעאַגירט אויף אַ נייעם מענטשן און נאָמען. עס איז אנטשטאַנען אַ פּויזע פון שטילשווייגן, אַ ביסל אַן אומהיימלעכע, און באַלד נאָכדעם איז דער יונגער מענטש שנעל אַרויס פון צימער. ס'האָט זיך קוים פאַרמאַכט די טיר הינטער אים, ווי אויף מיר האָט זיך פון אַלע זייטן אַ שאָט געטאָן: „ביסט משוגע אָדער שיכּור?“, „אַזאַ מין טאַקטלאָזיקייט!“, „פּשוט אַ חרפּה!“ וואַניאַ שרייט: „טשעלאָוויעק!“ ווי אין אַ בירהאַלע, ד ע ר באַנעמט זיך מיט אַ פּרינץ „זאַפּאַני־בראַטאַ“; דער סוף וועט זיין, אַז מען וועט אונדז צום צווייטן ספּעקטאַקל אויפן שוועל נישט אַרויפלאָזן“... איך בין געשטאַנען מיט הינערשראָקענע אויגן, נישט האָבנדיק קיין אַנונג: וואָס איז געשען?

טשעכאָוו האָט זיך אויף מיר אַרויפגעוואָרפן אויף זיין שפּייגער מיט שאַרזש: „פאַרוואָס האָסטו אים באַלד נישט פאַרבעטן צו דיר קיין וויליגיז אויף טשאָלנט מיט געפילטע פיש? ביסט דאָך ביי אים צו גאַסט, געדאַרפט אים באַלד אָפּדינען מיט דיין איינגעבאָרענער גאַסטפריינדשאַפט“. דערזענדיק, אַז איך שטיי אַ פאַרלאָרענער, און ווייס נישט וואָס איך בין באַגאַנגען פאַר אַ „טאַקטלאָזיקייט“, האָט זיך טשעכאָוו מרחם געווען אויף מיר און רואיקער, זאַכלעך אַרויסגערעדט: „שוטה! דאָס איז דאָך געווען אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש, און דו קוועטשסט אים די האַנט און שרייסט נאָך: „מאָרעווסקי“, געדאַרפט נאָך זאָגן ווער דיין עלטערזיידע איז“...

— די האַנט — זאָג איך — האָט ער מיר אויסגעשטרעקט און אַז ער געהערט צו דער משפּחה פון גרויספירשט, האָט איך נישט געוווּסט..

— ער איז דאָך מיט אונדז אויף די פּראָבן נישט געווען און דעם

פּירשט אָלעג זעט ער צום ערשטן מאָל... וואָס האָט איר זיך אַזוי אָנגעוואָרפן אויף אים, טשערטי פּאָלאָסאַטייע, ווייסן אויך נישט פון קיין וואָג און פון קיין מאָס. אַ מענטש גרייט זיך צום אויפטריט און איר פאַרסמ'ט אים די לונגען, טויזנט דונערן זאָלן אייך טרעפן, טייוולאָנים פאַרשאָלטענע!

דאָס האָט זיך פאַר מיר אָנגענומען וואסיאַ איגנאַטאָוו, מיט וועלכן עס האָבן מיך פאַרבונדן פעדעם פון טיפער סימפּאַטיע איינער צום אַנדערן פון די ערשטע וואָכן אין שול. (דאָס האָט ער — וויל איך דעם לייִענער דערמאָנען — מיר צוגעטראָגן דעם זשורנאַל מיט מיין ערשטער אָפּבילדונג אין דער געשטאַלט פון „אַלטן באַיאַן“).

נאָך זיין רעפּליק איז אַרויס מיט לשון פּלאַטניקאָוו, דער סעמינאַריסט:

— עבדים זענט איר, קליינבירגער, קריכנדיקע קראָטעס! אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש וועט אַפילו נישט אַ טראַכט טאָן, אַז דאָ איז באַגאַנגען געוואָרן אַן אומטאַקטישער שריט... די מעשה מיט וואַניעס „טשעלאָוועק, כליעבצאַ“! איז אַ פאַרדראָס בלויז צוליב דעם, וואָס דאָ איז אין שפּיל אַריין אַ לאָקיי, וואָס האָט זיך געפילט ווי געטראָפן, וואָס מען רופט אים „מענטש“, בעת ער האַלט, אַז ער איז אַן אַנדער באַשעפעניש, אָבער אין דעם פאַל איז לחלוטין גאָרנישט געשען, אַפילו נישטאָ וועגן וואָס אַזוי פיל רייד צו פאַרלירן... גרימיר זיך, אַבראַמולקא, האָסט זיי אַלעמען ניין אײלן אינדר'ערד, די שקלאַפן. אייגנטלעך איז דער ענין געווען אויסגעשעפּט.. אויסגעשעפּט — פאַר אַלע אַנדערע אַרום, אָבער נישט פאַר מיר. טשעכאָווס „טשאַלנט“ און „געפילטע פיש“ האָבן מיך נישט געטראָפן—נישט אויף איין האָר, אָבער אין דעם מאָמענט ביי די אומשטענדן האָב איך דערפילט אַ שלאָגנדיקן ווייטיק, אַז... איך בין דאָ אַ גאַסט, אַ פרעמדער און איך קאָן מיר נישט דערלויבן קיין מינימאַלע פּגימהלע: מיך גייט נישט אָן, וואָס די בעסערע צווישן זיי האַלטן, אַז איך בין הונדערט פּראָצענט אין אָרדענונג... איך קאָן — און איך וויל — ביי די ערגסטע נישט לאָזן קיין טונקעלן פּינטל אויף מיין אויפפירונג... אָבער ס'איז פאַרבליבן אַ 15 מינוט ביז אויפטריט... וואָס טוט מען? דער יונגער פּירשט איז כמעט אַ קינד, ער וועט בשום אופן נישט באַגרייפן אין וואָס מיר גייט. אין וואָס דאָ האַנדלט זיך בכלל. און פון 10 מענטשן — דורכשניט־מענטשן — וועלן 9 אויפנעמען מיין ערגערניש, אָדער ווי היסטעריע, אָדער — ערגער: ווי... רעקלאַמע, אַ צוגעטראַכטער צופאַל צו רעדן וועגן זיך איבעריקע 10 מינוט. וואָס טו איך?

אין צימער איז אריין ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש יערמאָלינסקי. ווי גאָט זאָל אים האָבן געבראַכט אין דער מינוט!

נישט טראַכטנדיק קיין סעקונדע, מיטן שמינקע־שטיפט אין דער לינ־קער האַנט, האָב איך מיך צו אים געוואָנדן:

— ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש, איך האָב געציילטע מינוטן ביזן אָנהויב פון ספּעקטאַקל, אָבער איך בעט מיך תיכף אויסהערן.

— צום אָנהויב האָבן מיר א האלבע שעה, ווייל זיין מאַיעסטעט איז אָקאָרשט אַרויסגעפאָרן פון צאַרסקאָיע סיעלאָ, און מיר וועלן נישט אָנ־הויבן ביז ער וועט באַוויליקן צו פאַרנעמען זיין פּאָטעל, אָבער איך זע, מיין פריינד, אַז איר זענט אויפגערעגט... וואָס איז געשען?

— ס'איז געשען פון מיין זייט אַ טאַקטלאָזיקייט.

ביי יערמאָלינסקין האָט זיך געביטן די פאַרב אין פּנים: ער האָט דער־וואַרט צו דערהערן עפּעס פּראַפּירגדיק וויכטיקס... אפשר גאָר־אומהיימלעכס אפשר — מוראַ'דיקס: די ערשטע און וויכטיקסטע זאָרג אין יענע שעה'ן איז געווען דעם קיסרס, ווי דערמאָנט, ערשטער אַרויספאָר פון זיין אי־זאָלירונג נאָכן אַטענטאַט אויפן „אַפּטייקערשן" אינדזל מיט 3 יאָר צוריק.

— טאָ וואָס פאַר אַ מין „טאַקטלאָזיקייט" איז דאָ באַגאַנגען דער יונגער אַקטיאָר? און צי וועט זיך לאָזן רעכטצייטיק זיין טאַט פאַרריכטן?

— איך הער אייך... אין וואָס האַנדלט זיך?

— דאָ איז מיט עטלעכע מינוט צוריק געווען אַריינגעקומען זיין דער־הויבנקייט אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש.

— נו... נו... מורמלט יערמאָלינסקי ווי ס'וואָלט אים פאַרפעלט לופט אין זיינע לונגען.

— ער האָט באַוויליקט מיר דערלאַנגען זיין האַנט, און איך האָב, זי דריקנדיק, אָנגערופן מיין נאָמען: איך בין דאָך דאָ צום ערשטן מאָל און האָב דעם פירשט צום ערשטן מאָל געזען און נישט געוווסט ווער דער יונ־גער מאַן איז...

עס האָט געדויערט 3—2 מינוט ביז דער פּאָלקאָווניק איז אַרויס פון זיין פריערדיקער אומרואיקער, כמעט דערשראָקענער, שטימונג און זיך אַריינגעטיפּט אין דער איצטיקער... דאָס ווייטערדיקע האָט מיך ממש איבערראַשט.—

יערמאָלינסקי האָט זיך הילכיק און ברייטאָטעמדיק פאַנאַנדערגעלאַכט אין, אַרויפלייגנדיק זיינע הענט אויף מיינע ביידע שולטערן, אָנגעהויבן בזה הלשון:

— ערשטנס, מיין ליבער פריינד, באַרואיקט אייך, קומט צו זיך, נעמט זיך צו אייער אַרבעט, און ער האָט מיך צוגעפירט צו מיין שטול און פשוט אַזוי גוט ווי אַריינגעזעצט מיך... נאָכדעם האָט ער פאָרגעזעצט:

— וועגן „טאַקטלאָזיקייט“ איז נישטאָ קיין שום גרונט צו רעדן, און, אויב מיר זאָלן אויף דער טעמע יאָ כאַפּן אַ לייכטן שמועס, איז אין דעם פאַל נישט אין בעסטער אָרדענונג — דער פירשט אַליין, וואָס ער האָט דער ערשטער דערלאַנגט זיין האַנט אַן עלטערן פון זיך... אָבער איך האָף, אַז איר וועט אים מוחל זיין, ווייל ער איז נאָך גאָר אַ יונגער אָדלער און ווייס נישט ווען און וווהין אַרומצופלאַטערן אויף זיינע יונגע פליגלען. לויט זיין כאַראַקטער און נאַטור איז ער אַן אויסגעצייכנטער מענטשן=עקזעמפּליאַר — אָבער אַוועקגייענדיק פון דעם פאַל, וועלכער שטעלט מיט זיך נישט פאָר אַבסאָלוט קיין שום גרונט אפילו צו טראַכטן וועגן אַ באַגאַנגענעם „אומטאַקט“, ווייל איך מיר דערלויבן ביי דיזער געלעגנהייט צו זאָגן, אַז ביי אונדז דאָ, אין פּאַוולאָווסק קוקט מען זייער — איך וואָלט זאָגן: „נישט גערן“ אויף דער אָנווענדונג פון די כללים פון דער הויף=עטיק. קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש רופט זיך ניט גערן אָפּ, ווען אין טאָג=אויסגאַנג ווענדעט מען זיך צו אים: „אייער דערהויבונג“... אָפטמאָל איז עס פשוט אַ מין לאַגע אָן אַן אויסוועג, ווייל אין קעגנוואַרט פון אַ דריטער פּערזאָן — ווער דאָס זאָל נישט זיין — טאָר מען נישט דעם גרויספירשט אַנדערש זאָגן ווי: „וואַשע וויסאָטשעסטוואָ“... מיטן גרויספירשט סערגעי מיכאַילאָוויטש אין אוניווערסיטעט שפּילן זיך אויף דעם באָדן אָפּ כסדר הומאָריסטישע פאַלן... נעענטערע קאָלעגן ווייסן אַלע, אַז דאָס איז זיין „שוואַכער פּונקט“ און רופן אים ביים נאָמען און פאָטער=נאָמען, אָבער אויב עס טרעפט זיך, עמעצער ווייסט נישט און זאָגט צו אים „וואַשע וויסאָטשעסטוואָ“, הייבט ער זיך אויף אין מיטן געשפּרעך און פאַרלאָזט די זיצונג... אַלזאָ, וועט איר געבעטן צו שווינען די סטאַטוטן פון אונדזער „מאָנאַסטיר“ און נישט אָנוואַרפן אונדז די פּאַראַגראַפן, צו וועלכע מיר זענען מער ווי גלייכגילטיק (איצט האָב איך שוין געלאַכט — פאַרשטייט זיך, נישט אַזוי הילכיק ווי פריער דער פּאָלקאָווניק).

— אָבער דאָס אַלץ — האָט ער פאָרגעזעצט — איז אַלגעמיינע, צו גאָרנישט קיינעם פאַרפליכטנדיקע רייד. וואָס שייך די יונגע פירשטן, מיט וועלכע איך האָב דעם כבוד צו טיילן זיך מיט מיין ביסל וויסן און פּעדאַגאָגישער דערפאַרונג (איך טראָג אויף מיינע שולטערן אַ פּעדאַגאָגישן סטאַזש פון קנאַפּע 20 יאָר) — מוז איך אייך זאָגן, אַז קיין שפּור, קיין

מינדסטע אָנדייטונג פון „גרויספּירשטלעכקייט“ ווערט אין זייער דערציונג נישט אַריינגעטראָגן: דאָס האָט קאַטעגאָריש מיר געמאָלדן פון מיינע ערשטע טעג אין שלאָס דער גרויספירשט אַליין, און אַנדערש וואָלט מיר נישט געווען צום האַרצן... און אַז מיר האַלטן שוין דערביי, וועל איך אויסנוצן די געלעגנהייט צו בעטן אייך, אַלעמען מיינע הערן, צו פאַרהאַלטן זיך מיט די יונגע לייט — אַלע און איינאָר וועלן אָן צווייפל זיך צו אייך צוקלעפּן פון די ערשטע מינוטן ביז די לעצטע — פאַרהאַלט זיך מיט זיי, ווי מיט יונגע לייט, ווי מיט קינדער, וואָס ווייזן אַרויס אינטערעס צו אייך, צו אייער באַרוף און זענען ברענענדיק נייגעריק צו די זאַכן, מיט וועלכע זיי האָבן אַזאַ זעלטענע געלעגנהייט צו באַקענען זיך אַזוי ווי אין אונדזער פאַל, אָבער אום גאָטעס ווילן — לאָזט זיי נישט פילן, אַז זיי זענען — „דערהויבענע“, „וויסאָטשעסטוואָ“. דאָ קאָן אין צוויי שעה גיין צו גרונט דער רעזולטאַט פון אונדזערע לאַנגיאָריקע אָנשטרענגונגען.

דעם אמת זאָגנדיק, האָב איך נישט „געגלויבט מיינע אויערן“... איך בין חושד געווען, אַז דער פּאָלקאָווניק יערמאָלינסקי איז אונדז מכבד מיט אַ פּאָרציע ליבעראַליזם אַנשטאָט שוואַרצע קאַווע נאָכן עסן... איך וויל דערביי ערלעך מודה זיין, אַז דאָס האָט מיך אויך אין אַ געוויסער מאָס איבערראַשט, אָבער נאָך יערמאָלינסקיס ליבעראַלע פראַזן זענען אָנגעלאָפן פאַקטן — לאָמיר זיי אײנעם נאָכן אַנדערן באַשרייבן.

דער פּאָלקאָווניק האָט נאָך נישט פאַרענדיקט זיינע אויסערונגען, און אין צימער איז אַריינגעלאָפן דער פריערדיקער יונגערמאַן. דאָסמאָל אין באַגלייטונג פון ייִנגערן ברודער זיינעם, דעם שוין דערמאָנטן פירשט איגאָר... די ביידע ייִנגלעך (אָלעג איז אַלט געווען אַ יאָר 15—16, איגאָר — מיט 2 יאָר ייִנגער) זענען געווען בילדלעך שיין: ממש צו פאַרקוקן זיך... אָלעג — מיט וועלכן איך האָב שפּעטער געהאַט די געלעגנהייט פון נעענטערע קאָנטאַקטן — האָט געהאַט אַ קאָפּ מיט העל-בלאָנדע האָר, גרויסע, ווי ווייט איך געדענק, העל-גרויע אויגן און אַ צוויבערדיקן אַרט פון רעדן, באַלויכטנדיק זיינע ווערטער מיט אַזאַ מין שטראַלנדיקן שמייכל איבערן גאַנצן פּנים, אַז ביז היינט שטייען אָט-די שטראַלן זיינע פאַר מיינע אויגן.

קוקנדיק אויף אָלעגן אין פּאַוולאָווסק, האָט מען געדאַרפט טראַכטן, אַז אים דערוואַרט אַ לאַנג לעבן פון גליק און צופרידנהייט. אָבער סך-הכּל אין 4 מיט אַ האַלב יאָר אַרום, אין סעפּטעמבער 1914 האָט זיך זיין יונג לעבן אָפּגעהאַקט: ער האָט אין די ערשטע רייען פון שלאַכטפעלד אין דער וועלט-מלחמה נישט ווייט פון ווילנע באַקומען אַ קויל נעבן ברוסט=

קאַסטן; מען האָט אים געבראַכט אין אַ ווילנער שפּיטאָל און לויטן ווינטש פון זיין פאָטער געזאָלט אַריבערטראַנספּאָרטירן קיין פּעטראָגראַד. דאָס איז געווען אין די זעלביקע פּרימאָרגן־שעהן, ווען אויף די גאַסן פון ווילנע האָבן טויזנטער יידן באַגלייט אין לעצטן וועג מיין פאָטער: שמחת־תורה... די שטאָט־גבאים זענען נישט געקומען צו מיין פאָטערס לוויה, ווייל זיי זענען, אַלס אָפיציעלע דעלעגאַציע פון דער יידישער באַפעלקערונג, געווען באַטייליקט אין דער באַגלייט־פּראָצעסיע פון שטערבלעך־פאַרוואונדעטן פירשט — „יעוואָ וויסאָטשעסטוואָ" — אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש... דאָס מאָל האָט זיך פּאָלקאָווניק יערמאָלינסקי נישט אַנטקעגנגעשטעלט די כללים פון הויף־עטיקעט.

אָלעג און איגאָר, דערזעענדיק דעם פּאָלקאָווניק, האָבן זיך אַוועקגעשטעלט אין פּאָזיציעס, וועלכע זענען פאָרויסגעזען אין פאַל, ווען אַ ייִנגערער אין מיליטערישן ראַנג שטויסט זיך אָן אויף אַן עלטערן — „סובאָרדינאַציע" — און אָלעג האָט געמאָלדן:

— דערלויבט מעלדן אייער הויכוווילגעבוירן, אַז אייך זוכט ארום דער פּאָטער: ער איז ביי זיך אין דער גרויסער ביבליאָטעק און וואַרט אויף אייך.

# XIII. אָלעגס פּאַטום

דער פּאָלקאָווניק איז ווי אַ פייל פון בויגן אַרויסגעלאָפן פון צימער. אָלעג האָט אויסגעשאָסן:

— דער טייוול ווייס וואָס עס טוט זיך היינט אין גאַנצן שלאָס: אויף יעדן טריט און שריט שפּיצלעס, פּשוט נישט אויסצוהאַלטן!

איך האָב זיך האַסטיק אומגעדרייט פון מיין שפּיגל, כדי צו זען דעם תושב פון פּאַוולאָווסקער שלאָס אין פּנים און אַ קוק טאָן ווי אַזוי ער זעט אויס, מאַכנדיק אַזאַ מין וויץ אויס ריקזיכט צו די באַגריפן און שטימונגען פון זיינע געסט... אַנדערש אָננעמען זיין באַציִונג צו די אומגעבעטענע „געסט“, און דעם אופן, אויף וועלכן ער האָט זיין באַציאונג צו זיי אַרויסגעזאָגט האָב איך, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט. אָבער אָלעג, דערזעענדיק מיין פאַרחידושטן, אפשר זאָגאַר אַביסל דערשראָקענעם, פּנים, האָט גענומען מיך איבערצייגן, אַז אים פאַלט נישט איין צו איבערטרייבן. און איך האָב דערזעען אַזוינס, וואָס, נישט דערזעענדיק מיט די אייגענע אויגן, האָט קיין איין מענטש נישט געקאָנט משער זיין: אין פּאַוולאָווסק, אין די קרייזן, אוממיטלבאַר נאָענטע צום טראָן, האָט מען די דריקנדיקע סימטעם פון יענע יאָרן געפילט נישט ווייניקער און געדולדעט נישט מער ווי דאָ, וווּ מיר האָבן אַלע געאָטעמט — אַזוי שווער און אָן פרייער לופט...

— איר גלויבט מיר נישט? האָט פאָרגעזעצט אָלעג, קוקנדיק מיר אין די אויגן אַריין: — קומט מיט מיר, וועט איר אַליין זיך איבערצייגן: צענדליקער פרעמדע געשטאַלטן, וואָס האָבן צו אונדזער שלאָס קיין שייכות נישט. איך זע זיי צום ערשטן מאָל.

איך האָב דעם פאָרשלאַג „זיך אַליין צו איבערצייגן“, פאַרשטייט זיך, נישט אָנגענומען... און איידער איך האָב געקאָנט איבערקאָכן אין די געהירן דעם איינדרוק פון באַשריבענעם אומגעריכטן סיורפּריז, האָט זיך אָפּגעשפּילט אַ צווייטע סצענע, וואָס איך וואָלט אויך נישט געקאָנט האַלטן פאַר אַ געוויינלעכן עפּיזאָד אין יענע קרייזן.

אין צימער איז אַריין דער עלטסטער זון — קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש... א יונג פון א יאָר 19 — 20, וועמענס אויסזען און גאנצע האלטונג האָט פון ערשטן אויגנבליק געזאָגט — מיר לכל הפחות — אַז יערמאָלינסקיס ליבעראַליזם איז אין דעם פאַל נישט אָנגעוועגדבאַר: מיר האָבן פאַר זיך אַן עקזעמפּליאַר פון אויסגעשפּראָכענעם — „יעוואָ וויסאָטשעסטוואָ“. (זאָל דאָ דערלויבט זיין צו באַמערקן צוליבן באַקענען זיך מיטן „קאָדעקס“ ביזן לעצטן טראָפּן, אַז ביז אַ געוויסער מדרגה נאָענטקייט צום ראש המשפחה האָט מען זיך געוואָנדן: „יעוואָ אימפּעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ“ — ראָס איז נוגע די גרויס־פירשטן; זייערע זין, אָבער, זענען שוין געווען „סך־הכל“ פירשטן, נעבעך, און נישט מער ווי „וויסאָטשעסטוואָ׳ס“ אָבער די האָזיקע „וויסאָטשעסטוואָס“ אָן „אימפּעראַטאָרסקאָיע“ זענען געווען שאַרפער אין זייער אייפערזיכטיקער אויפמערקזאַמקייט צו דער פגיעת הכבוד פון זייער פירשטלעכקייט.

מיר האָבן נאָך נישט באַוויזן זיך צו אָריענטירן אין דעם ריזיקן חילוק, וואָס טיילט אָפּ די לייבלעכע ברידער, ווי ס׳האָט זיך פאַר אונדזערע אויגן אַנטוויקלט אַזאַ מין בילד.

אַז קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל פון צימער, האָבן מיר זיך אַלע, ווי אינסטינקטיוו, אויפגעהויבן פון די ערטער און אויסגעצויגן זיך ווי אויסמושטירטע זעלנער. דער פירשט האָט מיט אַ בולט־אויסגעדריקטער צופרידנקייט אויפן פנים אָפּגעענטפערט מיט אַ מיליטערישער באַגריסונג, און, היות מיר זענען געזעסן אין פאַרשידענע טיילן פון צימער, האָט ער זיך מיליטעריש אויסגעדרייט אַ פּאָר מאָל כדי צו ענטפערן אונדז אַלעמען. ס׳האָט זיך באַקומען אַ בילד פון שטייפער „אָנגעקראָכמאַליעטקייט“, קעגן וועלכן ס׳האָט מיט עטלעכע מינוטן צוריק אַזוי אונדז געוואָרנט פּאָלקאָווניק יערמאָלינסקי. אָבער דערביי איז עס נישט געבליבן.

דער גאַנצער „פּאַראַד“ האָט נישט באַוויזן זיך צו דערוואַרטן אויף זיין נאַטירלעכן סוף, ווי אָלעג האָט אים דערקוילעט אָן אַ מעסער...

— דאָס איז דיין נייער אָרדען? זאָגט ער צום ברודער, אָנטאַפּנדיק אויף זיין ברוסט אַ הענגענדיקע אויסצייכענונג.

— יאָ! געכטן באַקומען פון דעם עמיר בוכאַרסקי — רופט זיך אָפּ קאָנסטאַנטין מיט אַן אַקצענט פון פאַרשאַרפטער וויכטיקייט און נישט ווייניקער שאַרפער גאווה.

— אַ מאָדנער טיפּ עפּעס אָט־דער באַכור עמירסקי דיינער: לויט מיר, אַ רונדער אידיאָט...

ביים עלטערן ברודער אויפן געזיכט איז דורכגעלאָפן אַ שאָטן, איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ווען דאָ שטייען נישט אַרום די זייטיקע מענטשן, וואָלט אויסגעבראָכן אַ סקאַנדאַל...

— וואָס פאַר אַ מאַגיער האָסטו צו רעדן וועגן אַ סווערען, דערצו נאָך דיינעם אַ גאַסט! ער איז דאָך אַ מאַיעסטעט ווי יעדער אַנדער קרוינטרעגער... ביסט אייגפאַך אונפאַרדאַנאַבל!

ער האָט זיך בייז אָפּגעקערט מיטן רוקן צו די ברידער, וועלכע זענען געשטאַנען אַזוי ווי פארשעמט און טראָגנדיק אחריות איינער פארן אַנדערן. אָבער אָלעג איז נישט אָפּגעטראָטן פאַר זיין עלטערן ברודערס גדימצאָרן

— „קרוינטרעגער“ — האָט ער איבערגעחזרט און זיין שטראַלנדיקער שמייכל האָט זיך צעגאָסן איבערן גאַנצן שיינעם פּנים — „קרוינטרעגער“... אָבער אונטערן קרוין דאַרף מען דאָך טראָגן אַ קאָפּ!

דער עלטסטער פון די ברידער האָט, קוועטשנדיק מיט די שולטערן, אויסגעגלאָצט די אויגן, אָנגעגאָסענע מיט רוגזה און כמו דערשראָקענע

— דער רוח וויים וואָס דו פּלוידערסט דאָרט. וואָלסט זיך ווייניקסטנס גערעכנט מיט דעם, וואָס פרעמדע מענטשן האָרכן דיך.

— אָדער דו האַלסט זיך ביי דער מיינונג, אַז מאַיעסטעטן קאָנען זיך באַגיין אָן אַזאַ קענשטאַנד פון מאסנגעברויך ווי א קאָפּ? גענוג צו טראָגן בלויז די קרוין? — האָט אָלעג ווייטער אָנגעהאַלטן זיין סאַרקאַסטישן אָנגריף — און ער האָט זיך אַזוי צעלאַכט, אַז קיינער אין צימער האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, און אַלע האָבן זיך צעשמייכלט.

— „וואָט זדראָוואָ“ — האָט שטיל אַרויסגעמורמלט אונדזער סעמינאַריסט, שטייענדיק אין צווייטן עק צימער.

אַלע האָבן זיין רעפּליק דערהערט, ס'איז געוואָרן אומהיימלעך... אַריינמישן זיך אין סכסוך צווישן די פירשטן האָט שוין אויסגעזען ווי אַ צו ווייטער שפּרונג איבער אַלע גדרים.

קאָנסטאַנטין האָט אָנגעקוקט דעם ייִנגערן ברודער און האָט אים אָפּגעמאָסטן מיט אַזאַ בליק, אַז מיר אַלע אַרום וואָלטן געדאַרפט פאַרלאָזן דאָס צימער, ווען מיר ווייסן וואוהין צו גיין, אָבער אין טיר האָט זיך באַוויזן יערמאָלינסקי און געבראַכט די גאולה פון דער געשפּאַנטער און העכסט אומאָנגענעמער לאַגע.

— מײַנע הערן — האָט ער געמאָלדן מיט אַ געװיסער מאָס אײַנגע־האַלטענער פֿײערלעכקײט אין זײַן טאָן — זײַן מאַיעסטעט איז שױן אונטן אין װעסטיביול. איך בעט די אָנטײלנעמער אויף דער בינע.

מיר האָבן זיך געלאָזט גײן און, גײענדיק, הער איך — יערמאָלינסקי זאָגט צו אָלעגן:

— דער פֿאָטער האָט נישט דערלויבט אײַך צו זײַן אין צושױער־רוים...

— אָבער ערגעץ פֿון אַ װינקעלע קוקן אויף דער פֿאָרשטעלונג װעט איר מיר דאָך דערלויבן, ניקאָלאַי ניקאָלאַיעװיטש? — זאָגט אָלעג, זשמו־רענדיק זײַנע גרויסע אויגן.

— זעט נאָר, אַז דערפֿון זאָל נישט אַרויסקומען אַ נײַע „קאַשע“ און איר װעט כאַפּן אַ חודש'דיקע שטראָף אָנשטאָט אַ װאָך... איר קאָנט פֿאַרלירן די שאַנסן צו זען דעם ספּעקטאַקל פֿון 20־טן מערץ, און דאָס װעט זײַן נאָך פֿאַרדריסלעכער װי הײַנט.

דעם סוף פֿון געשפּרעך האָב איך שױן נישט געהערט: מיר זענען אַװעק אויף דער בינע. איך בין געװען איבערפֿולט פֿון די אײַנדרוקן פֿון דער לעצטער שעה, און איך מוז מודה זײַן, אַז בײַ מיר האָט געקלעמט דאָס האַרץ פֿון געדאַנק, אַז אָלעג קאָן נישט קוקן דעם ספּעקטאַקל — משמעות צוליב דעם, װאָס ער אונטערליגט אַ „סאַנקציע“ פֿאַר אַ באַגאַ־נגענעם „חטא“.

מיר זענען אַרויף אויף דער בינע. איך האָב פֿאַרנומען מײַן אָרט לינקס פֿון „װלאַדימיר דעם הײליקנס“ טראָן. כ'האָב גענומען אין האַנט אַרײַן מײַן רעקװיזיט — די אַליבאַרדע און דאַן אַ טראַכט געטאָן: „אַ גליק, בעת א גרויס גליק, װאָס איך דאַרף הײַנט נישט אַרויסברענגען קײן אײן אײנציק װאָרט פֿון מײַנע ליפּן, װײל װעגן דער מינדסטער אינערלע־כער קאָנצענטרירונג נאָך דער אָקאָרשט דורכגעלעבטער שעה װאָלט קײן רייד נישט געקאָנט זײַן: איך בין געװען „פֿאַרטאָן“ אין גאַנץ אַנ־דערע מאָטיװן, װי אין דעם אינהאַלט פֿון פּעאָפּאַן פּראָקאָפּאָװיטשעס װערק, װאָס מיר האָבן געדאַרפֿט דעמאָנסטרירן... מילא, דעם שװײַגנדיקן „שומר“ בײַם טראָן װעל איך שױן װי נישט איז אַרויסשלעפּן... שטײ איך מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן און סוגעריר זיך דעם געדאַנק, אַז איך בין װלאַדימירס „װעכטער“ און דערהער דעם אָטעם פֿון צושױער־רוים... עפֿן איך מײַנע אויגן אויף און... װײל זײ גישט גלויבן: פּונקט אַנטקעגן מיר, אין אַ שטח פֿון 4 — 3 מעטער זיצן אין 1־טער רײ — ניקאָלאַי, װטאָראָי...

# XIV. אָן אַ „ל״

דאָס, וואָס איך האָב אין אַ חודש אַרום באַשריבן אין אַ בריוו אַהיים און וואָס עס איז געווען דער גרונט פון „עפּילאָג״ נאָכן דאַווענען אין „משמרת-חולים״ — דאָס אַלץ האָט פּאַסירט אין אַ חודש אַרום, ווען עס האָט זיך פאַנאַנדערגעשפּילט דער סוף פון די אַלע געשעענישן און זיי האָבן דערגרייכט צו זייער קולמינאַציע. דעם 20-טן פעברואַר, אז דער פאָרהאַנג האָט זיך געעפנט (נאָטאַבענע: די בינע-ברעטער זענען דאָ געווען אַזוי קאָנסטרואירט, אַז דער פאָרהאַנג האָט, זיך עפענענדיק, נישט געהויכן זיך אַרויף נייערט אַראָפּגעלאָזן אין דער טיף, און דאָס האָט מיך איבערראַשט...), האָב איך אַ פאַרחידושטער, ברייט געעפנט די אויגן, אָבער מיינע ברייט-צעעפנטע אויגן האָבן זייער אויסדרוק פון פאַרחידושטקייט אויך ווייטער נישט פאַרלוירן: דער אַקט האָט געדויערט לערך אַ מינוט 45, און 45 מינוט האָב איך ניקאָלאַיען נישט נאָר *געקאָנט*, נייערט *געמוזט* שטודירן, ווייל אָפּווענדן מיין קאָפּ אין אַ זייט האָט מיר מיין סיטואַציע נישט דערלויבט: דער שומר ביי וולאַדימיר דעם הייליקנס טראָן קאָן נישט, טאָר נישט דרייען זיין קאָפּ אַהין און אַהער...

בין איך געשטאַנען ווי אַ ליימערנער גולם אָן שום באַוועגונג און צי האָב איך יאָ געוואָלט, צי נישט געוואָלט (כ׳האָב יאָ געוואָלט!) — געקוקט 45 מינוט אויף ניקאָלאַי ווטאָראָי; געקוקט, לאָמיך באַטאָנען, ווי אַ „רואה ואינו נראה״. ווייל נישט אים, נישט זיינע צענדליקער שומרים איז נישט איינגעפאַלן דער מינימאַלסטער חשד, אַז וולאַדימיר דעם הייליקנס שומר לינקס פון טראָן וועט אין אַ יאָר 50 אַרום שרייבן זכרונות און — וואָס אַ סך ערגער איז: *שרייבן רעיונות*.

קוקט, הייסט עס, דער גולם ביי וולאַדימירס טראָן פאַר זיך און זעט: דער צושויער אין דער ערשטער ריי לינקס פון מיטל-דורכגאַנג קוקט אויף דער בינע מיט אַן אויסגעלאָשענעם בליק... ער לאַנגווײלט זיך... פעאָפּאַן

פּראָקאָפּאָוויטשעס מוזע רעדט נישט צו זיין האַרצן אַפילו נישט איין רגע (צו ווינמען רעדט זי יאָ?)... ער גענעצט!... צי זאָל איך גלויבן מיינע אויגן? ער קאַלופּעט אין נאָז, דער סאַמאָדיערזשעץ וואָסיעראָסייסקי! מיטאַמאָל גיט ער זיך אַזאַ מין אומרואיקן צאַפּל און קוקט זיך אַרום...

אין פּאָטעל פון דער ערשטער ריי איז געזעסן אַ טיפּישער רוסישער דורכשניטלעכער אינטעליגענט; געזעסן, ווי באַשריבן, און, נישט האָבנדיק קיין מינדסטן חשד, אַז ער ווערט אָבסערווירט, זיך פֿאַרהאַלטן אַזוי ווי אַ מענטש פאַהאַלט זיך אין די אומשטענדן, ווען ער איז אַבסאָלוט מיט זיך איינער אַליין. דאָס שאַרפסטע אין זיין האַלטונג פאַר דער קנאַפּער שעה זענען געווען די מאָמענטן פון אומגעריכטן ארומקוקן זיך ארום אין דער נאָענטסטער אומגעבונג... און תיכף — אַ רעאַקציע, עפּעס ווי אין פולער פינצטערניש גיט אַ בליץ אַ צינדהעלצל און ווערט אויסגעלאָשן.. דער אַקט האָט זיך געענדיקט, דער פאָרהאַנג האָט זיך ארויפגעצויגן (ווי אויבן שוין באַשריבן). איך געדענק נישט, אַז מען זאָל האָבן די בינע געעפנט פאַרן אַפּלויז; ווי אַזוי דער זאַל האָט אויפגענומען דעם אַקט געדענק איך אויך נישט. אין וויטערדיקן טייל פון פּראָגראַם בין איך נישט געווען באַטייליקט. אַליין, וואָס איז פאָרגעקומען פריער, האָט מיך פאַסצינירט אַזוי, אַז דער ספּעקטאַקל בעצם איז געוואָרן אָפּגעדרוקט אין ווייטן הינטערגרונט, אראָפּגעשווענקט. אָבער דער אַסאָרטימענט „געבנזאכן“ האָט זיך נאָך באַרייכערט מיט עטלעכע עפּיזאָדן, וועלכע זענען ווערט צו ווערן פאַרנאָטירט אין דער רשימה פון די באַשריבענע סורפּריזן.

מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אומצוקערן אין גאַדעראָבע, שוין אין קאָרידאָר (מיט דעם קאָרידאָר וועט אונדז זיך נאָך אויסקומען נאָענטער צו באַקענען), האָט אונדז אָנגעיאָגט אָלעג. דער קאָרידאָר איז געווען זייער קאַרג באַלויכטן, אָבער אין צימער האָט מיך איבערראַשט דער אויסדרוק פון זיין פּנים... איך האָב שוין באַטאָנט, אַז ער איז געווען אַ בילד שיינער יונג, אַז ער פּלעגט זיך אָפּט צעשטראַלן. איצט האָב איך אין זיין אויסדרוק דערזען אַזאַ מין פרייד אַזוי ווי ער וואָלט פאַר דער לעצטער שעה עפּעס געוווּנען אָדער געפונען. ס'האָט זיך ממש געוואָלט פרעגן: „וואָס פאַרא שמחה אויף אים?“, אָבער די פראַגע וואָלט געווען נישט אויפן אָרט: ס'איז אָן איבעריקע דיבורים געווען קלאָר — וואָס אים פרייט אַזוי — באַהעפטונג מיט דער בינעקונסט! ער האָט נישט אַרויסגערעדט קיין וואָרט, אָבער מיר איז געווען קלאָר פון ערשטן בליק אין זיין צעשטראַלטן פּנים, אַז דעם אַקט האָט ער געזען און, געדענקענדיק דעם פאַר

באַט אַריינצוגיין אין זאַל, האָט זיך מיר געוואָלט דערהערן ווי אַזוי אים האָט זיך איינגעגעבן צו קוקן דעם אַקט. לאָזט זיך אויס, אַז ער איז נישט נאָר אַ שיינקייט נאָר נישט אין קיין קלוגערער מאָס — אויך אַ פּיקה איין קוק מיר אין די אויגן האָט אים געקלעקט צו פֿרעגן מיך מיט זיין ליבן שמייכל:

— איך גלוסט זיך אוודאי וויסן ווי אַזוי מיר האָט זיך איינגעגעבן צו זען דאָס שפּיל?

כ'האָב אים געקאָנט ענטפֿערן נישט מער ווי מיט אַ ברייטן שמייכל.

— קומט, כ'וועל אייך באַווייזן!

ער האָט מיר אויסגעשטרעקט זיין רעכטע האַנט.

אַז ער איז אַ שטיפֿער און מאַכט כסדר אין שלאָס „קאָזשעליקעס“ און כאַפּט אָפּט לייכטערע און שווערערע שטראָפֿן — דאָס האָב איך שוין געוווּסט פֿון זיין געשפּרעך מיטן פֿאָלקאָווניק פֿאַרן אָנהויב פֿון ספּעקטאַקל און — איך האָב מיך דערפֿילט אין אַ שווערער פֿאַרלעגנהייט... ער מעג זיך, פֿאַרשטייט זיך, איצט ווידער פֿאַרגינען אַ וועלכע ס'איז לוסטיקע קינדישע אַוואַנטורע: ער איז ביי זיך אינדערהיים, אָבער ווי וועל איך אויסזען אין דער געשטאַלט פֿון זיין שותּף ביי דער נייער אַוואַנטורע?.

— וואָס האָט איר מורא? קומט! קיינער וועט אייך די נאָז נישט אָפּבייסן.

— מישאַ, וואַסיאַ, — האָב איך זיך געוואָנדן צו משעכאָוון און צו איגנאַטאָוון — קומט! ס'איז אינטערעסאַנט!

— אָבער מיר דאַרפֿן ערגעץ נישט גיין. דאָ ביי דער טיר וועט אייך אַלץ ווערן קלאָר!

פֿון גרויסן זאַל, וואָס איז אַראַנזשירט געוואָרן צום ספּעקטאַקל ווי אַ צושויער־רוים, צום קאָרידאָר, אין וועלכן עס זענען געווען אונדזערע צימערן, האָט מען געדאַרפֿט דורכגיין דורך אַ מין „וואַנזאַל“ און נאָך איין צימער, וועלכעס האָט שוין געגרענעצט דירעקט מיטן קאָרידאָר. אָט דאָס צימער האָט געהאַט צוויי פֿענצטער, וועלכע האָבן אַרויסגעקוקט אין עצם זאַל אַריין און צו דער בינע. געווען זענען די פֿענצטער הויך פֿון סופֿיט כמעט ביזן דיל. אויף די פֿענצטער זענען געהאָנגען פֿאָרהאַנגען („שטאָרעס“) פֿון ווייסן לייוונט. אונדזער „יעוואָ ווישאָטשעסטוואָ“ האָט אין פֿאָרהאַנג געמאַכט אַ „אַרבל“ און באַהאַלטנדיק זיך אין אים, געזען פֿון דאָרט „דאָס שפּיל“... דאָס פּיקאַנטסטע אין דער דאָזיקער „אונטערנעמונג“ איז דאָס, וואָס דער פֿענצטער מיטן פֿאָרהאַנג, מיטן „אַרבל“, מיט

יעוואָ ווּיסאָצשעסטווּאָ — פּירשט אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש — האָבּן זיך געפונען אויף דער ליניע פון דער ערשטער רײ, עטלעכע פאַטעלן נעבן ניקאָלאַיען. ווי אַזוי קיינער האָט עס נישט באַמערקט? — ראַן האָט מיר אויסגעזען ווי אַ גם דעמלט — און איך באַגרייף עס ער היום נישט.

דער קיסר איז באַלד נאָכן ספּעקטאַקל אַוועקגעפאָרן, און פּאַלקאָווניק יערמאָלינסקי האָט פאַרבעטן „ווער עס האָט חשק" זאָל באַוויליקן אין זאַל אַריין. מיר דוכט זיך, אַז מען האָט אַפילו געטאַנצט... איך קאָן נישט פאַרזיכערן. איך בין צוזאַמען מיט אָלעגן צוגעגאַנגען געניויער צו באַטראַכטן פון דער נאָענט זיין אַרבל און ווי אַזוי אים איז געלונגען אַריינצובאַקומען זיך אין דער דאָזיקער אימפּראָוויזירטער „לאָזשע" זייגער, אָבער דאָסמאָל האָט דער רוח אָנגעשיקט יערמאָלינסקען. ער איז געוואָרן ערגעץ ביז דער מדרגה פון אומרו, אָבער דערהערט האָב איך ווידער אַן אומגעריכטע מעטאַמאָרפאָזע פון געדאַנקען.

— דער גרויספירשט וועט זיך לוסטיק מאַכן, אויב ער וועט זיך דערוויסן וועגן אַזאַ איינפאַל... אָבער ווי אַזוי וואָלטן מיר אַלע אויסגעזען ווען די לייב־וואַך פון זיין מאַיעסטעט דערזעט 6 פאָטעלן נעבן אים אַ פּיגור, וואָס באַהאַלט זיך אין פענצטער — דאָס באַגעגנט איר, אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש? צוליב דער היינטיקער פייערלעכקייט, נישט וועלנדיק פאַרשטערן די שטימונג ביי אונדזערע ליבע געסט, מיט וועלכע איר האָט, ווי איך זע, זיך באַפריינדעט, ווערט איר היינט „אַמנעסטירט", אָבער איר מוזט ווען עס איז אָנהייבן זיך פאַרטראַכטן איבער דעם, אַז יעדער שריט האָט קאָנסעקווענצן. מיט דרייסטקייט און נישט געהעריק געמאָסטענער אונטערנעמערישקייט קאָן מען ווייט אין לעבן נישט גרייכן. אָפט מוז מען גיין צוריק דריי שריט, אויב ס'איז באַגאַנגען געוואָרן איין שריט, אַ נישט גענוג געמאָסטענער.

אין גרויסן זאַל האָבן די דינער שוין געהאַט אַוועקגעטראָגן מער ווי אַ העלפט פאָטעלן, גרייטנדיק דעם זאַל צום טאַנצן. איך דערזע: אויפן פאָטעל, אויף וועלכן ס'איז געזעסן ניקאָלאַי, ליגט אַ פּראָגראַם.

איך האָב אָנגעכאַפּט אָלעגן פאַרן אַרבל און נישט ווילנדיק אויסגערופן:

— וואַשע וויסאָטשעסטווּאָ! דאָרטן ליגט דעם קיסרס פּראָגראַם אויפן פאָטעל. איך וואָלט געוואָלט אים באַהאַלטן צום אָנדענק. ווי קריג איך אים?

— איין אויגנבליק! וואַרט צו אַ מינוט.

ער האָט געעפֿנט דאָס ריזיקע פֿענצטער, אַ שפּרינג געטאָן אין זאַל אַריין, גענומען פֿון פּאָטעל דעם פּראָגראַם און האָט אים מיר דערלאַנגט.

— נאַט, נעמט!

מיטאַמאָל זאָגט יערמאָלינסקי:

— אויב איר האָט שוין דערפֿילט העך מאָרעווסקים ווונטש און אים דערלאָבערט די געוווּנטשענע טראָפּעיע, טאָ זייט שוין קאָנסעקווענט און שרייבט אָן אויפֿן פּראָגראַם אַ פּאָר ווערטער.

אַלעג האָט זיך אומגעקוקט אויף מיר, אויפֿן פּאָלקאָווניק, ווידער אויף מיר.

— וואָס זשע זאָל איך שרייבן?

— נו, דאָס איז שוין אינגאַנצן אייער זאַך — זאָגט יערמאָלינסקי.

— איך האָב געשפּילט איינעם פֿון די צוויי אומבאַוועגלעכע קריגסמענער ביים טראָן, טאָ שרייבט אָן „דעם אומבאַוועגלעכן צווייטן קריגסמאַן“...

אַזוי האָט ער אויפֿן פּראָגראַם אָנגעשריבן, און אַזוי ליגט עס אין מיינע אַרכיוון כמעט 50 יאָר...

וועגן די דאָזיקע „אַרכיוון“ וועלן מיר נאָך שמועסן: וואָס בעוונותינו הרבים ובימינו הנפלאים — והנוראים — איך האָב געהאַט אַרום זיי אויסצושטיין. דערווייל לאָמיר דערציילן וועגן אַלעגס אויפֿשריפֿט. אויך דאָ איז זיך דער ענין נישט באַגאַנגען אָן אויסטערלישע פּרטים מיט טראַגיקאָמישע פֿאָלגן. „דעם קריגסמאַן“ דאַרף מען אויף רוסיש שרייבן: „וואָיני“, מיין יונגער פֿירשט, אָבער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט פֿאַר אַ קנאַפּלעבן מדקדק אין זיין מוטער־שפּראַך און האָט אַנשטאָט „וו אָ א י נ ו“ אָנגעשריבן: „וו אָ י נ ו“—וואָס באַטייט „מלחמה“. איך האָב דערזען דעם טעות, אָבער, פֿאַרשטייט זיך, וועגן אַ תיקון־טעות האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין. יערמאָלינסקי האָט אַ קוק געטאָן אין פּראָגראַם, מיט אַ לייכטן פֿאַרדרוס אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און דערלאַנגט דעם פּראָגראַם — אײַגאָרן. יענער האָט אונטערן ברודערס נאָמען אָנגעשריבן זיינעם, און דער ענין איז באַטראַכט געוואָרן פֿאַר אויסגעשעפּט... אָבער ער האָט געהאַט אומגעריכטע פֿאָלגן, וועלכע איך מוז דערציילן.

אין 1915 יאָר, זומער, אַ חדשים 9־10 נאָך דעם, ווי אַלעג איז אומגעקומען אויפֿן שלאַכטפֿעלד — ווי אויבן איז שוין דערציילט געוואָרן — איז געשטאָרבן זיין פֿאָטער, דער גרויספֿירשט קאָנסטאַנטי־

# ИСТОРІЯ РУССКАГО ТЕАТРА.

1-й Спектакль 20 февраля 1910 года.

I.

Къ предстоящему юбилею . . . проф. *И. Н. Ермоланскій.*

II.

2 хора Петровскаго времени (годъ 1-го исполненія неизвѣстенъ)

а) Царю Россійскій, воине преславный
б) Радуйся Россіе, радости сказую . . . | Исп. хоръ *И. А. Смолина.*

III.

## ВЛАДИМІРЪ.

Трагедія въ 5 дѣйствіяхъ Ѳеофана Прокоповича.

(Прологъ и 3-е дѣйствіе).

Дѣйствующія лица:

| | |
|---|---|
| Прологъ | *Е. А. Бурмакинъ.* |
| Владиміръ | *В. В. Игнатовъ.* |
| Борисъ } его дѣти | *В. Я. Сафроновъ.* |
| Глѣбъ } его дѣти | *К. Г. Глинскій.* |
| Жериволъ, жрецъ | *Б. А. Бертельсъ.* |
| Философъ | *В. К. Бухъ.* |
| Вѣстникъ | *Н. М. Орловъ.* |
| Воины | *Ф. С. Пальшинъ и А. В. Маревскій.* |

Режиссеръ *Н. Н. Арбатовъ.*

Суфлеръ *И. М. Павловская.* Сценаріусъ *Е. Г. Сухачева.*

Антрактъ.

IV.

Возникновеніе оперы на Западѣ и у насъ . . . проф. Проф. *Н. А. Сокетта.*

V.

## СЛУЖАНКА ГОСПОЖА.

Опера въ 1-мъ дѣйствіи ПЕРГОЛЕЗЕ.

Дѣйствующія лица.

| | |
|---|---|
| Уберто | *Н. Н. Кедровъ.* |
| Ферпина | *С. Н. Гладкая-Кедрова.* |
| Веспоне | *М. А. Чеховъ.* |

Поставлена опера *С. Н. Гладкой-Кедровой.*

Режиссеръ *Н. Н. Арбатовъ.* Суфлеръ *Н. М. Сафоновъ.*

Аккомпанируетъ Проф. *А. М. Михайловскій.*

Антрактъ.

VI.

## ХОРЕВЪ.

Трагедія въ 5 дѣйствіяхъ А. П. СУМАРОКОВА.

(5-е дѣйствіе).

Дѣйствующія лица:

| | |
|---|---|
| Кій, Князь Россійскій | кадетъ *Петрандо 1-й.* |
| Хоревъ, братъ и наслѣдникъ его | кадетъ *Джобандовскій.* |
| Завлохъ, бывшій Князь Кіева | вице-унт.-офиц. *Ермоловъ.* |
| Велькаръ, наперсникъ Хорева | кадетъ *Чубиновъ 1-й.* |
| Посланникъ | кадетъ *Сагатовскій 1-й.* |
| Воинъ | кадетъ *Тимофѣевъ 3-й.* |
| Пѣшникъ | вице-фельдф. *Черепъ-Спиридовичъ.* |
| Воины съ Велькаромъ | кадетъ *Прокофьевъ 1-й.* |
| | кадетъ *Полканниковъ.* |
| | кадетъ *Сухакинъ.* |
| | кадетъ *Дитяловъ 2-й.* |
| Воины при плѣнникѣ | вице-унт.-офиц. *Нельсонъ-Гирстъ.* |
| | кадетъ *Скробовъ.* |
| | кадетъ *Скородумовъ.* |

Режиссеръ *Н. Н. Арбатовъ.* Суфлеръ кадетъ *Негодяевъ 2-й.*

Сценаріусъ вице-унтеръ-офицеръ *Семеновъ 3-й.*

**Начало въ 9 часовъ вечера.**

אַלעגס „פּאַטום“ — זיין אויפשריפט מיטן גרייז

גאָוויטש... איך האָב געוווּנטשן אויף „דאַטשע" (זומער-וווינונג בלע"ז) אין „זאַקרעטער" וואַלד. קומט צו מיר צולויפן אַ פאַרסאַפּעטער, אָן אַן אָטעם דער רעדאַקטאָר פון דער אָוונט-צייטונג („וויעטשער", ווי ווייט מיך באַר פירט נישט דער זכרון) און שטייט צו, איך זאָל תיכף אים געבן אַן אַרטיקל צום מאָרגנדיקן נומער וועגן שלאַכט אין פּאַוולאָווסק, וועגן גרויספירשט, וועגן זיין ליטעראַרישער טעטיקייט: „ווער, אויב נישט איר, זאָל וועגן דעם שרייבן?"...

איז עס דאָך געווען אַ פּאָר חדשים נאָכן גירוש קאָוונע. שווער געווען דעמלט אָפּצוגרענעצן קאָנסטאַנטינען פון זיין פעטער (און אפשר קוזין? צו גליד-געשוועסטערקינד?). כ'האָב קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז איך וועל דעם אַרטיקל נישט שרייבן ביי מיין פולער אַכטונג צום זכר פון אַקאָרשט פאַרשטאָרבענעם גרויספירשט. דער רעדאַקטאָר איז געבליבן זיצן, האָט איבערגעוואַרט ביז עס איז געוואָרן אָפּגעקילט מיין הייסע רעפּליק וועגן גרויספירשט ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש און זאָגט אַזוי פאַרביי מיין אויער, כמו נישט מיך מיינט ער: „דער הויפּטקאָמאַנדיר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש איז דעם פאַרשטאָרבענעמס אַ ווייטער קרוב, איר וואָלט געמעגט אויס אַכטונג צו זיין לייבלעכן זון, צו אָלעגן, אַנדערש זיך באַציען צו זיין פרישן קבר"...

דאָס האָט מיך געטראָפן, ווי מען זאָגט עס: „אין סאַמע פּינטל אַריין".

— וואַרט אויף — זאָג איך צו אים: איך וועל אייך געבן אַן אַרטיקל, אָבער מיטן תנאי, אַז איר זאָלט אָפּדרוקן אַלץ, וואָס איך וועל אָנשרייבן...

— מסכים — זאָגט ער — אָבער מיט אַ קעגנתנאי.

— לאָמיך הערן!

— איר וועט שרייבן נאָר וועגן פאַרשטאָרבענעם גרויספירשט קאָנ-סטאַנטין און קיין אות וועגן הויפּט-קאָמאַנדיר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש.

איך האָב צוגעשטימט.

דער אַרטיקל האָט געהאַט אַ קעפּל: „דער פאַטאַלער טעות" און גע-שריבן האָב איך וועגן דעם, ווי דער העלדיש-געפאַלענער זון פון אַקאָרשט-פאַרשטאָרבענעם האָט מיר געבראַכט דעם פּראָגראַם פון צאַרס פּאָטעל און אָנגעשריבן „מלחמה" אַנשטאָט „קריגסמאַן"... און — די מלחמה האָט פאַרטיליקט די בעסטע תושבים פון פּאַוולאָווסקער נעסט פון קונסט, פון דיכטונג, פון גאַסטפריינדלעכער באַציונג צו די טוער אויף יענע גע-ביטן...

דער רעדאַקטאָר האָט איבערגעלייענט, האָט מיך אָנגעקוקט מיט פאַר־ליבטע אויגן: „בראַוואָ“, זאָגט ער: בעסער קאָן גאָר נישט געמאָלט זיין“.

דעם זעלביקן אָוונט איז דערשינען דער נומער און אויף מאָרגן פרי איז ער געקומען צולויפן און ביילט די פויסטן קעגן מיר...

— דער שוואַרציאָר האָט מיך אָנגעטראָגן מיט אייך זיך צו פאַר־בינדן: אַ מענטש פועלט ביי זיך צו שרייבן, אַז יעווזאָ וויסאָטשעסטוויאָ שרייבט מיט גרייזן... קיינער קאָן ביי אייך קיין רוסיש נישט, נאָר איר, איר אַליין זענט עם „טורגעניעוו“, „ליעסקאָוו“, „גאָגאָל“ מיט „פושקינען“ אינ־איינעם...

— וואָס קאָכט איר זיך! איר האָט דאָך דעם אַרטיקל אַליין צוויי־מאָל איבערגעלייענט! וואָסערע בייזע פליג האָט אייך היינט א ביס געטאָן?

— „בייזע פליג“? מען האָט פון דער קאַנצעלאַריע פון מיליטערישן שטאָט־קאָמענדאַנט מיר שריפטלעך געמאָלדן, אַז די צייטונג איז אומווי־דעררופלעך אָפּגעשטעלט — אָט האָט איר די „בייזע פליג“... אַז גאָט וויל וועמען פאַרניכטן נעמט ער פריער ביי אים אָפּ דעם פאַרשטאַנד... נו, וועל־כער־זשע שונא וואָלט געקאָנט מיך אזוי אַריינשלעפּן אין גרוב אַריין?

עס האָט זיך אָבער אויפגעקלערט, אַז די צייטונג איז פאַרבאָטן גע־וואָרן נישט צוליב מיין אַרטיקל, נייערט צוליב דעם, וואָס „הבחור־הזע־צער“ האָט אין מאָג־באַריכט פון „גלאַוונאָ־קאָמאַנדאָיושטשי“ (הויפּט־קאָמאַנדיר) אַרויסגעלאָזט דעם „ל“ וה“ל... די צייטונג איז טאַקע פאַר־באָטן געוואָרן, אָבער דעם ענין האָט מען, דוכט זיך, שפּעטער דערלייריקט.

בזה האופן האָט דער איידעלער קאָנסטאַנטין באַקומען זיין פאַרדינטן שכר און דער צורר ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש — דאָס זייניקע, הגם איך האָב לויטן אָפּמאַך מיטן רעדאַקטאָר מיט קיין אות אים נישט דערמאָנט.

*

* *

דער צווייטער ספּעקטאַקל, דעם 20־טן מערץ, איז פאַר מיר געווען אויף אַזוי ווייט אַן אַ נ ד ע ר געשעעניש אין פאַרגלייך מיטן ערשטן. אַז מיר זעט עס אויס ווי פון א גאַנץ אַנדער צייט־פּעריאָד און אויף אַן אַנ־דער אָרט אָפּגעשפּילט.

און די סיבה פון אָט־דער „אַנדערשקייט“ איז אַ טאָפּלטע. ראשית, איז די אומגעבונג — הן אויסערלעך, הן אינערלעך: סיי פאַרן אויג, סיי

פאַר דער פּסיכיק — שוין נישט געווען קיין איבעררעשנדיקע. והשנית — און דאָס איז אין דעם פאַל געווען דער ע י ק ר — האָב איך דאָס מאָל געהאַט זייער פאַראַנטוואָרטלעכע צ ו ו י י ראָלן, פון וועלכע איינע זעט אויס... ווי אַ קוריאָז, אָדער ווי אַ מין „בייזוונדער", אָבער „גלאַטיק" איז עס לכל הדעות — נישט. אין פּראָגראַם פון ספּעקטאַקל איז געווען איין נו־מער פון היסטאָרישער וואָגיקייט: מיר האָבן געשפּילט אַן אָפּערע (אין 2 אקטן), לויט וועלכער אין 21 יאָר ארום איז אנטשטאנען גלינקאַס — „זשיזן זאַ צאַריא" („דאָס לעבן פאַרן צאַר"). דער נאָמען „זשיזן זאַ צאַריא" — ווי אין אונדזער צייט איז מען גענייגט צו מיינען — זאָל די צאַרישע צענזור האָבן אָנגעוואָרפן גלינקאַן קעגן זיינע אינטענצן און הס־כמה. אונדז גייט נישט אויף דעם אָרט צו אַנאַליזירן ווי ווייט גלינקאַן איז געווען פרעמד די כוונה צו אידענטיפיצירן די אידעע פון פאָלקסטום, פון פלאַמענדיקן פּאַטריאָטיזם — מיט איבערגעגעבנקייט דעם צאַר. מיר ווילן דאָ דערציילן — אָן שום דיסקוסיע — אַז אין יאָר 1815 איז געוואָרן אָנגעשריבן "איוואַן סוסאַנין", און די צענזור האָט דעמלט נ י ש ט איבערגעמאַכט דעם נאָמען. די אָפּערע „איוואַן סוסאַנין" איז געשפּילט געוואָרן צום ערשטן מאָל אין „סאַנקט—פּעטערבורג" דעם 19־טן אָקטאָבער 1815 אין גרויסן טעאַטער (ס'הייסט: אין שפּעטערדיקן „אַלעק־סאַנדרינסקי"?), און מיר, שפּילנדיק אין פּאָוולאָווסקער שלאָס אַ ריי פאָר־שטעלונגען לויט דער כראָנאָלאָגישער אַנטוויקלונג פון דער רוסישער דראַ־מאַטישער ליטעראַטור, זענען דערגאַנגען ביז צו דער צייט פון אַלעקסאַנדער דעם ערשטן, אונטער וועמענס שוץ און שטיצע די אָפּערע איז באַשאַפן געוואָרן. און דאָ מוז, פאַרשטייט זיך, ווערן באַטאָנט, נאָך מער: דאָ מוזן מיר א ו נ ט ע ר ש ט ר ײ כ ן, אַז אויב וועגן גלינקאַן קאָן אנטשטיין די סברה, אַז צווישן פּאַטריאָטיזם און ליבשאַפט צום צאַר איז ביי אים געווען אַ חילוק, קאָן קיין שום ספק נישט זיין, אַז פאַר סוסאַנינען איז „פאָטערלאַנד" און „צאַר" געווען א יי ן באַגריף...

דאָס געשפּרעך צווישן אַרבאַטאָוון מיט דאַלמאַטאָוון, מיט וועלכן מיר האָבן אָנגעהויבן אונדזער שילדערונג פון די אַלע געשעענישן, האָט געהאַט אומגעריכטע פאָלגן: נאָכן סטאַטיסטירן אין ערשטן ספּעקטאַקל (דער „שומר" ביי וולאַדימיר'ס טראָן איז נישט מער ווי אַן אויפגאַבע צו סטאַ־טיסטירן); נאָכן לאָזן מיך א י נ ג אַ נ צ ן פריי פון צווייטן — האָט ער מיך אין דריטן ספּעקטאַקל באַשעפטיקט אוף אַזאַ מין בכבודיקן אופן. אַז יעדער חשד אין זיין כוונה מיך צו באַעוולה'ן האָט געמוזט אָפּפאַלן. אין

ערשטן טייל פון פּראָגראַם האָבן מיר געשפּילט אַן אַקט פון קאַפּניסט־קאָמעדיע: „יאַבּיעדאַ“, און וועלכער מיר איז אויסגעפאַלן צו געשטאַלטן אַן „אוהב בצע“ פון יענצייטיקער געריכטס־פּראַקטיק. גערופן האָט זיך די דאָזיקע געשטאַלט נישט מער און נישט ווייניקער ווי — „קאָכטין“... „קאָכטי“ באַטייט אין רוסיש — נעגל פון אַ רויבפויגל. קלאָר, וואָס פאַר אַ מין געשטאַלט איך האָב געדאַרפט פאָרשטעלן, און מען וואָלט, אפילו נישט ווילנדיק, געמוזט דערלאָזן דעם געדאַנק, אַז אַרבאַטאָוו טוט אַלץ, כדי נישט צו דערלאָזן מיך געווינען צופיל סימפּאַטיע ביים צושויער און אַזוי אַרום מיר פאַרהינדערן יעדע מעגלעכקייט אויסצונוצן דעם צופאַל און דערלאַנגען אַ בקשה וועגן „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ“...

די פּרטים וועגן דעם וועלן נאָך צום לייענער אָנקומען. דערווייל וויל איך קורץ זאָגן, אַז איך האָב אפילו קיין מינדסטן באַגריף נישט געהאַט, אַז צווישן מיינע „בעסטע צוויי פּאַטראָנען“ קומט פאָר אַזאַ „דועל“ איבער מיינעם אַן ענין, און וועגן „אויסנוצן די סיטואַציע“ איז מיר אין לינקער פּאה נישט געלעגן. דאַלמאַטאָוו האָט געהאַלטן, אַז יענער פירט בנוגע מיר אַ ספּעציעלע „פּאָליטיק“.

און מיטאַמאָל — אַן איבעראַשנדיקער סורפּריז: אין „איוואַן סוסאַנין“, ווו אַלע ראָלן — די הויפּט־פיגורן, מיין איך — ווערן געזונגען און זענען אין אונדזער ספּעקטאַקל באַזעצט געווען דורך עטלעכע פירנדיקע פאָרשטייער פון דער אימפּעראַטאָרישער אָפּערע („מאַריאינסקי“ טעאַטער), ווי למשל, — די באַליבטע קאָלאָראַטור־סאָפּראַנאָ קאָוואַלענקאָ; דער גלענצנדיקער דראַמאַטישער טענאָר — אַלעקסאַנדראָוויטש (נישט־צו־מישן מיטן איצטיקן באַרימטן מאָסקווער זינגער), וועלכער האָט דעמלט אין „מאַריאינסקי“ טעאַטער געזונגען דעם גאַנצן וואַגנער־רעפּערטואַר, — זענען געבן דעם פאַרהאַן ראָלן — רעדנדיקע. און די דאָזיקע „רעדנדיקע“ ראָלן זענען באַזעצט געוואָרן — מסתמא, נעמענדיק אין אַכט די מפורסמים פון „מאַריאינסקי טעאַטער“ — דורך די אָנגעזעענסטע סטודענטן פון די טעאַטער־שולן. די ראָלע פון „סוסאַנין“ האָט געשפּילט קעדראָוו. דעמלט איז ער געווען סך־הכל אַ סטודענט, אָבער פון די „חשובי המשפּחה“. די ראָלע „סוסאַנין“ — אויף וועלכע גרונטן ס'האָט זיך דעם מחבר פון ליברעטאָ קניאַז א.א. שאַכאָווסקאָי אַזוי פאַרגלוסט ווייס איך נישט — איז געווען א געשטאַלט, וואָס האָט נישט אַרויסגערעדט קיין איין איינציק וואָרט... דער צענטער פון אַלגעמיינער אויפמערקזאַמקייט אין דער גאַנצער „עפּאָפּייע“ איז געווען דער אָנפירער פון דער פּאַרטיזאַנער־אָפּטיי־

לונג, וועלכע האָט סוסאַנינען געראַטעוועט — אין סתירה צום היסטאָרישן אמת און צוליב דעם ראָמאַנטישן זין פון דעם גאַנצן אויפטו, אַז די טריישאַפט דעם צאַר און פאָטערלאַנד דאַרף זיגן — ווערט סוסאַנין געבראַכט אַ לעבעדיקער, און דער אָנפירער האַלט אַ גרויסן מאָנאָלאָג אויף דער טעמע — „פּראַוואָסלאַוויע, סאַמאָדערזשאַוויע, נאַראָדנאָסט“ (פּראַוואָסלאַוויע, זעלבסטהערשאַפט, פאָלקסטום)...

פאַר די צוויי אָוונטן, אין וועלכע כ׳האָב מיטגעמאַכט די פאָרשטעלונגען, איז דאָס געווען דער איינציקער מאָמענט — אַ מינוט 7—5 לערך — ווען אין זאַל האָבן געהילכט אַפּלאָדיסמענטן... און נישט, — ווי אין רוב פאַלן ביי אַן אַריסטאָקראַטישן קאָנטינגענט, — קאַלטע, „לעבלעכע“, פון וועלכע, עס טראָגט זיך פאַרן שוישפּילער דאָס שווידערהאַפטע ווינטל פון גלייכגילט — אין זאַל פון פּאַוולאָווסקער שלאָס האָט געהילכט אַ דונער פון „בראַוואָ“-פּאַטשענדיקע הענט...

און אָט-די דאָזיקע ראָלע שפּילן, האָט אַרבאַטאָוו אָנפאַרטרויט — מיר!... פאַרוואָס גראָד מיר? ער האָט געהאַט — איגנאַטאָוו, סאָפּראָנאָוו, סטרעניקאָווסקען, סטודיענצאָוו — אַלץ זיינע באַליבטע תלמידים, וועלכע האָבן זיך שוין געהאַט אַרויסגעוויזן צייטנווייז אַלס גלענצנדיקע פאַרקערפערער פון פאַרשידנאַרטיקע געשטאַלטן... דערביי איז דער אָנפירער פון „אָטריאַד“ (אָפּטיילונג) — אַן אויסגעשפּראָכענער פאָלקסמענטש, אַ „רוסישער פויער“ מיט אַלע „פּיטשעוויקעס“... פאַרוואָס איז אויף מיר געפאַלן דער גורל עס צו שפּילן? און ווי? ביי וועלכע אומשטענדן? .. איך מוז זאָגן, אַז אויף דער פראַגע האָב איך נישט קיין ענטפער ביזן היינטיקן טאָג. אָבער איך האָב עס געשפּילט! איך בין געשטאַנען לויטן גאַנג פון דער פאָרשטעלונג נעקסיט... פאַר ווער, מוז איך מודה זיין, געדענק איך נישט, ווייל קיין געשטאַלט פון דער הערשנדיקער דינאַסטיע אַרויספירן אויף דער בינע האָט מען באַין שום אופן נישט געטאָרט און צו וועמען איז געבראַכט געוואָרן דער געראַטעוועטער „סוסאַנין“ און צו וועמען איך האָב געהאַלטן מיין פלאַמענדיקן פּאַטריאָטישן מאָנאָלאָג — ווייס איך נישט. אַ לאַנגדויערנדיקע אָוואַציע האָט באַגלייט די אָפּערע „איוואַן סוסאַנין“. און דערמיט האָבן זיך אונדזערע פאָרשטעלונגען אין פּאַוולאָווסק פאַרענדיקט.

אָבער מיר וועלן זיך אומקערן צום אָנהויב פון אונדזער דריטן באַזוך אין פּאַוולאָווסקער שלאָס. געקומען איז מען ווי „צו זיך אהיים“... די מכשירים האָט מען אַוועקגעלייגט אויף די פריערדיקע ערטער — יעדער

פֿון אונדז אויף זיין שוין „אַלטן באַקאַנטן". אָלעג און איגאָר האָבן נישט געלאָזט אויף זיך לאַנג וואַרטן, געקומען, פֿאַרפֿירט געשפּרעכן, געשטעלט פֿראַגן, באַקומען תשובות... מיין אויער האָט עפּעס אויפֿגענומען אַ געוויסע ענדערונג אין דעם ווי אַזוי די ביידע יונגע פֿירשטן האָבן דאָסמאָל זיך געהאַלטן... איך מיין, אַז דער עפּיזאָד מיטן „עמיר־בוכאַרסקי—באַכור עמיר־סקי" איז אָלעגן נישט „גלאַט" אַראָפּ: דער עלטערער ברודער האָט אים משמעות, ווי געהעריק „איינגעזאַלצן"... פֿון סורפּריזן אין זיין האַלטונג, וועלכע האָבן מיט א חודש צוריק עטלעכע מאָל ממש איבערראַשט, איז דאָס מאָל קיין שפּור נישט געווען. דאָס מאָל איז מיר פֿאַרבליבן בלויז איין מינוט, וועלכע האָט מיך טיף גערירט. אין אַ געוויסן מאָמענט בעתן ספּעקטאַקל, אַ פּאָר מינוט פֿאַרן אָנהייב, ווען אַלע האָבן זיך געקליבן פֿאַרנעמען זייערע באַשטימטע פּלעצער און נישט־באַטייליקטע האָבן געזאָלט פֿאַרלאָזן די בינע, זע איך — אָלעג שטייט און רירט זיך נישט פֿון אָרט. צו אַ פּשוטן בשר ודם אין אַזאַ פֿאַל וואָלט מען געזאָגט: „ברודערקע, טראָג זיך אָפּ", אין דעם פֿאַל איז אַנטשטאַנען אַ שטיקל פֿאַרלעגנהייט. דער יונגער פֿירשט איז געשטאַנען מיט אַן אויסדרוק פֿון אַזאַ טיפֿן קומער אין זיינע גרויסע, שיינע אויגן, אַז מיר האָט ממש ביים האַרצן פֿאַרקלעמט..

— וואָס האָט איר זיך אַזוי פֿאַרטראַכט, פֿירשט, וואָס דריקט אייך? פֿרעג איך. דערביי מוז איך זאָגן, אַז רופֿן אים „וואַשע וויסאָטשעסטוואָ" האָב איך נישט געקאָנט, געענדיקט יערמאָלינסקים בקושי, און „אָלעג קאָנסטאַנטינאָוויטש" האָט מיר, לויט זיין עלטער, געשיינט פֿאַר נאָך ווייניקער אויפֿן אָרט. דאָס פּאַסיקסטע איז מיר פֿאָרגעקומען צו זאָגן אים: „פֿירשט" און דאָס מאָל, ווי אויף צו להכעיס, האָט עס שאַרף און מיט ווייטיק באַלויכטן דעם סוף פֿון גאַנצן עפּיזאָד.

אויף מיין פֿראַגע, אַזוי ווי ער וואָלט געוואַרט אויף איר, האָב איך, דערהערט:

— וואָס פֿאַר אַ גליקלעכע מענטשן איר זענט אַלע! שפּילט, לעבט אין אַ וועלט פֿון דערהויבענע געפֿילן, טראָגט זיך אַוועק אין אַנדערע וועלטן! פֿאַרגעסט אַלץ, וואָס אין אַלטעגלעכן לעבן דריקט און פֿאַרביטערט... צי ווייסט איר אַליין ווי גליקלעך איר זייט?

מיך האָט איבערראַשט אַזאַ טיפֿקייט פֿון געדאַנק און געפֿיל ביים יינגל, וועלכן כ'האָב שוין א חודש צוריק באַוויזן ליב צו קריגן, אָבער נישט

חושר געווען, אַז יענער שטיפער איז פעיק אויף  א ז א  מ י ן  אויסברוך... נישט טראכטנדיק, האָט זיך מיר אַראָפּגעריסן פון די ליפּן אַ פראַגע:

— איר וואָלט וועלן זיין אַן אַקטיאָר?

און זיין תשובה האָט מיך דערשיטערט, אויפגעטרייסלט ביזן גרונט!

— איך וואָלט קיין מינוט זיך נישט פאַרטראַכט און אַוועק אויף דער בינע...

און נאָך א קורצער פויזע מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן האָט ע[illegible]רענדיקט:

— ווען נישט אָט־די אומגליקלעכע סיטואַציע מיינע, וועלכע לאָזט נישט לעבן, לאָזט נישט אָטעמען, לאָזט נישט זיין קיין מענטש אויף גאָטס וועלט...

— מיינע הערן! מיר הויבן אָן! אַנטשולדיקט, וואַשע וויסאָטשעסטוואָ.

ס'האָט זיך אָנגעהויבן דער אַקט פון קאַפּניסטס „יאַבינדאַ"...

מיר זענען אָבער ווידער פאַרלאָפן זיך אַליין דעם וועג און מוזן זיך אומקערן צוריק.

# XV. ק. ר.

צו מיטאָג איז דאָס מאָל ביים סאַמע אָנהויב אַריינגעקומען אין צימער דער גרויספירשט קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש.

פאַר מיר איז עס געווען דער דיכטער — „ק. ר.“.

דאָס איז געווען אַ מענטש פון אַ יאָר 55, פון נישט באַטירלעד-הויכן וווּקס, ווי דאָס רוב פון דער משפחה (ניקאָלאַי אַליין איז אין דער הינזיכט געווען א יוצא מן הכלל אין דער משפחה). רוסיש האָט ער גערעדט מיט א שאַרפן, — כ׳וואָלט געזאָגט: „פּראָווינציזשן“ אַקצענט, געהאַט אַ צוויבערהאַפטן שמייכל אויפן פנים.

אַז ער האָט זיך באַוויזן אין טיר, און מיר זענען אַלע אויפגעשפּרונגען פון אונדזערע ערטער ביים טיש (מען האָט שוין אָנגעהויבן זיך אַריינטאָן אין דער אכילה), האָט ער, גייענדיק פון טיר צום טיש, באַוויזן צו מעלדן קאַטעגאָריש:

— מיינע הערן! איך בין געקומען געניסן פון אייער געזעלשאַפט: זיך דורכרעדן, „אויף מענטשן אַ קוק טאָן און אַליין זיך באַווייזן“ — לויטן אַלטן פאָלקס-ווערטל, אָבער איך מוז מיר דערלויבן צו וואָרענען, אַז אויב איר וועט מיר אָנהויבן אָפּצוגעבן „כבוד“, וועל איך — מיט גרויס האַרצווייטיק, איך פאַרזיכער אייך — פאַרשווינדן אין 10 מינוט אַרום... אַלזאָ ווי איר ווילט: אויב מיין אָנוועזנהייט שטערט אייך, האַלט זיך אָפיציעל אָנגעצויגן, ציילט אייערע ווערטער, אָטעמט איינגעהאַלטן, און איר וועט פון מיר פּטור ווערן אין 3 מינוט אַרום, ווייל 10 מינוט וועל איך עס נישט אויסהאַלטן ביי מיין בעסטן ווונטש... נו, מיינע דאַמען און הערן, ווי האַלט עס מיט מיין אולטימאַטום? דער בעסטער ענטפער אויף אים וואָלט זיין, ווען עמעצער פון אייך האָט א לוסטיקן אנעקדאָט... הא? נישטאָ? זייער ביטער! ווו נעמט מען עפּעס אַ טראָפּן געלעכטער?

ער האָט עס אַזוי אַרויסגערעדט, אַז אין צימער איז אויסגעבראָכן אַ הילכיק געלעכטער.

— נו, געלויבט איז גאָט! עס גייט אויף אַ דרך! אָבער שטייענדיק אויסהערן מיינע לוסטיקע פּלאַפּלערייען איז אויך נישט קיין אויסוועג פון דער געשאַפענער לאַגע. קודם כל, מיינע דאַמען און הערן, זע איך, אַז איר האָט איבערגעריסן דעם וויכטיקסטן פון אַלע שעפערישע פּראָצעסן: איר האָט אויפגעהערט מיטאָג צו עסן. דאָס קאָן איך שוין, אלס דער באַלעבאָס און הויפּט=ווירטשאַפטלער, נישט דערלאָזן. ווי ווייט איך ווייס, האָבן מיר געלייגט היפּשע הוצאות מיט דער כוונה, אַז פאַרן ספּעקטאַקל זאָלט איר זיך געהעריק דערקוויקן, אָנזאַמלען כוחות, און איר, זע איך, מאַכט צו נישט אונדזערע באַמיונגען. זייט אַזוי גוט זיך נעמען צו די גאָפּל=מעסער און פאַרצערן אַלץ, וואָס דאָ געפינט זיך אין די שיסלען, אַז נישט וועל איך האָבן עגמת נפש אויף די געמאַכטע הוצאות... איך האָב אַ שם פון אַ „האַרפּאַגאָן“ און קריג קאָפּווייטיק, אויב איך דערוויס זיך, אַז אין קיך האָט מען געבראַכט צוריק נישט אויסגעליידיקטע פּאָלומיסקעס. לעבעדיק, ליבע געסט, געגעסן זאָל ווערן! איר וועט מיר דערלויבן כל זמן איר זענט פאַרטאָן, שמועסן מיט איינצלנע, פאַרשטייט זיך, אַז יעדער אַנדערער ווערט געבעטן אין שמועס זיך צו באַטייליקן! אָבער קודם — געמט זיך צום עסן!

עס איז געוואָרן געמיטלעך, היימיש. אַלע האָבן זיך דערפילט אויף אַן אמתן ווי „ביי זיך“. דאָס עסן איז אַוועק ווי אויף געשמירטע רעדער. דער פּירשט האָט געשאָטן קורצע פראַגן, די תשובות זענען געווען אויך קורצע, אַזעלכע מיני צוויי=דריי=זילביקע. קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש האָט פּשוט פאַרשטאַנען אַזוי צו פאָרמולירן זיינע פראַגן, אַז די תשובות זאָלן נישט שטערן זיינע געסט צו טאָן „זייערס“ און באַרעכטיקן די „הוצאות“ — לויט זיין לוסטיקער באַצייכענונג.

איך קאָן נישט גענוי זאָגן צו וועמען פון אונדז ער האָט שוין געהאַט זיך געווענדעט, מיט וויפיל פראַגעס און וויפיל עס האָבן שוין אָפּגעהילכט תשובות, ווען איך האָב דערפילט אויף מיינע אַקסלען זיינע הענט און אַוועקלייגנדיק מיין גאָפּל=מעסער, זיך אויסגעדרייט און גענומען זיך אויפשטעלן... ער האָט מיך מיט כוח צוגעהאַלטן און נישט געלאָזט אויפהייבן זיך.

— איר קלייבט זיך שטערן אונדזער אַלעמענס מאָדום וויווענדי, גנעדיקער הער! שטיין, האָבן מיר אָנגענומען, איז דערלויבט נאָר מיר, אַנדערע

זיצן און טוען זייער הויפּט־אויפגאַבע — עסן! ענטפערן אויף מיינע פראַגן אגב־אורחא. בלייבט, איך בעט אייך, ביי אונדזער טראַדיציע!

איך האָב זיך ווידער אויסגעדרייט צו מיין טעלער. ווי אַזוי דער אייגנאַרטיקער שמועס צווישן אונדז האָט זיך ווייטער אַנטוויקלט געדענק איך לחלוטין נישט, אָבער איך געדענק ווי מיר שטייען ביידע ביי דער טיר פון זעלביקן צימער און דאָס געשפּרעך פליסט צעהיצט, לײדנשאַפטלעך... עס רעדט זיך וועגן „האַמלעט". מיר שיינט, אַז עמיצער פון די שול־חברים מיינע האָט אים אַ זאָג געטאָן, אַז איך בין אויפן פּונקט „שעקספּיר" אַ בי־סעלע נישט נאָרמאַל.

— ביי אייך אין שול, ווי ווייט איך ווייס, איז „האַמלעט" געשפּילט געוואָרן אין אַן אָפענער פאָרשטעלונג... ווער זשע פון אייך, מיינע הערן, האָט געשפּילט האַמלעטן?

אין געשפּרעך האָט זיך אַריינגעמישט איגנאַטאָוו.

— דאָס האָט ער טאַקע געשפּילט!

דער גרויספּירשט איז געוואָרן ערנסט... עפּעס ווי אַ שאָטן איז דורכ־געלאָפן איבער זיין בלאַסן פּנים. מיר איז געוואָרן נישט באַקוועם צו לאָזן אים טראַכטן, אַז איך האָב געשפּילט פון אָנהייב ביזן סוף די גאַנצע ראָלע בעת אין דער שול־פאָרשטעלונג — ווי דער לייענער דאַרף געדענקען — האָבן מיר געשפּילט דעם ספּעקטאַקל זאַלבעפערט. איך האָב עס אים אויפן אָרט געמאָלדן, אָבער ער האָט נישט לאָזנדיק מיר ענדיקן די פראַזע, אַ פרעג געטאָן:

— וועמענס איבערזעצונג האָט איר געשפּילט?

— פּיאָטר פּיעטראָוויטש גניעדיטש איז דאָך ביי אונדז אין שול פּראָפעסאָר, און ס'האָט קיין רייד נישט געקאָנט זיין וועגן אויסמיידן זיין איבערזעצונג. אויסער דעם האָט ער דאָך אין זיינער צייט די טראַגעדיע אין „אַלעקסאַנדרינסקי"־טעאַטער רעזשיסירט און מיט אונדזער דירעקטאָר בינדן אים לאַנגע יאָרן פון נאָענטער פריינדשאַפט...

— און איר האַלט, אַז גניעדיטשעס איבערזעצונג געהערט צו די בעסטע?

— מען דאַרף באַזיצן אַ סך מער, ווי עס איז אונדז געגעבן געוואָרן, צו קאָנען ענטפערן אויף אייער פראַגע, וואַשע וויסאָטשעסטוואָ, האָב איך געענטפערט, פילנדיק, אַז ער איז צאַפּלענדיק נייגעריק צו הערן עפּעס וועגן זיין איבערזעצונג... אָבער אַריינפאָרן אָן אַ פאַרוואָס וואָלט אויסגעזען ווי אָפענע חניפה, ווייל רעדן וועגן דעם, וואָס אין זיין איבערזעצונג אונטער־

ליגט ערנסטער קריטיק, וואָלט דאָך געווען אין אַ קורצן שמועס פּשוט מאַקטלאָז און זאָגן „שבחים“, נ י ש ט אָנווייזנדיק אויף דעם, וואָס דאָרט פעלט, וואָלט ער אויפגענומען ווי נישט אויפריכטיקע העפלעכקייט.

ער האָט דערפילט מיין פאַרלעגנהייט און, מסתמא, כדי מיך ארויסציפירן פון דער „קיצלדיקער“ לאַגע מיינער, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— וועלכע מעלות האָט לויט אייער מיינונג גניעדיטשעס אַרבעט?

— די ערשטע און זייער גרויסע מעלה אירע איז די איינפאַכקייט, די פשטות פון דער שפּראַך... דאָס וואָס פעלט, למשל, קראָנעבערגן, ביי ווען דער אויסערלעכער פּאַטאָס וואָלט געווען אויפן אָרט — אין שילערן, אָדער וויקטאָר הוגאָ, אָבער ער שטערט דעם אַקטיאָר צו לעבן אין דער שעקספּיר־געשטאַלט.

איך האָב דאָ אילוסטרירט מיין געדאַנק מיט אַ ציטאַט פון קראָנעבערגס טעקסט. ביים גרויספירשט האָט זיך צעגאָסן אַ לויכטנדיקער שמייכל איבערן געזיכט.

— איך זע, אַז ביי אייך אין שול האָט מען זיך מיט שעקספּירן פאַרנומען נישט אויף געלעכטער — דאָס איז פאַר מיר אַ גרויסער און אָנגענעמער סיורפּריז.

— ער איז אונדזער הויפּט־ספּעציאַליסט אין ענין שעקספּיר — איז אומגעריכט אַרויס מיט לשון וואַסיאַ איגנאַטאָוו, קלאַפּנדיק מיך איבערן שולטער. דאָס איז געווען ווייט פון שלאָס־קאָדעקס, אָבער מיר האָבן נישט געהאַט קיין צייט צו דערפילן עס, ווייל דער גרויספירשט האָט מיך אָנגעהויבן ממש אַטאַקירן מיט פראַגן:

— וועלכע נאָך איבערזעצונגען קענט איר?

איך קאָן ביז היינט נישט באַגרייפן פאַרוואָס איך האָב נאָך אַלץ נישט געזאָגט, אַז איך קען ז יי ן איבערזעצונג: עפּעס איז מיר ווי געלעגן אויפן גומען;

— איך קען פּאָלעוואָי, וראָנטשענקאָ, סאָקאָלאָווסקי, פּאַראַן אַוועריקיעווס אַן איבערזעצונג, וועלכע קיינער קען נישט, ווייל זי איז פאַרגעסן געוואָרן.

ווידער אַן אומהיימלעכע פּויזע... צייט צו זאָגן: „אייער איבערזעצונג קען איך“, אָבער ער האָט מיך אַטאַקירט מיט אַ נייעם אָנגריף:

— קענט איר ענגליש?

איצט איז געקומען די אמתע געלעגנהייט צו רעדן וועגן זיין אַרבעט.

— ניין, וואַשע וויסאָטשעסטוואָ, קיין ענגליש, צום באַדויערן, קען איך

נישט. אָבער איך קען גוט אייער איבערזעצונג, און דאָס איז ביים נישט־קענען ענגליש אַן אומשאַצבאַרע הילף פאַר דעם, וועמען די פּרעציזע גענויקייט פון שעקספּירס טעקסט איז נייטיק אין דער צייט פון איינשטודירן די ראָלע.

— מיר איז נישט אינגאַנצן קלאָר: וואָס ווילט איר זאָגן?

— איך וויל זאָגן, אַז אייער איבערזעצונג איז טריי דעם אָריגינאַל מער ווי יעדע אַנדערע פון אַלע איבערזעצונגען.

— פון וואַנען ווייסט איר עס, נישט קענענדיק קיין ענגליש?

— אין אייער אויסגאַבע פון „האַמלעט“, וועלכע איך האָב דערוואָרבן אין עלטער פון 13 יאָר און מיט וועלכער איך שייד זיך נישט אפילו אין א נסיעה פון דער היים אויף 2 טעג, זענעןביידע טעקסטן — דער ענגלישער און דער רוסישער — אָפּגעדרוקט איינער נעבן אַנדערן און אפילו די צאָל ז י ל ב ן איז די זעלביקע אין ביידע טעקסטן. ווי אַ קוריאָז וועל איך אייך דערציילן, אַז דעם פּרט מיט האַמלעטס ב אָ ר ד האָב איך באַגריגדעט אַדאַנק אייער טעקסט: דאָס רוב האַמלעט־שפּילער האָבן דאָך די פּראַזע: „ווער וואַגט אַ שטיק מיר אויסרייסן פון ב אָ ר ד!“ איבערגעמאַכט אויף — „אַ ריס טאָן מיינע ה אָ ר“. פון די צענדליקער אויב נישט הונדערטער, האַמלעט־שפּילער, האָבן געטראָגן בערד, ווי ווייט מיר איז באַוווּסט, — בלויז פיר: ריטשאַרד בערבעדזש, פאַר וועלכן די ראָל איז אָנגעשריבן, מוגע־סוללי, יוזשין און אונדזער וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש...

— און איר, פאַרשטייט זיך? האָט מיר איבערגעשלאָגן קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש... נו, איך דאַנק אייך פאַר אַזוי פיל אינטערעסאַנטע דעטאַלן וועגן אַן ענין, וואָס אינטערעסירט אַזוי לעבעדיק אונדזער יונגן דור אקטיאָרן: דאָס איז מיר ערנסט א גרויסע פרייד געווען צו דערהערן, און אַליין בין איך זייער גליקלעך צו וויסן, אַז מיר איז געלונגען צו ראַטעווען אין דער ארבעט איבער האמלעטן לפּחות אייער ב אָ ר ד...

איך האָב נישט געוווּסט ווי אויפצונעמען דעם וויץ: איז עס נישט אַמאָל אַן אויסדרוק פון סאַרקאַזם? און, אויב אַזוי, — אַ פּאַטש אין פּנים פון גאַסטפריינדלעכן ווירט דעם זיך פאַרגאַלאָפּירטן גאַסט?... מיר איז געוואָרן אַזוי נישט היימלעך, אַז איך וואָלט זיך נישט געקענט אומקערן צום טיש און נעמען זיך צום עסן... דער גרויספירשט האָט באַמערקט מיין פאַרלאָרנקייט און האָט מיך ארויסגעפירט פון דער בייזער שטימונג. אויס־

שטרעקנדיק זיין האַנט, האָט ער מיינע געדריקט, לאַנג געטרייסלט און מיט אומ־מיטלבאַרער וואַרעמקייט געזאָגט:

— איך דאַנק נאָך און נאָך אַמאָל. אונדזער באַגעגעניש איז מיר אָן שום גוזמא אַן איבערראַשונג, וואָס פאַרשאַפט מיר פרייד... ס'האָט גע־לוינט צו לייגן הוצאות און אָרגאַניזירן די אויפנאַמע — איז ער מיטאַמאָל אַריבער צו די טענער פון פריערדיקן הומאָר: — און איך מוז אייך ווידער דערמאָנען, אַז מען זאָל נישט וואַגן איבערלאָזן אין די טעלערס קיין אכילה פאַר אונדזערע קעץ און אַנדערע פון דעם מין מיטגלידער פון אונדזער פילאַרמיקער משפחה: זיי זענען ביי אונדז יחסנים און עסן ספּע־ציעל פאַר זיי געגרייטע מאכלים...

אַזוי זיך ווייצלענדיק, האָט ער מיך פאַרן אַרבל צוגעפירט צו מיין אָרט און אַוועקגעזעצט ביים טיש.

איך מוז באַמערקן, אַז אונדזער געשפּרעך האָב איך דאָ איבערגעגעבן אַ ביסל פאַרקירצט... די חברים מיינע האָבן נאָכדעם בדרך לשון הרע גערעדט, אַז איך האָב דעם גרויספירשט „געקלאַפּט איבער די אַקסלען“ און מיר האָבן זיך געקושט... דאָס פאַרשטייט זיך, איז — חוזק, אָבער אמת איז, אַז איך האָב אים צווישן אַנדערן געזאָגט, אַז די טרייקייט צום טעקסט און גענייע צאָל זילבן איז ביי אים דערגרייכט געוואָרן פאַרן פרייז פון ב ו י ג ז אַ מ ק י י ט אין דער שפּראַך און יענער פּ ש ט ו ת, וועלכע איז, ווי מיר האָבן פריער באַמערקט, די גרעסטע מעלה — ביי גניעדיטשן. דער גרויספירשט האָט אויף דער באַמערקונג זיך אַ ביסל פאַרטראַכט, זשמורנדיק די אויגן — פונקט ווי אָלעג, ווען ער האָט געבעטן יערמאָלינסקען דערלייבן אים זען „דאָס שפּיל“ פון אַ באַהאַלטענעם ווינקל און שטיל געזאָגט:

— איר זענט אָן ספק גערעכט... און ס'איז קלאָר, אַז, זייענדיק אַ שטיקל געלערנטער לינגוויסט, האָב איך זיך אַריינגעטאָן אין פּרטים, וועל־כע האָבן, זע איך, פאַרן סצענישן פּראָצעס אַ גאַנץ קנאַפּן ווערט.

ער האָט מיך אַוועקגעזעצט ביים טיש. ס'איז איינגעטראָטן אַ קורצע פּויזע, נאָך וועלכער ער האָט זיך געוואָנדן צו מיין שכן ביים טיש — נאַליווין, אַ רוסישער יונגער מענטש, זייער אַ באַנאַבטער, פון אַ קלאַס, וואָס איז ייִנגער געווען פאַר אונדזער מיט איין יאָר. נאַליווין האָט געהאַט אַ מידה, וועגן וועלכער מען האָט כסדר גערעדט מיט אַ גוטמוטיקן חוזק: ער איז געווען ק ר ע נ ק ל ע ך שעמעוודיק... אָבער אין אַזאַ מאָס, וועלכע איז אַריבער אַלע פאַרשטעלונגען און אַלע וואַרשיינלעכקייטן. אַז צו

אים פֿלעגט זיך אויסגעריכט ווענדן ווער עס איז פֿון די פֿירנדיקע פֿיגורן, צו וועלכער ער האָט געפֿילט „אָפּשיי“, פֿלעגט ער אַנטלויפֿן — אָדער אין דערבײַיאיקן צימער, אָדער פֿון די טרעפּ אַראָפּ. הינטערן טיר פֿלעגט ער בלײַבן שטיין און ווישן פֿון שטערן שטראָמען שווייס... אַז עמעצער פֿלעגט פּרווון אים זאָגן וועגן דעם אַ וואָרט, אַפּילו אויפֿן פֿרידלעכסטן אופֿן, אָן שום סימן פֿון חוזק אָדער, זאָל גאָט היטן — שׂנאה, פֿלעגט ער זיך אַזוי צעוויינען אויפֿן קול, שלוכצנדיק און זיפֿצנדיק, אַז יעדע כּוונה אים צו באַרואיקן פֿלעגט ווערן מיטן שורש אַרויסגעריסן... איך מוז שוין תּוך כּדי דיבור באַטאָנען, אַז צו אַלעמענס שטוינען איז ער מיט עטלעכע יאָר שפּעטער געוואָרן אַן אָנגעזעענער שוישפּילער און געהאַט גרויס דערפֿאָלג: דאָס האָב איך זיך דערוווּסט, שוין זײַענדיק אָפּגעריסן פֿון רוסישן טעאַטער און פֿון רוסישן לעבן בכלל...

אין פּאַוולאָווסק איז נאַליווין געזעסן בײַם טיש רעכטס פֿון מיר און געווען פֿאַרטאָן אין דער אכילה. ער איז בכלל געווען שטענדיק אַזוי פֿאַרטאָן מיט אַ וועלכן נישט איז אײַגענעם ענין, אַז אַרום זיך פֿלעגט ער קיינעם קיינמאָל נישט הערן און נישט זען... ווען בײַם ערשטן באַזוך האָט זיך אָפּגעשפּילט די מעשׂה מיט אָרלאָוס — „טשעלאָוויעק כליעבצאַ!“, און דאָס צימער איז אָנגעפֿילט געוואָרן מיט קאַסקאַדן פֿון שטורמישן געלעכטער, האָט נאַליווין אויפֿגעהויבן די אויגן, אַ קוק געטאָן אַרום זיך, געוואָרן רויט ווי אַ בוריק און געגעסן ווײַטער... אַפּילו נישט קיין שמייכל האָט זײַן פּנים באַלויכטן...

האָבנדיק פֿאַרענדיקט דעם שמועס אויף „דערהויבענע“ טעמעס, האָט קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטינאָוויטש מיט דער בעסטער כּוונה צו אַמוזירן אַ צווייטן פֿון זײַנע „ליבע געסט“, זיך געוואָנדן צום נאָענטסטן...

— נו, און איר, מײַן פֿרײַנד, האָט עפּעס מיט וואָס צו באַרײַכערן מײַן דערפֿאַרונג אין די ענינים פֿון פּראַקטישער טעאַטער־קונסט: אויב ווײַטער וועט גיין אַזוי, ווי ביז איצט, וועל איך אַוועקגיין פֿונדאַנען מיט שאַנסן אויף נאָך אַ דיפּלאָם.

און ער האָט אַרויפֿגעלייגט זײַנע בײדע הענט אויף נאַליווינס אַקסלען. ס'איז פֿאָרגעקומען עפּעס אַזוינס, וואָס אָפּשילדערן וועל איך נישט פּרוּוון, ווײַל קיין אײן לייענער וועט מיר נישט גלויבן... כ'וועל איבערגעבן נישט מער ווי טרוקענע פֿאַקטן. נאַליווין איז אויפֿגעשפּרונגען פֿון אָרט מיט אַזאַ אימפּעט, אַז דער גרויספֿירשט איז אָפּגעטראָטן אַ שריט צוריק, נישט באַגעמענדיק וואָס ס'איז אַזוינס געשען... אַרום בײַם טיש האָבן אַלע שוין

געוווסט, אַז אונדזער „רייטוואָגן" האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ „קאַטאַסטראָפע", וועלכע אויסמיידן וועט זיך שוין נישט לאָזן: ס'איז ג ע ש ע ן!! פון אַלע פאַראַגראַפן פון „קאָדעקס" איז אין איין רגע געוואָרן אַ „טייך", אַ „לוזשע". אַ טייל האָט פחדנות'דיק אָפגעווענדט די בליקן אָן אַ זייט, אַנדערע האָבן מיט דערשראָקענע בליקן געקוקט דעם „אומגליק" דירעקט אין פנים אַריין...

נאַליווין האָט, פאַרשטייט זיך, געמאַכט, ווי זיין טבע איז געווען אין אַלע פאַלן פון אומגעריכטע איבערראַשונגען — זאָל זיין די קלענסטע, זאָל זיין די אומשולדיקסטע — געמאַכט אַ באַוועגונג צו „ראַטעווען זיך" דורכן טיר, נאָר ער האָט זיך באַלד אָריענטירט, אַז ער האָט נישט וווהין צו אַנטלויפן און איז געבליבן שטיין ביים טיש מיט אַזאַ אימה אין זיינע בלויע אויגן און מיט אַזאַ שטראָם פון אַראָפפליסנדיקן שוויים איבערן גאַנצן פנים, אַז דעם גרויספירשט איז געוואָרן קלאָר מיט וועמען ער האָט צו טאָן... ער האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געוווסט, אַז כמעט פ ו נ ק ט אויפן זעלביקן אופן רעאַגירט זיין „ליבער גאַסט" אויף דער ווענדונג פון יעדן פראָפעסאָר און לערער אין די ווענט פון שול, וו פאַר צוויי יאָר האָט ער זיך צו קיינעם נישט צוגעוווינט... דער גרויספירשט האָט נעבעך געמיינט אַז צוליב זיין „אימפעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ" איז געשען אַזאַ מין רעפרימאַנד מיטן גאַסט... האָט זיך יעוואָ אימפעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ גענומען אַריינרעדן אין אונדזער אָרעמען בחור, אַז ער זאָל זיך באַרואיקן, אַז „מיר, פירשטן, זענען פונקט אַזעלכע בריאות ווי אַלע אַנדערע, וועמען ער — נאַליווין, הייסט עס, — טרעפט אין גאַס אויף יעדן טריט און שריט"..

— איר ווערט דאָך נישט בלאַס און פאַרלירט זיך נישט, ווען צו אייך ווענדעט זיך אַזאַ וויכטיקע, פון אַלעמען הויכגעאַכטע פערזאָן ווי אונדזער וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש דאַלמאַטאָוו... האָט געטענה'ט דער גרויספירשט, נישט חושד זייענדיק, אַז ער שיט זאַלץ אויף די רויע וווּנדן פון זיין „ליבן גאַסט". טאָ פאַרוואָס־זשע פאַרשאַפט איר אונדז פאַרדרוס און שרעקט זיך, אונדז דערזעענדיק, ווי מיר וואָלטן געווען עמעצער נישט פון מענטשן־מין? נו, איך בעט אייך, טוט עס מיר, קומט צו זיך, באַרואיקט זיך און זעצט זיך ווי ביי אייער אייגענעם טיש.

די אָנגעשפאַנטע, באמת „קאַטאַסטראָפאַלע" סיטואַציע האָט אין אַ געוויסער מאָס פאַרלייכטערט איגנאַטאָוו. זיין קלוגער, קלאָרער קאָפ — פון פרימיטיוון דאָרפסמענטשן — פלעגט אָפט פירן צו אויסלייטערונג.

אין סיטואַציעס, ווו די מוחות פון ראַפינירטע „אינטעליגענטן" פלעגן ווערן פאַרפּלאָנטערט אין פאַרקריפּלטע ישוב הדעתן: „גישמאַ וואָס אַזוי אַריינצו־טראַכטן, ס'איז נישט קיין פראַגע פון אַ דיאַגנאָזע איבער אַ בזיכקראַנק־הייט — נעמט די זאַך פּשוטער" — מיט אַזאַ פראַזע פלעגט ער כסדר אַרויסשלעפּן אונדזערע רעדער פון טיפע זומפּן, ווו מיר פלעגן פאַרזונקען ווערן צוליב „קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען", וואָס זענען אָפט געווען אויס־געזויגן פון פינגער...

איך דאָ האָט ער געראַטעוועט די סיטואַציע, ווייל — ווי אומגעריכט דאָס וועט נישט קלינגען — דער אופן ווי אַזוי קאָנסטאַנטין קאָנסטאַנטי־נאָוויטש האָט אויפגענומען נאַליוואַנס פאַרלאָרנקייט, האָט ביי די עמפּינד־לעכע צווישן אונדז אַרויסגערופן אַן אמתן ווייטיק און פאַרדרוס.

— דערלויבט אייך מעלדן, וואַשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וויסאָקאָשעסט־וואָ, אַז אַבסאָלוט אויפן זעלביקן אופן נעמט אונדזער חבר נאַליוואַן אויף סיי דאַלמאַטאָוון, סיי יעדן אַנדערן מענטשן, וועלכן ער האַלט העכער פון זיך: דאָס איז זיין שטענדיקער אופן צו רעאַגירן אין ענלעכע פאַלן...

דער גרויספירשט האָט מיט אַן אויסגעלייטערטן אויסדרוק אָנגעקוקט איגנאַטאָוון, נאָכדעם נאַליווינען און, אָנגעמענדיק אים פאַרן האַנט ביים אַרבל, האָט ער מיט אַ טיפער צאַרטקייט אַרויסגערעדט ווי צו אַ קראַנקן:

— נו, נו — יעדער פון אונדז האָט זיין פּעקל געגנג, וועלכע אַ צווייטער פאַרשטייט נישט און האַלט פאַר אומגעריכטע, צייטנווייז ווילדע, אָבער דאָס מאַכט נישט אויס: באַרואיקט אייך, זעצט פאַר דאָס מיטאָג עסן. ס'איז דאָך ווירקלעך גאַרנישט געשען.

אָבער דאָ איז ערשט געקומען די קולמינאַציע פון נאַליווינס פאַר־לאָרנקייט: ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין אָרט, מורמלענדיק עפּעס אַזוי ווי — „וויסאָקאָשעסטוואָ", „אימפּעראַטאָרסטוואָ", אַ כאַפּ געטאָן פון טיש אַ סערוועטקע און אָנגעהויבן ווישן פון פּנים זיינע שווייס־שטראָ־מען. איך האָב אים ליכט אַ צי געטאָן ביים אַרבל. ער האָט מיך אָנגע־קוקט מיט ווילדע אויגן, אַוועקגעלייגט די סערוועטקע אויפן טעלער מיטן געבראָטנס, אַרויסגעשלעפּט פון אונטער דער סערוועטקע אַ גאָפּל און אַריינגערוקט דעם גאָפּל אין קעשענע פון זיין מאַרינאַרקע, פון וועלכער ער האָט שנעל אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל פון ווייט־ווייט נישט פרישן צו־שטאַנד און זיך גענומען ווישן דעם שטערן...

ווייטערדיקע פּרטים מייד איך שוין אויס. ביים טיש האָבן זיך דער־הערט טענער פון איינגעהאַלטענעם געלעכטער... איך מיין נישט, אַז דאָס

איז געווען הויך... איך האָב די מינוטן אויפגענומען ווי ט ר אַ ג י ש ע... ביז היינט פיל איך, אַז פאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אָפּגעשפּילט אַן עפּיזאָד, וועלכן באַשרייבן אין זיין גאַנצער מענטשלעכער טיפקייט, אַריינדרינגענדיק אין אינהאַלט ביזן סאמע גרונט, וואָלט געווען בכוח אפשר... ג אָ ג אָ ל!

פאַרשטייט זיך, אַז די שטימונג איז געוואָרן אַ שווידעריהאַפטע. דער גרויספירשט האָט געקוקט אַרום זיך אַזוי ווי ער וואָלט געהאַלטן, אַז זיין אָנוועזנהייט איז די סיבה פון דער גאַנצער פאַרשטערונג פון דער שמחה... ער האָט אָנגעהויבן עפּעס מורמלען, אַז ער איז זיך צו לאַנג „פאַרזעסן“ — אַלץ אַרום און אַרום האָט קוים געדויערט מער ווי אַ 15—20 מינוט און ער איז די גאַנצע צייט געשטאַנען. שווער צו זאָגן וויאַזוי וואָלט זיך פאַרענדיקט דער פאַרשטערטער באַזוך פון גרויספירשט... אַזוי ווי אין יענע מינוטן האָט אויסגעזען די גאַנצע סיטואַציע האָט ער נישט געקאָנט פאַרלאָזן דאָס צימער. און דורך וועלכע כוחות די שטימונג א י ב ע ר ב ר ע כ ן — איז אויך געווען אַ האַרבע שאלה, אָבער... ווידער מיין באָבע האָדע־מיכלע: „אַ גאָט אידאָ“!

אין צימער איז אַריין פּאָלקאָווניק יערמאָלינסקי.

— מיינע הערן, איך קום מיט אַ בשורה, פאַר וועלכער איר וועט אָן אַ באָקאַל מיט שוימיקן געטראַנק פון מיר נישט אַוועקגיין.

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט פון די ערטער, וואַרטנדיק אויף עפּעס זייער וויכטיקס, און גליקלעכע, וואָס מיר זענען אויסגעלייזט געוואָרן אַזוי אומגעריכט פון דער געוועסט אָנגעלאָפענער שווערער כמאַרע.

— מיר וואַרטן, איר זאָלט ווייטער רעדן, אייער הויכוויילגעבוירן — האָט מיט אַ היפּשער דאָזע אומגעדולד אויסגערופן דער גרויספירשט.

— צו אייער דינסט, זשאַשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ! איך האָב מיט 2 מינוט צוריק באַקומען אַ ידיעה פון צאַרסקאָיע סיעלאָ. זיין מאַיעסטעט האָט אויסגעדריקט דעם ווונטש אויפצונעמען פערזענלעך די סוואָרין־שול אין איר פולן קאָמפּלעט. איך בין אויפגעפאָדערט געוואָרן אין 15 מינוט אַרום צו מעלדן געניי די טאָג־אָרדענונג, ווייל דעם קאַדעטן־קאָרפּוס אין דעם פאַל קאָנען מיר דאָך, פאַרשטייט זיך, נישט אָפּרוקן אויפן צווייטן אָרט? איך בין געקומען פרעגן ביי אייער דערהויבונג ווי אַזוי צו האַנדלען... — פאַר די יונגע אַרטיסטן אין אָנהויב פון זייער לעבנסוועג איז עס, פאַרשטייט זיך, אַ גרויס געשעעניש. אָבער מיר האָבן די אויפ־

גאַבע אָפּצוהיטן אונדזערע געסט פון סיורפּריזן, אין וועלכע געניטערע פון זיי, — אלטע צארעדוואָרצעס, ברעכן אָפּט האלדז און נאקן...

עד איז אַנטשוויגן געוואָרן, און איך האָב א טראכט געטאָן, אז זיין באַציונג צו דעם, וואָס ער האָט אָנגערופן „וויכטיק געשעעניש“, איז עפּעס נישט געגוג ערנסט, לכל הדעות — נישט זייער ע ר נ פּ אָ ר כ ט י ק, נישט אזוי ווי איך וואָלט עס מיר פאָרגעשטעלט ביז די אלע קלענערע און גרעסערע פאקטן, וועלכע איך האָב מיט אלע פּרטים זיך באַמיט אָפּצו־שילדערן, באַשרייבנדיק די צוויי וויזיטן אין פּאַוולאָווסקער שלאָס...

— ווער איז היינט צערעמאָניעמייסטער ביים אַרויספאָר פון זייַן מאיעסטעט?

— דאָס וויים איך נאָך נישט, זאָגט יערמאָלינסקי.

— ווער איז דיזשורנער ביי אונדז דאָ?

— גענעראל קאַלישעווסקי.

דער גרויספירשט האָט עס אויפגענומען ווי א גוטע בשורה.

— דאָס איז א גליקלעכער צופאַל — זאָגט ער מיט א פרייַלעכן שמייכל: דעם גענעראלס טאָכטער איז א סטודענטין אין סוואָרינס שול... איז זי נישט צווישן אונדזערע געסט?

— איך בין דאָ, וואשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ, גרייט אייך צו דינען.

— אה! דאָס זענט איר? — האָט זיך אָפּגערופן קאָנסטאנטין קאָנ־סטאַנטינאָוויטש: זייער דערפרייט זיך מיט אייך צו באַקענען... איך האָף, אז אייער פאָטער וועט אונדז אַנטקעגן קומען אָן אייער פּראָטעקציע, אָבער מיט איר זענען אונדזערע שאַנסן נאָך מער געזיכערט.

— איך האַלט פאר מיין חוב צו וואָרענען אייער דערהויבנקייט, אז אין אלע ענינים, וועלכע האָבן דעם קלענסטן שייכות צו מיין טעאטער־טע־טיקייט, איז דער פאָטער אין דער שאַרפסטער אָפּאָזיציע. איך קאָן אפילו נישט צוזאָגן וועגן עפּעס אזעלכעס צו זאָגן אים א וואָרט.

דער גרויספירשט האָט זי אָנגעקוקט מיט א טיפן מיטגעפיל.

— אך, איר, אָרעמינקע, ווי טיף עס זיצן און ווי פארשפּרייט עס זענען די מידות און באגריפן פון פארגאנגענע יאָרהונדערטער... און איך האָב אלע מאָל געהאַלטן דעם גענעראל קאַלישעווסקי פאר איינעם פון די פאָרגעשריטענע לעקטאָרן אין פּאַזשן קאָרפּוס... איך האָב אים, אלס

אועלכן, געשמיצט אין דער פראגע פון זיין קאנדידאטור אויפן פאסטן פון דירעקטאָר...

— איר האָט קיין מעות נישט געהאַט, וואשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ, מיין פאָטער איז אזא ווי איר האַלט אים... אָבער אין דער פראגע פון מיין טעאַטער־קאַריערע איז אים נישט צו דערקענען.

— נו, „ס'איז שרעקלעך דער חלום און גנעדיק איז גאָט" — זאָגט אונדזער פאלק: ניקאלאי ניקאלאיעוויטש — האָט ער זיך געוואָנדן צו יער־מאָלינסקין: איין זאך מוזן מיר באזאָרגן אָן שום אָפּווייכונג... צו דער קיסרין־אלמנה זאָלן פון די סטודענטן פּאָרוים באַשטימט ווערן צוויי, וועל־בע וועלן ענטפערן אויף אירע פראגן... יש ט ע ל ן פראגן וועמען עס איז פון דער צארישער אומגעבונג איז אויסגעשלאָסן, מיינע הערן! דאָס איז דער ערשטער און וויכטיקסטער כּלל פון קאָדעקס, און ד ע ם כּלל זאָלט איר פעסט געדענקען... אַלזאָ וועמען זאָלן מיר פאַרשאַפן דעם כּבוד — נישט ווייניקער שווערן, ווי גרויסן גיב איך צו... איך מיין, אַז איר, הער... ווי הייסט איר?

— איגנאַטאָוו, וואשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וויסאָטשעסטוואָ.

— זייער אָנגענעם. אַלזאָ — הער איגנאַטאָוו און... ווער נאָך, מיינע דאַמען און הערן? רופט אָן: וועמען האַלט איר פאר די פּאַסיקסטע קאַנ־דידאַטן?

— „סאָפּראָנאָוו!", „סטרעגקאָווסקי!", „משעכאָוו!"... ס'האָט זיך אויפגעהויבן א טומל, און וועלכן איך האָב דערהערט, צווישן אנדערע אויסרופן: „מאָרעווסקי!", „מענאַקער!"

דער גרויספירשט האָט זיך מיט אַן איבערגעטריבענעם אויסדרוק פון „קאָפּווייטיק" אָנגעכאַפּט פארן קאָפּ...

— דערלויבט מיר זיך באַקענען מיט די אָנגערופענע הערן קאַנדי־דאַטן: איינציקווייז: הער סאָפּראָנאָוו! אהא, זייער אָנגענעם, הער משע־כאָוו! א? ווי אזוי זענט איר מיט אַנטאָן פּאַוולאָוויטש? פאַרוואַנדט?

— מיין פאָטער איז זיין לייבלעכער ברודער!

— ווער איז „מאָרעווסקי"?

— אונדזער „שעקספּיראָלאָג" רופט זיך אָפּ איגנאַטאָוו, און ארום ווערט לוסטיק.

— און וועלכער איז הער מענאַקער?

דאָ האָט שוין אויסגעבראָכן א געלעכטער. דער גרויספירשט האָט אַלעמען אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— דער ענין איז ערנסטער ווי מען נעמט עס דאָ אָן. קיין שפּאַסערייען און נעמען פֿון גריכישע מיטאָסן דאַרף מען ביי די אומשטענדן נישט געברויכן.

ווידער האָט די סיטואַציע געראַטעוועט — וואַסיאַ איגנאַטאָוו.

— קיינער מיינט נישט צו מאַכן שפּאַסערייען. די לוסטיקייט נעמט זיך דאָ פֿון דעם, וואָס „מאַרעוווסקי" און „מענאַקער" איז דער זעלבער פֿאַרשוין פֿון אונדזער נישט־ווילנדיקן „טראַגיקער"...

— אָ אַזוי? — דער גרויספֿירשט האָט מיך באַטראַכט מיט מער אויפֿמערקזאַמקייט ווי ביז אַהער: נו, וועגן שעקספּירן וועט מאַריאַ פֿעאָדאָראָוונאַ קוים פֿאַרפֿירן א געשפּרעך... לאָמיר בעטן הערן סאָפּראָנאָוו צוזאַמען מיט... וויאַזוי? — אַך הערן איגנאַטאָוו צו באַוויליקן איינשטימען: אין דער ריי צווישן די סטודענטן בעתן געשפּרעך מיט איר מאַיעסטעט דער קיסרין־אַלמנה — זאָלן זיי שטיין די ערשטע. וועגן אַלע אַנדערע פּרטים פֿון דער פֿאַרשטייענדיקער אוידיענץ וועלן מיר זיך פֿאַרשטענדיקן מיטן גענעראַל קאַלישעווסקי — אָן אייער פּראָטעקציע, מאַדעמואַזעל קאַלישעווסקאַיאַ, זייט רואיק! — און לאָמיר האָפֿן, אַז אַלץ וועט זיין אָמבעסטן און אונדזער אַלעמענס טעאַטער־יום־טוב וועט אַראָפּגיין מיטן פֿאַרדינטן דערפֿאָלג... ני פּוכא, ני פּיעראַ, מיינע פֿריינד! זאָל גאָט אייך זיין צו הילף.

ער האָט שנעל פֿאַרלאָזט דאָס צימער.

— נו, זענען מיר גוט אין זעקל אַריין, וואַסקאַ! איז אַרויס סאָפּראָנאָוו פֿון דער שטילקייט, וואָס האָט זיך אין צימער איינגעשטעלט נאָך דער טומלדיקער, מיט גרויסע אויפֿרעגונגען אָנגעפּילטער, האַלבער שעה — דער טייוול ווייס ווי אַזוי מיר וועלן זיך אריבערקריגן אַזאַ מין „באַריקאַדע": געהערט אַן אויפֿגאַבע? יענע איז טויב און שטאַמלט און ענטפֿערן איר באַוויליק פּונקט אין פֿינטל אַריין, אַז נישט איז צום קאָדעקס א סוף און מיר וועלן אַלע האָבן א שוואַרצן סוף... נו, ווי געפֿעלט עס אייך? האַ, איך בעט אייך!

— כאַפּ נישט די פֿיש פֿאַר דער נעץ, וואַסילי יאַקאָוולעוויטש, — האָט זיך אָפּגערופֿן וואַסיאַ איגנאַטאָוו מיט זיין איינגעבאַרענער רואיקייט: זאָרג נישט און זיפֿץ נישט פֿאַר דער צייט, זאַמל דיינע כוחות צו דעם פֿאַרשטייענדיקן „טאַנץ איבער שפּיזן", וואָס אונדז דערוואַרט... און געדענק איין זאַך: צוויי וואַסיאַס מיט איין מאַריע וועלן זיך שטענדיק אַן עצה

געבן. א קלאָג וואָלט געווען צו אונדזערע אלעמענס יאָרן, ווען איך זאָל אין דעם אָנהויבן צווייפלען... מיר וועלן ארוים בשלום פון דער סכנה, און מיר וועלן נאָך קריגן צוויי אויסצייכענונגען און צו דרייהונדערט רובל פּערע־בראָם — געדענק מייז וואָרט! אָבער די ביידע וואסיעס איז די גדולה נישט באַשערט געווען: ס'איז אריין פּאָלקאָווניק יערמאָלינסקי, מיט אים אַ צווייטער פּאָלקאָווניק און דער לעצטער האָט פייערלעך געמאָלדן:

— די קאַדעטן, וועלכע נעמען אָנטייל אין ספּעקטאַקל, וועלן האָבן דעם כבוד פאָרגעשטעלט צו ווערן יעוואָ איםפּעראַטאָרסקאָמו וויעלי־קישעסטוו אין ערשטן אַנטראַקט. און די טעאַטער־שול אויפן נאָמען פון אַלעקסעי סיערגעיעוויטש סוואָרין — נאָך פון „יאַביעדא".

ער האָט זיך מיליטעריש אויסגעצויגן, געמאַכט די פאָרגעשריבענע באַגריסונגס־באַוועגונג און איז ארוים פון צימער. יערמאָלינסקי — נאָך אים.

וועגן דער קיסרין־אלמנה נישט אַ וואָרט— ס'איז, הייסט עס, אָפּגע־פאַלן: זי קומט נישט.

מיר זענען פאַרבליבן אַליין, אין דער אייגענער סביבה און — דאָ רעד איך וועגן זיך, פאַרשטייט זיך — אין האַלדז איז געשטאַנען אזוי ווי א נישט אראָפּגעשלונגענער ביסן... איך האָב דעמלט נישט געוווסט, איך ווייס עד היום נישט: וואָס האָט אזוי מיך גע־דריקט, ליגנדיק ווי אַ שטיין אויף מיין געמיט?

אָבער איך האָב באַלד א טראַכט געטאָן, אז אלע מאָטיוון מוזן אָפּ־טרעטן, און קיין שום זאך קאָן נישט און טאָר נישט באַלעמ־טיקן מיינע געדאַנקען און געפילן: איך דאַרף באַלד באַטרעטן די בינע־ברעטער, און אַלץ, אַלץ מוז אָפּטרעטן.

מיר האָבן דאָ פאר זיך א „קינד" אויף די בינע־ברעטער, אן „עופ'ע־לע". נאָך יענעם אָוונט זענען פאַרלאָפן פינף יאָר צענדלי־קער טעאַטער־אַרבעט... אין פאַרשידענע אומשטענדן, אויף פאַרשידע־נע לשונות, אונטער פאַרשידענע מערידיאַנען פון געאָגראַפישעברייטן און לענגן, אָבער די באַציונג צום אימפּולס: „בינע־ברעטער" האָט זיך נישט געענדערט — נישט אויף איין האָר, נישט אויף איין פאָדעם אין מיין געהירנגעוועב.

אָבער איך מוז אויפריכטיק זיין: הגם געשפּילט האָב איך יענעם אָוונט מיט דער מיר צוגעהעריקער ערנסטקייט און פאַרטיפונג אין מיין

סצענישער אויפגאַבע, אָבער פאַרבליבן אין מיינע נערוון איז נישט דער בינע־פיבער — נײַן!

פאַרבליבן איז די „אוידיענץ“, די עטלעכע מינוטן — אפשר 10, אפשר 15, ווען איך בין געשטאַנען און געשמועסט מיט ניקאָלאַי דעם 2־טן...

ארויסגעקומען איז אויך דער עפּיזאָד — מיט פּרטים, וועלכע לאָזן זיך נישט אַריבערהיפּן...

# XVI. צאַר באַטיושקאַ

אַז מיר זענען נאָך „יאַביעדאַ“ געקומען צו זיך אין גאַרדעראָב, בין איך, ווי מיין שטייגער איז פון די ערשטע שריט אויף די ברעטער — און איך האָב שוין געהאַט אַ „סטאַזש“ פון כמעט 3 יאָר — בין איך געבליבן זיצן פאַרטיפט אין זיך, איבערלעבנדיק דאָס, וואָס איך האָב געשפילט און נישט זייענדיק בכוח צו „קומען צו זיך“ אין משך פון קורצע מינוטן (דאָס איז ביי מיר פאַרבליבן עד היום הזה: נאָכן אָפּשפּילן אַ ראָלע מוז איך אַ לענגערע ווייַלע בלייבן זיצן אין גרים און קאָסטיום איידער איך בין מסוגל אַרויס צו באַקומען זיך פון „יענער פעל“).

בין איך געזעסן אין דער געשטאַלט פון אָקאָרשט אָפּגעשפּילטן „קאָבטין“ און כאַפּ זיך: אין גאַרדעראָבע איז ק יי נ ע ר נ י ש ט אָ! און דערמאָן זיך, אַז נאָך דעם אַקט דאַרף אונדזער שול ווערן פאַרגעשטעלט... שוין אַ מינוט 5 ווי אַלע זענען דאָרטן... האָב איך, הייסט עס פאַרשפּעטיקט!

נישט לאַנג טראַכטנדיק, בין איך איילנדיק אַרויס אין קאָרידאָר... כ'האָב אויבן שוין באַמערקט, אַז דער קאָרידאָר איז געווען זייער קאַרג באַלויכטן. און איבער דעם טונקעלן קאָרידאָר האָב איך אויף די שפּיץ-פינגער, ווי אַ פאַרשווערער אין אַ פראַנצויזישע מעלאָדראַמע, געשלייכט זיך איבערן שטח, וואָס איז געלעגן צווישן אונדזער גאַרדעראָבע און דעם צימער, וואָס האָט געפירט צום אוואַנזאַל, ווי גנבענענדיק ביי זיך אַליין אַ שריט נאָך אַ שריט. מיך האָט באַגאָסן אַ קאַלטער שווייס. מיין באַוווסטזיין האָט געעגבערט דעם געדאַנק, אַז צו מיין ציל וועל איך נישט דערגיין: עמיצער פון דער לייבוואַך מוז אַזאַ מיר פיגור, וואָס שלייכט זיך אויף דעם אופן, אָנכאַפּן פאַרן קאָלנער: „וואַהין טראָגט דיך, ברידערל?“

אָבער איך בין דערגאַנגען ביז דער גלעזערנער טיר, וועלכע טיילט

אָפּ דעם פינצטערן קאָרידאָר פון העל באַלויכטענעם צימער און אין דער מינוט, ווען איך האָב געהאַלטן אין עפענען די טיר און איינגעבויגן, מיטן קאָפּ שיער נישט ביים בויך, האָב איך זיך אַוועקגעשטעלט דער לעצטער אין דער ריי פון אונדזערע סטודענטן — אין דער זעלביקער מינוט איז אַנטקעגן מיין טיר אַריינגעפלויגן דער צערעמאָניעמייסטער (אָדער אַן אַנדערער פון דעם מין?) און, עפענענדיק די טיר, וועלכע פירט צום אוואַנזאַל, האָט ער זיך אויסגעצויגן „וואָפּראָנט“ און דורכגעלאָזן פאַרביי זיך — ניקאָלאַיען... אַלע אַרום זענען, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרטאָן מיטן מאָמענט פון זיין אַריינקומען, און קיינער האָט נישט באַמערקט ווי אַזוי — געהיימניספול און מעלאָדראַמאַטיש — איך בין אַריינגעדרונגען פון פינצטערן קאָרידאָר... איך געדענק נישט אַלע פרטים פאַר די 10—15 מינוט... דאָס זענען פון יענע מאָמענטן אין מיינע באַשרייבונגען פון די יאָרן און געשעענישן, ווען פון בעלעטריסטיק טאָר נישט זיין קיין מינדסטער שפור: די שורות מוזן דאָ פאַרבייטן אַ פאָטאָגראַפישן אַפּאַראַט. וויל איך — און וועל איך — נישט דערלויבן זיך צו „דיכטן“ — נישט איין רגע...

וואָס געדענק איך גאַנץ גענוי? איך געדענק ווי אַרבאַטאָוו הערציילט עפּעס... דער קיסר שטעלט אים פראַגן. אַרבאַטאָוו ענטפערט, מיר הויבט אָן עגבערן אַ מחשבה, אַז אַרבאַטאָוון גייט אין פאַרציען דאָס געשפּרעך מעגלעך לענגער. „עס שמעקט מיט אויסזיכטן פון מאַכן אַ קאַריערע“, ס'איז עפּעס, — פון „אַדוואָקאַט“, ס'איז אַרוים פון די גדרים פון עניוות, עס איז, דוכט זיך מיר, שוין קעגן די פּאַראַגראַפן פון „קאָדעקס“... די דאָזיקע רעיונות — זייער מעגלעך — האָב איך דעמלט נישט געהאַט. אָבער מיט אַמאָל דערהער איך: דער צערעמאָניעמייסטער זאָגט צו אַרבאַטאָוון, שטייענדיק הינטער אים — „באַוויליקט נישט צו שטעלן זיין מאַיעסטעט קיין פראַגעס“.

און איך געדענק, אַז אַרבאַטאָוו איז געוואָרן בלייך ווי אַ נייער לייוונט. משמעות, אַז זיינע אויסזיכטן אויף אַן אַנגאַזשעמענט אין „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער האָבן זיך אין דער מינוט געענדיקט, הגם די פאָרשטעלונג איז דעם קיסר געפעלן געוואָרן ביז גאָר...

ער האָט דערלאַנגט אַרבאַטאָוון די האַנט: „אַדאַנק אייך פאַר אייער אַרבעט אויפן שווערן, פאַראַנטוואָרטלעכן געביט פון רוסישער דראַמאַטישער קונסט“. איך ווייס נאָך, אַז ער האָט געפרעגט ביי טשעכאָוון צי שפּילט ער אין קייזערלעכן טעאַטער און, באַקומענדיק אַ פאַרניינענדיקן

ענטפער, האָט ער מיט שטוינונג אַ פרעג געטאָן: „פאַרוואָס?“... דער עפּיזאָד האָט שפּעטער געדינט ווי אַ יסוד פאַר אַ סך לייט אין פאַרשידענע קרייזן צו מאַכן חוזק איבער זיין „נאַאיוויטעט“. מיך דאַקעגן האָט גערירט — די אוממיטלבאַרקייט, מיט וועלכער ער האָט רעאַגירט אויף זיינע איינדרוקן פון דער בינע... ניקאָליי דער ערשטער, אָדער ווילהעלם דער צווייטער וואָלט אין אַן ענלעכן פאַל זיך אויפן אָרט געוואָנדן צום נאָענטסטן אין דער סוויטע מיט אַ באַפעל, אַז „מאָרגן זאָל דער אַרטיסט זיין אין טעאַטער“...

דעם עפּיזאָד מיט טשעכאָוו ווייס איך פון אַנדערע. געשען איז עס, דוכט זיך, נאָכן 2־טן ספּעקטאַקל, אין וועלכן איך בין נישט געווען באַטייליקט...

דאָס מאָל, געדענק איך, האָט ער, זיך אָפּקערנדיק פון אַרבאַטאָוו, דערלאַנגט מיט אַ ברייטן שמייכל די האַנט — טשעכאָוו, און באַלד נאָך דעם — סאָפּראָנאָוו. קיין געשפּרעך געדענק איך נישט.

לייענער! דאָ מוז איך זיך מעלדן מיט מיין אומפאַרמיידלעכן „רעפּרען“: איך שרייב נישט קיין געשיכטע פון יענע טעג און מקומות. איך שרייב נישט מער ווי דאָס לעבן, די אַנטוויקלונג פון אונדזער ווילנער יונגמאַן, וועלכן זיינע פלאַמען און פאַנטאַזיעס האָבן פאַרטראָגן צו אַלדי „גוטע יאָרן“ און וועלכער שטייט און הערט וואָס ניקאָליי ווטאָראָי שמועסט דאָ מיט זיין לערער און חברים... די איינדרוקן פון אַ חודש צוריק, וועלכע זענען געוואָרן אָנגעזאַמלט ביים דעמלטיקן „וולאַדימיר דעם הייליקנס שומר“, זענען איצט פאַרשוונדן אָן אַ רעשט: זיי זענען אָפּגעווישט פון אַ גאַנץ אַנדערן קאָמפּלעקס איינדרוקן פאַר די עטלעכע מינוט... קוקנדיק אויפן „סאַמאָדיערזשעץ“ שוין פון דער בינע, האָט זיך מיר געדוכט, אַז אין דעם נפש איז נישטאָ קיין סימן פון בייזוויליקער שייכות צו די פאַרברעכנס, וואָס ווערן אָפּגעטאָן מיט זיין נאָמען אויף די ליפּן און מיט זיין פּאָרטרעט אין די הענט... דעמלט האָב איך דערזען, ווי שוין דערציילט, אַ נעבעכדיק אינטעליגענטל... היינט דאָ בין איך פון זיינע ערשטע ווערטער אַרונטערגעפאַלן אונטער אַ צויבער פון אַזעלכע טענער, וועגן וועלכע איך האָב היינט נישט, ווי כ'האָב דעמלט נישט געהאַט, קיין מינדסטן גרונט צו זאָגן — פון וואַנען זיי נעמען זיך און וועגן וואָס זיי זאָגן עדות... ווען מיר רעדן נישט וועגן דעם מענטשן, וואָס האָט פּערזאָניפיצירט דעם פאַרהאַסטן און פאַרשאָלטענעם רעזשים, וואָלטן מיר אויפן סמך פון זיין פּערזענלעכן „שאַרם“ גערעדט וועגן אַ „שאַרמאַנטער“ פּער-

זעגלעבקייט, אָבער דער לעצטער צאַר איז נישט געווען קיין „פּערזענלעכ־קייט בכלל.

— נו, און איר — דערהער איך: איר שפּילט ביי אונדז צום ערשטן מאָל.

ער שטייט נעבן מיר... צו וועמען רעדט יער?

איגנאַטאָוו האָט מיך אומבאַמערקט אַ צי געטאָן ביים אַרבל... כ'האָב זיך ווי אויפגעכאַפּט: צו מיר האָט ער די פראַגע געוואָנדן: „צום ערשטן מאָל?“.

איך שפּיל דאָך, אָבער, צום צווייטן מאָל און ענטפער אויף אַ פּאָזי־טיוו־געשטעלטער פראַגע נעגאַטיוו — טאָר מען נישט לויטן הויף־קאָדעקס!

דער דאָזיקער פון ערשטן בליק אומפאַרשטענדלעכער פּונקט איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אין ראָמאַנאָווס הויפקאָדעקס נאָך אַ פאַל מיט אַלעקסאַנדער דעם 3־טן. בעת אַ באַזוך צו אים פון באַרימטן כירורג זאַכאַרין האָט אַלעקסאַנדער אַ פרעג געטאָן: „פּראָפעסאָר, זאָגט מיר, איך בעט אייך: די מיליטעריש־מעדיצינישע אַקאַדעמיע געפינט זיך דאָך אין מאָסקווע?“

דער גאַסט האָט זיך דערפילט געטראָפן פון דעם, וואָס דער קיסר ווייסט נישט אַזאַ מין איינפאַכע — לויטן פּראָפעסאָרס באַגריפן — זאַך און מיט אַ טאָן פון פאַרדרוס און מיט ביטול צו יענעמס עם הארצות האָט ער אויסגערופן: „ניין וואָס רעדט איר, וואַשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וועליטשעסטוואָ, — אין פּעטערבורג!“... אַלעקסאַנדער, באַקומענדיק אַזאַ לעקציע אין קעגנוואַרט פון דער גאַנצער סוויטע, האָט זיך אָנגעגאָסן מיט פאַרבן פון חרפּה איבערן גאַנצן פּנים; די אוידיענץ האָט זיך אומגעריכט איבערגעריסן, און אין הויפקאָדעקס איז אַריינגעטראָגן געוואָרן אַ כלל: אויף אַ פראַגע, וועלכע איז געבויט פּאָזיטיוו, טאָר נישט געגעבן ווערן קיין נעגאַטיווער ענטפער.

„איר שפּילט ביי אונדז צום ערשטן מאָל?“ לויטן קאָדעקס דאַרף איך ענטפערן פּאָזיטיוו. אָבער דאָס וואָלט הייסן: ערשטנס פאַרשווייגן מיין ערשטן אויפטריט, צווייטנס — ענטפערן מיט אַ ליגן. פאַרוואָס, אָבער, זאָל איך גראָד אים זאָגן ליגן, אַז איך זאָג נישט קיין ליגן אין קיין שום אַנדערן פאַל אין לעבן?... ווי זשע קריכט מען אַרויס פון אַזאַ מין לאַגע?

— טאַק טאָטשנאָ, וואַשע אימפּעראַטאָרסקאָיע וועליטשעסטוואָ, — זאָג איך: אין די צוויי פּיעסן צום ערשטן מאָל.

ער האָט זיך צעשמייכלט...

— און אין אַנדערע פּיעסן?

— געשפּילט מיט אַ חודש צוריק.

— אין וועלכער פּיעסע?

— „וולאַדימיר סוויאַטאַי“! וואַשע ווייעלימשעסטוואָ!

— וועלכע ראָלע האָט איר געשפּילט?

— אַ קריגסמאַן ביים טראָן.

— אַהאַ! איך געדענק גאַנץ גוט... וועלכן? עס זענען דאָך געווען צוויי!

— דעם רעכטן, וואַשע וויעלימשעסטוואָ... אייגנטלעך — ניין דעם לינקן!

ער האָט זיך שטיל צעלאַכט.

— נו, פון זיך געמט, פון זיך...

— פון זיך? דעם לינקן.

— זייער ליב! און ווו איז דער רעכטער?

דעם רעכטן האָט געשפּילט גאַליווין... איך האָב אַ טראַכט געטאָן, אַז ער וועט נישט אויסהאַלטן און פאַלן חלשות... כ׳האָב נישט באַוויזן זיך אומצוקוקן, אים אַ זוך טאָן, הער איך:

— נו, אַ גרויסן דאַנק אייך, מיינע הערן, פאַר אייער קונסט, איר האָט אונדז פאַרשאַפט שעה׳ן פון גרויסן געגוס... איך דאַנק אייך אויפריכטיק און ער האָט מיר דערלאַנגט די האַנט...

*

*　　　*

אין זאַל נאָכן ספּעקטאַקל האָט מען לאַנג און לוסטיק פאַרבראַכט — געטאַנצט און זיך אַמוזירט... מיך האָט איבערראַשט ווי גענעראַל קאָליִשעוסקי האָט זיך אַלס דיזשורנער „צערעמאָניע־מייסטער“, יענע נאַכט פאַרהאַלטן קעגן אונדז... איך בין אַ פּאָר מאָל געווען איינגעלאַדן צו זיי אַהיים. איין מאָל נאָך אַ ספּעקטאַקל אין שול האָט מיר די טאָכטער איבערגעגעבן, אַז איר פאָטער האָט זי געהייסן מיך איינלאַדן „צו זיי“. איך בין ביי זיי געווען און אַוועק מיטן איינדרוק, אַז דער גענעראַל האָט געוואָלט אַ קוק טאָן פון דער נאָענט אויף אַ „מאָנסטער“... געהאַלטן האָט ער זיך נישט נאָר „אָפיציעל“ — פשוט נישט פריינדלעך, כמו ער וואָלט זאָגן: „געראַטן וואָלט איך אייך על פּי יושר פאַרשפּאַרן אונטער אַ שלאָס, ווײַבער



מעדאַליאָנען צום אָנדענק די באַלעבאַטים פון פּאַוולאָווסקער שלאָס:
פּעטער פּרימוס = PP; פּאַוועל I = I П; אַלעקסאַנדער I = IA;
קאָנסטאַנטין יעליזאַוועטאַ = KE.

זאָל דאָס מאָל מיינס איבערגיין". מיטאַמאָל, אין שלאָס ביים גרויספירשט דערקען איך אים נישט: ציט זיך פאַר מיר אויס „נאַ וויטיאַשקו", שמייכלט מיט דער כוונה צופרידן צו שטעלן דעם „בכבודיקן גאַסט". וואָס פאַר אַ מעטאַמאָרפאָזע? לאָזט זיך אויס — גאַנץ איינפאַך: ד ע ר ה ו י ף ־ ק אָ ד ע ק ס! דער דיזשורירנדיקער צערעמאָניע־מייסטער איז פאַרן גאַסט נישט מער און נישט ווייניקער ווי... אַ משרת... צי זאָל מען אים נישט דערלאַנגען אַ פּאַלטינגיק „נאַ טשיי"? איך האָב געפּרוווט פאַרפירן מיט מיין „אַלטן באַקאַנטן" אַ שמועס, לאָזט זיך אויס — נישט פון אַרט: מעשה־„משרת" טאָר ער מיט די געסט נישט פירן קיינע גע־שפּרעכן: דער קאָדעקס!

אין דריי טעג אַרום גיי איך איבער „גאָראָכאָוואַיאַ" (הייגט — דזשערזשינסקי־גאַס). מיטאַמאָל אַ קאַוואַלקאַדע רייטער, עטלעכע לייכטע קאַרעטקעס, אין אַן אָפענער קאַרעטקע — אַ באַקאַנטער אָפיציר... איך באַגריס אים, מעכאַניש ציענדיק מיין הוט, ער ענטפערט, איך כאַפּ זיך — ע ר! אפילו נישט דערקענט פון ערשטן בליק, אַז דאָס איז ער. לאָזט זיך אויס, אַז נאָכן געלונגענעם נישט פאַרשטערטן ארויספאָר קיין פּאַוו־לאָווסקי, האָט ער זיך אָנגעהויבן באַוויזן אין פּעטערבורג, און אויף גאָראָ־כאָוואַיאַ איז עס געווען דער ערשטער אַרויספאָר...

# XVII. שטים פון געשמיסענע אבות

קורץ נאָך יענע טעג בין איך מיט וואַסיאַ איגנאַטאָוון געזעסן אויף אַ באַנק נעבן „קופּערנעם רייטער“, וועלכער איז געווען איין מינוט גאַנג פון אונדזער שול, און צווישן אונדז האָט זיך אַנטוויקלט איינער פון יענע שמועסן, וואָס האָבן אונדז געמאַכט פאַר אינטימע פריינד... די פריינדשאַפט האָט זיך אָנגעהויבן דעם ערשטן חודש (כ'האָב עס שוין דערציילט) און איז געוואַקסן און האָט זיך געטיפט צווישן אונדז נאָך יעדן געשפּרעך, נאָך יעדן צוזאַמענטרעף. קיין איין צווייטער פון די שול־חברים האָט נישט געקאָנט אַזוי ווי ער, נאָך יעדער נייער ראָלע קומען מיט אַ טיפער אויפקלערונג, דערציילנדיק גענוי זיין איינדרוק, מאַכנדיק באַמערקונגען, וועלכע פלעגן מיך אָפט פשוט דערשיטערן מיט זייער טרעפלעכקייט, טיפקייט, אויפדעקנדיק אַזעלכע באַהאַלטענע ווינקלען פון האַרצן, פון פאַרהילטן גייסט, אַז איך פלעג אָדער בלייבן זיצן ווי געליימט, אָדער זיך אַ וואָרף טאָן אים קושן...

— לאָז אָפּ דיינע קעלבערנע התפעלות פאַר מיין כלומרשטער „געניאַליטעט“ — פלעגט אין די פאַלן ברייטברוסטיק לאַכנדיק שרייען אויף מיר מיין וואַסיאַ: ביסט ביי דיין אומבאַצווייפלטער טאַלענטירטקייט אַ היסטעריקער... מוזט למען השם טרינקען דריי עסלעפל בראָם אַ טאָג.

זיצנדיק מיט מיר אויף דער פאָרשטעלונג „אוריאל אַקאָסטאַ“, האָט וואַסיאַ מיך אַרומגערינגלט אַרומגענומען, צוגעדריקט צום האַרצן און זאָגט:

— דו ווייסט, אַבראַמוליאַ, וואָס איך וויל דיר זאָגן? קאַרל גוצקאָוו האָט פאַר יידן אויפגעטאָן דאָס, וואָס פאַר דער גאַנצער מענטשהייט האָט אויפגעטאָן שעקספּיר... איך האָב היינט פאַרשטאַנען, אַז דיין היסטערישקייט איז גאָר נישט פון דער נערוון־סיסטעם, נאָר פון טויזנט סיבות, וואָס אונדז זענען זיי פרעמד, און דו אָטעמסט מיט זייער אייטער טעג און נעכט... מיין טולער, דאָרפישער גוף און נשמה וואָלטן עס אפשר גאָר נישט אויס־

געהאַלטן... איך וואָלט משוגע געוואָרן, כ'וואָלט זיך געוואָרפן בייסן, און דו ביסט נישט מער ווי אַ נערוועזער סוביעקט.

און מיט וואַסיען, זיצנדיק אַ פּאָר טעג נאָך דער אוידיענץ אין פּאַוולאָווסק, האָבן מיר זיך ברייט צעשמועסט וועגן דעם אַלעם, וואָס דעם לייענער איז מיט אַלע פּרטים דערציילט געוואָרן אין אונדזערע צעוואַקסענע לעצטע קאַפּיטלען...

אָנגעהויבן האָט זיך אונדזער שמועס פֿון עפּיזאָד מיט מישאַ טשעכאָוון. מיר האָבן אַלע געמיינט, אַז אין קורצע טעג אַרום וועט ער קריגן אַן אַנגאַזשעמענט אין „אַלעקסאַנדרינסקי" טעאַטער. איגנאַטאָוו מיט זיין קלאָרן מוח האָט די גאַנצע סיטואַציע אַרויסגעלייענט ווי פֿון אַן אָפֿענעם בוך...

— קיין שום אַנגאַזשעמענטן אין אימפּעראַטאָרישן טעאַטער וועלן פֿון אונדזערע פֿאָרשטעלונגען אין פּאַוולאָווסק נישט אַרויסקומען. דאָס וואָלט געקאָנט פּאַסירן אַלס אַ פּועל יוצא פֿון אַרבאַטאָווס אַנגאַזשעמענט, אָבער אונדזער קאָלינקאַ האָט אַריבערגעכאַפּט די מאָס, שמועסנדיק מיט יענעם „ניקאָלאַשאַ". און וויבאַלד עס האָט זיך שוין געמוזט אַריינמישן דער צערעמאָניעמייסטער און אָנווייזן אים זיין אָרט, איז — „שרייב: „פֿאַרלאָרן". און אַז אים וועלן קיין אַנגאַזשעמענטן פֿון ס ו וו אָ ר י נ ס שול נישט צולאָזן די אָנפֿירער פֿון דער אימפּעראַטאָרישער שול אויס פּשוטער אייפֿערזוכט צו אונדזער דערפֿאָלג, וועלכער האָט זיי געלאָזט שטעקן אין וויטן הינטערגרונט... מישקע אין פּראַנצויזישן וואָדעוויל (ער האָט געמיינט די אָפּערע אין איין אַקט: „די דינסט — אַ באַלעבאָסטע" פֿון איטאַליענישן הויפֿמוזיקער פּערגאָלעזע) האָט שוין זיי אַלעמען פֿאַרשטעקט אין טיפֿן אַרבל... און אין דריטן אָוונט האָבן מיר דאָך אַרויסגערופֿן אַן אמתן שטורעם אין זאַל: די גענערעלער, מיניסטאָרן און צאַרעדוואָרצעס האָבן דאָך געפּאַטשט אַזוי ווי סטודענטן פֿון גאַליאָרקע. דאָס אַלץ, ברודערקע, וועלן אונדז די פּראָפֿעסאָרן פֿון דער אימפּעראַטאָרישער שול נישט פֿאַרגעסן און נישט פֿאַרגעבן און וועגן אַנגאַזשעמענטן צו זייער היזק — די צאָל וואַקאַנסיעס איז דאָך באַגרענעצט! — פֿאַרשפּאָרן מיר צו טראַכטן. פֿאַרשטאַנען, אוורום בעניאַמינאָוויטש? דיין פֿלאַמפּייערדיקער מאָנאָלאָג וועגן פּראַוואָסלאַוויע וועט דיר נישט העלפֿן, וועסט מוזן זוכן ברויט און לאָרבערס אַנדערשוווּ!

— אַז נישט, האָב איך געטראַכט וועגן אימפּעראַטאָרישן טעאַטער? ביסט משוגע, חסר דעה?

— נו, בראַטאָק, צי מיך נישט פאַרן צונג: דאָ וואָלט איך מוזן דיר דערציילן מעשיות, וועלכע איך ווייס, אָבער וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט שטרענג פאַרבאָטן וועגן דעם צו דברן און דריי פון אונדזערע לייט, דיינע פערזענלעכע ידידים, איך בתוכם, האָבן אים געגעבן אונדזער ע ר נ וו אָ ר ט, אַז — „מאָלטשאָק": מיר וועלן שווייגן ווי מתים.

— אָבער וועגן וואָס האַנדלט זיך קאָנסטו מיר דאָך זאָגן.

— וועגן פ ר אַ וו אָ ס לאַ וו י ע האַנדלט זיך האָט ער אויסגערופן און האָט זיך צעלאַכט אויף זיין שטייגער, ווייזנדיק זיינע פרעכטיקע ציינער.

איך האָב אַ וואָרט נישט פאַרשטאַנען און שטעלן ווייטערדיקע קשיות נישט געוואָלט.

— דו זאָג מיר בעסער, זשידאָווסקאַיאַ טוואָיאַ מאָרדאַ, וואָס האָסטו אַרויסגעטראָגן פון געשפּרעך מיט אונדזער צאַר־באַטיושקאַ און צי האָסטו זיך נישט דערוואָרגן מיט אָט־דעם אומגעריכטן ביסן? ער האָט דאָך דיין אומריינע יודעישע האַנט געדריקט אין זיין הייליקן אומוויסן מיט וועמען ער האָט צו טאָן.

— דאָס איז אַלץ נישט אַזוי פשוט ווי דו מיינסט, וואַסיוק, און פאַר די עטלעכע טעג, וואָס זענען אַוועק נאָכן גאַנצן געשעעניש, פיל איך עפּעס אַ מאָדנעם מין „קאַצניאַמער". איך קאָן זיך אליין קיין חשבון נישט אָפּגעבן, אָבער עפּעס שטייט מיר אין גאָרגל ווי אַ שלעכטער ביסן. בעת מעשה אין שלאָס האָב איך עס אויפגענומען ווי אַ גרויס, פריידיק געשעעניש... איצטער האָב איך אַ מין געפיל ווי נאָך צו פיל... זיסקייטן. אַ ביסל איבלט, אַ ביסל דרייט זיך דער קאָפּ...

— דו געהערסט דאָך נישט צו קיין שום רעוואָלוציאָנערער אָרגאַניזאַציע? זאָגט איגנאַטאָוו שטיל, קוקנדיק אָנאַזייט.

— דירעקט נישט — זאָג איך, איך בין אפילו נישט מסכים מיט דער פאַרשפּרייטער מיינונג, אַז ניקאָלאַי איז דירעקט שולדיק אין די אַלע פאַרברעכנס וואָס ווערן באַגאַנגען מיט זיין נאָמען אויף די ליפּן...

— טאָ וואָס דריקט דיך, אויב אַזוי?

ער האָט זיך אויסגעדרייט צו מיר און אַריינגעקוקט אין מיינע אויגן אַריין.

— וואָס זשע פאַר אַ „ביסן" קוועטשט דיין גאָרגל?

— געוויי און דיימלעך זאָגן קאָן איך עס נישט! מיר טוט פאַרטאָפּלט ווי מיין „פּראַוואָזשיטעלסטוואָ". פריער איז עס געווען אַ באַליידיקונג פון

עמיצן פאַר אַלע יידן, מיר בתוכם... איצט פיל איך עס אַזוי, ווי ער וואָלט, מיט איין האַנט געדריקט מיין האַנט און מיט דער צווייטער — דערלאַנגט מיר אַ פּאַטש אין פּנים... אָבער נאָך נישט דאָס איז דער עיקר פון מיין גייעם ווייטיק!

די ווערטער זענען מיר געבליבן אויף די ליפּן, נישט אַרויסגערעדטע... נאָך אַ קורצער פּויזע הער איך — ער פרעגט:

— נו?

— מיינע לערער... אַלע אָן אויסנאַם זענען געווען סאָציאַל-דעמאָקראַטן... צוויי פון זיי מיט תפיסה-סטאַזשן, איינער — אַ צוועלפיאָריקן. מיך האָט מען אָנגעהויבן אַריינפירן אין דער וועלט פון מאַרקסיסטישע אידעען אין עלטער פון 16—17 יאָר... אמת, אַז נאָך עטלעכע לעקציעס — מיר האָבן שטודירט דעם קאָמוניסטישן מאַניפעסט און ביסלעכווייז געלייענט דעם „קאַפּיטאַל“ — האָב איך געמוזט אויסהערן, אַז מיין מוח נעמט, משמעות, אויף נישט מער ווי מאָנגאָלאָגן און ס׳איז אומבאַגרייפלעך ווי אַזוי, שרייבנדיק אַרטיקלען וועגן „האַמלעט“, שטעל איך זיך אַרויס אַזוי אומפעיק צו באַנעמען די בלעטער פון סאָציאַלע ווויסנשאַפטן... איך בין אידעאָלאָגיש פון זיי נישט געוואָרן באַאיינפלוסט, אָבער מיין מענטשלעך געוויסן איז אויף שטענדיק געבליבן אונטערן רושם פון זייערע נסיונות און פיינען פאַר דער זאַך פון פרייהייט און סאָציאַלן יושר. די מינוטן פון פאַרליבטקייט אין ניקאָלאַיען דריקן מיך אַזוי ווי ווען איך וואָלט זיך באַטייליקט אין אַ שטראָף-עקזעקוציע קעגן מיינע לערער. איך ווייס גאַנץ באַשטימט, אַז דאָס געפיל וועט אויף מיין געוויסן בלייבן אַ שווערע לאַסט ביז מיין לעצטער שעה. איך האָב נאָך נישט פאַרענדיקט ווי איגנאַטאָוו האָט מיר איבערגעריסן:

— איך בין אַ פּאַרטיי-מענטש, אַבראַשקע! קיין נײַגעריקע פּרטים פרעג נישט, כ׳וועל דיר סייווי נישט ענטפערן. מיין פאָטער האָט אין עלטער פון 15 יאָר, — אַ יאָר פאַר דער באַפרייונג פון פּויערים, — געקראָגן 75 ריטער דערפאַר, וואָס ער האָט אַ קוש געטאָן דעם באַריגנס טאָכטער, וועלכע האָט מיט אים געקליבן אין וואַלד פּאָזיאָמקעס. זיין טאַטן, מיין זיידן, פלעגט מען שמייסן אַלע „מאָנטיק און דאָנערשטיק“ — פאַר כסדר׳דיקער אומגעהאָרכזאַמקייט: ער איז געווען אַ משרת ביים יונגן פריץ אין היים; די פריצטע האָט אים אויסגעלערנט לייענען און שרייבן, און ער פלעגט כסדר זיך פאַרגעסן איבער ביעלינסקען אָדער גערצענען און



וואַסיאַ איגנאַטאָוו (אלס „אַלטער באיאן“)

פון אלטן פריץ כאַפּן געשלאָגן און געשמיסן. אלזאָ, איז דיר קלאָר, אַז איך האָב נישט קיין קלענערע גרונטן ווי דו צו זיין פאַרביסן. דערביי דאַרפסטו וויסן, אַז מיין פאָטער איז געווען קעגן מיין אָנקומען אין טעאַטערשול און האָט מיך שטרענג אויפגעפאָדערט, אַז איך זאָל תיכּף קומען אַהיים, אין דאָרף אַריין הינטער טולאַ... אַ פּויערישער זון דאַרף, לויט זיין הייליקער איבערצייגונג, באַאַרבעטן די ערד, נישט קריכן צו די פּריצישע טישן, נישט עסן זייערע מאכלים, נישט רעדן זייער לשון, נישט טראָגן זייערע בגדים... „ווען עס איז" — פלעגט ער שטענדיק דרשענען: „וועלן זיך די צייטן ענדערן, וועלן מיר טראָגן ווייסע העמדער מיט זיידענע קראַוואַטן און זיי וועלן מיר אויסקעשענקען אונדזערע שטרויענע שיך און סערמיאַגעס, אָבער אַזוי לאַנג ווי זיי זענען זיי און מיר זענען מיר, טאָרן מיר זיך מיט זיי נישט מישן".

— דאָס איז מיין טאַטנס געבאָט, אַבראַשקאַ, און איך בין טריי זיין גייסט, אָבער דו פאַרשטייסט דאָך, אַז טריי זיין זיין אות וואָלט הייסן — אָפּזאָגן זיך פון לעבן, פאַרפוילט ווערן אין טולער דאָרף — ניין! דאָס וועט מען ביי מיר נישט פּועלן. איך לעב, איך אָטעם איין מיט אַלע לונגען אַלץ, וואָס די פּריצישע לופט טראָגט מיר צו. איך גלויב אָן שום ספקות, אַז מיין צייט וועט קומען, און איך וויל זי גאָרנישט טרעפן ווי אַ פאַרביסענער שונא פון מיין פּריץ, אין לאַפּטיעס און סערמיאַגע... איך וויל אים קאָנען אין יענער שעה פון אַלעמענס באַפרייונג זאָגן מיט אַ שמייכל אויף די ליפּן: „זיי באַגריסט ביים אַלגעמיינעם טיש!" דער, וואָס האָט געשמיסן מיין טאַטן און מיין זיידן, וועט זיך ביים טיש נישט אַוועקזעצן מיט מיר; און די, וואָס האָבן דעם זיידן באַקענט מיט הערצענען, זאָלן זיין באַגריסט! און דערווייל, אַבראַמולאַ, דערווייל דאַרפן מיר זיי נישט שענקען קיין איין סעקונדע עולם הזה! נעמען דאַרף מען פון זייערע טישן אַלץ, וואָס לאָזט זיך נעמען און געניסן און זיך קוויקן און לעבן מיטן פולן אָטעם... און אַזוי, און נישט אַנדערש זאָלסטו אויפנעמען די אָוונטן ביים גרויספירשט, און אַזוי — די עטלעכע מינוט מיט ניקאָלאַשען... און וואָס שייך מיר, מוז איך דיר מודה זיין, אַז מיך האָט ער ממש פאַרכישופט מיט זיין קול און אופן רעדן און באַנעמען זיך...

איך האָב ממש נישט געגלייבט מיינע אויערן, כ'האָב אויסגעגלאָצט מיינע אויגן אויף אים.

אַ קרומער שמייכל האָט זיך, מסתמא, צעגאָסן ביי מיר אויפן פּנים.

— וואָס קוקסטו מיך אָן מיט אַזאַ רציחה? איך פאַרזיכער דיך, אַז מיין געשמיסענער זיידע און אפשר, מיין טאַטע וואָלטן אין די מינוטן זיך געהאַלטן און געפילט פונקט אַזוי ווי איך: דאָס זענען מינוטן מיט צאַר-באַטיושקאַ, דאָ שפּילן אַנדערע חושים. מיט שמיץ און לאַפּטיעס האָט עס נישט צו טאָן. דאָס מוז מען ערשט שפּעטער אַריינטראַכטן צו געפינען מאָטיוון, וועלכע „דריקן" און „שטיקן" און פאַרסמען אונדז די טעג. העּר אויף דערמיט, אַבראַשקאַ, — דאָס איז דיין גוט-באַקאַנטע היס-טעריע. טרינק אויס אַן עסלעפל בראָם, קום צו זיך און שפּיי אויף דיין „געוויסן" ווי פון אַ הויכן דאַך אַראָפּ.

## XVIII. דאַלמאַטאָוו צעוויינט זיך

נאָך די פאָרשטעלונגען אין פאַוולאָווסק זענען מיר אַריינגעטראָטן אין דער פאַזע פון סיום. די אַפּריל־שטראַלן פון דער פּעטערבורגער זון האָבן אָנגעהויבן לויכטן, אָנהויכנדיק שטימונגען פון אָפּשייד. גישט יעדער נעמט אויף נאַטור־קאָלאָריטן מיט דער זעלביקער עמפּינדלעכקייט. פאַראַן זייער אַ סך מענטשן, פאַר וועלכע וואָלקנס און בליצן זענען פונקט דאָס זעלביקע וואָס — בלויע הימלגעוועלבן. איך בין פון די ווייטסטע קינדעריאָרן געוואָרן באַווירקט פון נאַטור־דערשיינונגען און זייערע פאַרבן אין אַזאַ מאָס, וואָס האָט מיך דערנענטערט כמעט צום ראַנד פון אומנאָרמאַלן, אפשר — „פּאַטאָלאָגישן"...

אין משך פון אַפּריל 1910 האָבן, פאַרשטייט זיך, אַלע אונדזערע שול־חברים געטראָגן אין זייער געמיט דאָס געפיל, אַז מיר שטייען אויפן שוועל און האַלטן ביים שיידן זיך מיט אַלעם דעם, וואָס האָט אָנגעפילט אונדזערע דריי יאָר; מיט וואָס מיר האָבן אַלע געאָטעמט. אָבער אַלע אַנדערע אויסער מיר האָבן געוווסט, אַז אין ליבן „פּינטעבריוך" פאַרבלייבן זיי... אַז זייערע לעבנסשטייגערס און זייער קיום וועלן זיך נישט ענדערן... אָנשטאָט צו זיין סטודענטן וועלן זיי ווערן „פּאַכלייט", אָנהויבן באַקומען געהאַלט, פירן אַ קיום פון זעלבשטענדיקע, דערוואַקסענע מענטשן. גאַנץ אַנדערש האָט אויסגעזען מ י י ן סיטואַציע: מיר איז פאָרגעשטאַנען זיך אומקערן קיין ווילנע; אַריבערטרעטן די שוועל, וועלכע איך האָב מיט 3 יאָר צוריק פאַרלאָזט ביי אַזעלכע דראַמאַטישע אומשטענדן... איך וויל גלויבן, אַז דער לייענער האָט נישט פאַרגעסן די לעצטע בלעטלעך פון מיין ערשטן באַנד. איצט, נאָך יאָרן פון אַ ז ע ל כ ע נסיונות, נאָכן עקשנותדיקן, פאַרביסענעם אויסהויער; האָבנדיק איבערגעטראָגן אַלע עינויים — מיט יאַנאָוו, מיט שלאָפן אונטערן בעט (טאָמער קומט דער „דוואָרניק" מיך זוכן), מיט שרייבן רעצעפּטן אין אַפּטייק און פאָרן 4

פאַרטאָג אַהיים, שלאָפנדיק אין טראַמוויי — נאָך אַלעם דעם, וואָס דעם לייענער איז דערציילט געוואָרן, און נאָך די נצחונות, וועלכע איך האָב אָן שום איבערגעטריבנקייט געמעגט דערלויבן זיך צו פאַרנאָטירן, ווי פאַרדינטע באַלוינונגען פאַר מיין אויסגעהאַלטנקייט, פלייס און פעיקייטן — נאָך אַלעם דעם האָב איך אַצינד קיין שום אַנדערע ברירה נישט, ווי קומען אַהיים און זיך אַוועקזעצן ביי טאַטע=מאַמען אויף די שולטערן און ווידער, ווי אַמאָל שוין באַשריבן, — „עסן, טרינקען און נישט טראַכטן פון וואַנען דאָס נעמט זיך“.

אָדער?

אָדער פאַרטראַכטן זיך וועגן דעם אַלגעמיין אָנגענומענעם אין די אומשטענדן אויסוועג?

קורצע טעג נאָכן לעצטן ספּעקטאַקל אין פּאַוולאָווסק האָט מיך דאַלמאַטאָוו אומגעריכט פאַר מיר, טרעפנדיק מיך אויפן טרעפּ פון דער שול, פאַרבעטן צו זיך אין קאַבינעט אַריין:

— אַה, גוט וואָס איך טרעף אייך אין אַ מינוט, ווען מיר זענען ביידע, ווי איך זע, פריי. איך דאַרף זיך מיט אייך אויספּירלעך דורכרעדן וועגן זייער אַ וויכטיקער אָנגעלעגנהייט. קומט אַריין צו מיר... איר האָט נישט איצט קיין לעקציעס? קיין וויכטיקן צוזאַמענטרעף? איבריקנס, איז אונדזער שמועס היינט=צו=טאָג פאַר אייך — דאָס וויכטיקסטע.

פון איגנאַטאָווס „מאָלטשאָק“, „מיר האָבן געגעבן דאַלמאַטאָוון אונדזער וואָרט, אַז מיר וועלן שווייגן, ווי מתים, האָט מיך געעגבערט דער גייגער: וואָס שטעקט דאָ פאַר אַ מין „סוד=סודות“? און איך האָב געוואַרט, אַז עפּעס דאַרף „אַרויסשפּרינגען“, אָבער בעת וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט מיך פאַרבעטן צו זיך, איז מיר יענער געשפּרעך מיט וואַסיאַ איגנאַטאָוון אַרויסגעפלויגן פון מוח, איך האָב זיך מעשה קינד דערפרייט צו זיצן מיט וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטשן אין קאַבינעט: דאָס איז פאַר די אַלע יאָרן געווען פאַר מיר די פריידיקסטע איבערלעבונג. און מיט אַ דערהויבענעם געפיל, אַז מיר שטייט פאָר עפּעס פון מיינע בעסטע יומאָ=הפּגראַס בין איך אַריין נאָך אים אין גרויסן קאַבינעט. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט ביי זיין ריזיקן שרייבטיש און, אפילו נישט בעטנדיק מיך זיצן, האָט ער אַראָפּגענומען זיין פּענסנע פון נאָז, אויסגעווישט, אָנגעטאָן צוריק, זיך אָנגעלענט אין הינטערגרונט פון זיין טיפן פאָטעל, און, קלאַפּנדיק מיט די פינגער פון רעכטער האַנט אין שרייבטיש, מיך אַטאַקירט מיט אַ קשיה בזה הלשון:

— איר זאָגט מיר קורץ און קלאָר אָן שום קונצן און דריידלעך: פאַרוואָס האָט איר דעם צאַר נישט דערלאַנגט קיין בקשה, אז מען זאָל אייך לאָזן שפּילן אויסער תחום?

איך בין געבליבן שטיין... מסתמא — מיט אן אָפן מויל, — פון איבערראַשונג. נאָך א קורצער ווײַלע, נישט קריגנדיק קיין ענטפער אויף זיין ערשטער קשיה, האָט ער, נישט לינדערנדיק דעם טאָן פון אָנגריף, אַרויסגערוקט א צווייטע: — איר האָט זיך אָפּגעגעבן א חשבון אין דעם, אז קיין צווייטער ענלעכער פאל צו ווענדן זיך אוממיטלבאַר צו זיין קיסרלעכער מאיעסטעט וועט זיך אייך אזוי גיך נישט מאכן? פאַרוואָס זשע האָט איר זיך נישט באַנוצט מיט דעם פאַל?

איך האָב פאַרבייגייענדיק שוין געזאָגט, אז בעת די געשעענישן אין גרויספירשטלעכן שלאָס איז מיר דער געדאַנק וועגן „אויסנוצן דעם צופאַל" אפילו אין מיין לינקער פּאה נישט געלעגן, אָבער ערשט דאָ נאָך דאַלמאַטאָווס צוויי קשיות, האָב איך פאַרשטאַנען, אז איך האָב וועגן דעם נישט געטראכט און אין דאַלמאַטאָווס אָנגריף האָב איך דערהערט כמו א מין פאָרוואורף פאַר מיין נאַכלעסיקייט.

איך בין געשטאַנען, — מסתמא, געקוקט אויף אים מיט אַן אויסדרוק פון געוויסער פאַרלוירנקייט און, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס, נישט געפינענדיק קיין ווערטער, אַרויסגעמורמלט:

— און וואָס, וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש, וואָלט אויף מאָרגן נאָך מיין בקשה צו זיין מאיעסטעט געווען מיט אייך, מיט דער גאַנצער שול?

ער האָט זיך צעשמייכלט.

— האָט איר, הייסט עס, וועגן אונדזער ווילזיין געטראַכט? און מיר זענען אייך, אויב אזוי, שולדיק א דאַנק פון אלעמען ארום?

— ניין, וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש, מיין ענטפער אויף אייער פראַגע איז אַנטשטאַנען איצט אָט דאָ, שטייענדיק פאַר אייך.

— און די אמתע סיבה קאָנט איר מיר נישט פאַרטרויען? אָדער... איר ווילט נישט? דאַן זייט מיר מוחל, וואָס איך האָב די פראַגע געשטעלט. באַטראַכט זי פאַר נישט געשטעלט.

מע דאַרף באַגרייפן *ווי טיף אין האַרצן* האָט נעשטעקט מיין ליבשאַפט, מיין איבערגעגעבנקייט צו אים, כדי צו פאַרשטיין ווי שמערצלעך איך האָב אויפגענומען זיין לעצטע פראַזע.

— וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש! — האָב איך קוים אַרויסגעפּלימפּערט: ווי קאָן אייך איינפאַלן דער געדאַנק, אז איך האָב פון אייך וועלכע

ס'איז סעקרעטן און דערצו נאָך אין אַ ענין, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער שול?

— נו, נעמט עס מיר נישט פֿאַר אומגוט, מײַן פֿרײַנד! איך האָב אַבסאָלוט נישט געמיינט, אַז דאָס וועט אײַך אַזוי טיף און ווייטיקפֿול אָנגרייפֿן... נו, זײַט זשע מיר מוחל און לאָמיר זײַן די זעלבע פֿרײַנד ווי ביז מײַן נאַרישן זאָץ... איך בעט אײַך, אַבראַם ווענִיאַמינאָוויטש, פֿאַרגעסט עס!

ער האָט זיך אויפֿגעהויבן פֿון זײַן פֿאָטעל, איז אַרויס צו מיר פֿון הינטערן שרײַבטיש און האָט מיר אויסגעשטרעקט בײדע הענט. איך בין צוגעפֿאַלן צו זײַן אַרבל און אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ. אפֿשר האָבן מײַנע אַקסלען אַ פּאָר מאָל אַ ציטער געטאָן? — איך קאָן עס נישט זאָגן גענוי: די נויטווענדיקייט צו שיידן זיך אין קורצע טעג אַרום מיט אים, מיט פּעטערבורג, מיט דער שול... און דער עיקר — דער אומפֿאַרמײַדלעכער אומקער אַהיים, צו די פּאָזיציעס פֿון 1907 יאָר — דאָס אַלץ האָט זייער שווער געדריקט מײַן געמיט, און נישט קיין סך האָט מען געדאַרפֿט האָבן, אַז איך זאָל אָנהייבן גיסן טרערן...

דאַלמאַטאָוו האָט זיך אוועקגעזעצט צוריק אויף זײַן אָרט.

— דאָס איז געווען דער ערשטער פּונקט פֿון אונדזער הײַנטיקן סדר היום.

און, ווײַבאַלד איך קריג נישט קיין תשובה אויף מײַן פֿראַגע, וועל איך איבערגיין צום צווייטן.

איך האָב אים איבערגעשלאָגן די רייד.

— אײַך וועט עס אויסקומען אומגעריכט און אפֿשר אומפֿאַרשטענדלעך, וואַסילי פֿאַנטעלעימאָנאָוויטש, אָבער איך מוז אײַך זאָגן, אַז דער עצם געדאַנק וועגן אַ בקשה איז מיר ביז אײַער איצטיקער פֿראַגע אַפֿילו אין קאָפּ נישט אײַנגעפֿאַלן.

— אויס פּאָליטישע גרונטן זענט איר קעגן אַזאַ ווענדונג צו זײַן מאַיעסטעט? איך האָב אויף אים אַ קוק געטאָן, מסתּמא, מיט ברייט צעעפֿנטע אויגן.

— קיינער הערט אונדז נישט, מיר קאָנט איר זאָגן אָפֿן, עס זענען געווען ענלעכע פֿאַלן ווען פֿאַרמשפּטע צום טויט האָבן זיך אָנטזאַגט צו בעטן חסד ביים מאָנאַרך אויס שנאה צו דער מאָנאַרכיע. איז עס אין אונדזער פֿאַל אויך אַזוי?

— קיין שפּור דערפֿון! איך האַלט מיך נישט פֿאַר קיין שונא פֿון דער מאָנאַרכיע און וואָלט נישט געהאַט די העזה צו פֿאַרגלײַכן מײַן שטעלונג

צו די מאַרטירער פון דער פרייהייטס־באַוועגונג... אויב איר פרעגט מיך און אַפּעלירט צו מיין טיפער אויפריכטיקייט, וועל איך אייך זאָגן, אַז ערשט נאָך דעם ווי מיר האָבן איבערגעלעבט די אומפאַרגעסלעכע שעהן און מינוטן אין פּאַוולאָווסק, האָב איך אָנגעהויבן פילן, אַז מיינע לערער פון די יונגע יאָרן, וועלכע האָבן לאַנגע יאָרן געפוילט אין טורמעס פון סיביר, — אַז זיי וואָלטן מיט ווייטיק געקוקט, ווי איך האָב זיך געוויילט און געגרויסט אין שלאָס. אָבער דאָס זענען שוין רעאַקציעס נ אָ כ ד ע ם. פריער האָב איך וועגן ציען־אייגנגוץ פון אונדזער אַלגעמיינעם יום־טוב פשוט נישט געטראַכט... ס'איז מיר איינפאַך נישט איינגעפאַלן, אַז דאָ שטעקט אַ געלעגנהייט צו כאַפּן אין וואַסער אַ פישל פאַר זיך...

— „טאַק־טאַק“ — האָט ער ארויסגעמורמלט אין זיך — נו, און איצט קומט דער עיקר. הערט מיך אויס, מיין פריינד, און באַמיט אייך צו פארשטיין. אז איך ווער אָנגעפירט אויסשליסלעך דורך מיינע אויפריכטיקע געפילן פון ווילוונש און פריינדשאַפט צו אייך... אין קורצע טעג ארום ענדיקט איר די שול. איר וואָלט אָן שום צווייפל געקאָנט ווערן אַנגאַזשירט אין א פעטערבורגער טעאַטער, און איך קאָן אייך זאָגן, אָן איבעריקע שפּיצלעך, אַז אויב אונדזער שול וועט האָבן שאַנסן אויף אַ 2—3 אַנגאַזשאמענטן אין „אַלעקסאנדרינסקי“־טעאַטער, וועט אייער קאַנדידאַטור שטיין די צווייטע. איר האָט אין לעצטן ספּעקטאַקל געשלאָגן דעם רעקאָרד פון אלגעמיינער אָנערקענונג. שוין אייער „קאָכטין“ וואָלט געווען גענוג און מיטן „נאַטשאַלניק אָטריאדא“ — אָפּגערעדט... אָבער איר פאַרשטייט דאָך, אז אָן פּראוואָזשיטעלסטוואָ פּרעטענדירן אריינצוטרעטן אין „אלעקסאנדרינסקי“־טעאַטער איז פּשוט אן אומזין, און איך וואָלט מיט אייך די פראַגע אפילו נישט באַרירט. אָבער, מיין קינד, די פראַגע שטייט דאָך נישט נאָר וועגן „אַלעקסאנדרינסקי“־טעאַטער: עס האַנדלט זיך דאָך וועגן אייער ל ע ב נ ס ע ק ז י ס ט ע נ ץ: מיט אייער פּאַס וועט איר האָבן פאַר זיך א „פעלד“ פון א צענדליק פּראָווינץ־שטעט, אין וועלכע מען וועט אייך נישט לאָזן פּראָגרעסירן ווייטער ווי ביז הונדערט רובל א חודש, ווייל די דירעקטאָרן וועלן וויסן, אז איר האָט קיין אנדער ברירה נישט. איר קריכט מיט אייער יונגן קאָפּ אין א טיפן גרוב אריין...

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן, און אין צימער איז איינגעטרעטן אן אומהיימלעכע שטילקייט... ווי מיר וואָלטן ביידע געזעסן ערגעץ אויף א בית־עלמין און זיך צוגעהערט צו דעם, וואָס עס רעדט די אייביקייט וועגן די

אומדערשיטערלעכע יסודות פון געטלעכקייט, פון מענטשלעכקייט, פון לײדן און פון טרייסט.

— נו, וואָס זשע וועט איר זאָגן, מײַן קינד? איר גיט אײַך אָפּ אַ חשבון פון דער לאַגע, וועלכע ליגט דאָך, סוף כּל סוף, אין אײַערע הענט און וועלכע איר אַליין קאָנט ענדערן און עפענען פאַר זיך די ברייטע, פרייע, פריידיקע וועלט?

איך האָב זיך דערמאָנט ווי אויף מײַן אויסרוף צו איגנאַטאָוו, ער זאָל מיר זאָגן „וועגן וואָס עס האַנדלט זיך", האָט ער אויסגעשריען מיט אַ געלעכטער: „וועגן פראוואָסלאַוויע גייט עס".

דאַלמאַטאָוו האָט אײַנגעפונען פאַר מעגלעך און נייטיק אָוקצושטעלן די אָנגעווייטיקטע פראַגע אין איר גאַנצער שאַרפקייט. אָבער עס זענען אַוועק לאַנגע מינוטן, און די שטילקייט פון בית־עלמין איז נישט געוואָרן איבערגעריסן.

זעענדיק, אַז איך וויל נישט ענטפערן (איך האָב יאָ געוואָלט, איך האָב אָבער נישט געקאָנט ענטפערן), האָט ער איבערגעריסן די אומהיימלעכע שטילקייט. — איך מוז מיך באַשליסן צו שטעלן אײַך אַ דירעקטע און שאַרפע פראַגע: צי דען האַלט איר, אַז די צעבליונג פון אײַער שעפערישן לעבן איז וויכטיקער וויכטיק, ווי די טרייקייט צו דער אמונה פון אײַערע אָבות? איר אַליין זענט דאָך נישט רעליגיעז, דעם יודאַישן גלויבן היט איר נישט אָפּ... איך האָב געזען ווי איר האָט אין בופעט געשמאַק געקייט אַ פּוטערברויטל מיט טריפהנעם קאַלבאַס... טאָ פאַרוואָס טרעט איר אָפּ פון אײַערע אָבות צו באַפרידיקן דעם מאָגן און זייט אַזוי קאָנסערוואַטיוו, ווען עס האַנדלט זיך וועגן די ענינים פון קונסט, צו וועלכער איר זענט לחלוטין נישט גלייכגילטיק?... אין דעם זענען מיר אַלע אין פעדאַגאָגן־ראַט טיף איבערצייגט, און קיינער פון אײַערע בעסטע פרײַנד קאָן נישט געפינען קיין דערקלערונג — און קיין באַרעכטיקונג, מוז איך אָפן צוגעבן — צו אײַער האַלטונג אין דעם פאַל... פאַרוואָס ווילט איר נישט ענדערן דעם גלויבן?

— וואָסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש! איך האָב מיך וועגן דעם קיין איינמאָל נישט פאַרטראַכט מחמת דעם, וואָס באַניין אָט דעם שריט וואָלט הייסן דערהרגענען מײַן פאָטער. איך קאָן בשום אופן נישט דערנענטערן זיך צו דער בינע, אַריבערשפרייזנדיק איבער מײַן פאָטערס טויטן קערפּער נאָך דעם ווי צום טויט זאָל איך אים האָבן מיט מײַנע הענט דערנענטערט...

— דאָס איז זייער נאָענט צו דע־סילוואס מאָנאָלאָג פון דריטן אַקט „אקאָסטאַ“, אָבער איך ווייס, אז דאָס שטאמט ביי אייך פון הארצן, נישט פון ביכלער. אויב אזוי, איז עס דאָך א פראגע פון צייט... אייער פאָטער איז דאָך אָן ספק נישט קיין יונגערמאַן?

— אזוי קאָן די פראגע נישט שטיין! — האָב איך אים איבערגעריסן: איך וועל נישט ציילן די יאָרן פון פאָטערס לעבן, נישט ווארטן אויף זיין לעצטער שעה, כדי צו קריגן אַן אנגאזשעמענט אין א בעסערן טעאַטער.

דאַלמאַטאָוו האָט דערפילט, אַז ער האָט פארבלאָנדזשעט אין אַ ווינקל, פון וועלכן אים איז שווער זיך ארויסצובאַקומען. אָבער איך האָב דעם שמועס אַוועקגעפירט אין אַן אומגעריכטער ריכטונג.

— וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש — האָב איך אָנגעהויבן, זיך לאָזנדיק אומגעריכט ארומגיין איבערן גרויסן קאַבינעט — איר האָט זיך קיינמאָל נישט פארטראכט איבער דעם, אַז אָננעמען א פרעמדע רעליגיע צוליב מערקאַנטילע אויסזיכטן הייסט — יענע פרעמדע רעליגיע טרעטן מיט די פיס? הייסט — ציניש אויסלאַכן א פרעמדע קדושה? — הייסט זיך אוועקזעצן ביי א פרעמדן טיש און פרעסן, נישט פרעגנדיק צי געפעלט עס דעם באַלעבאָס?... איך קאָן מקנא זיין יענע מענטשן — יונגע, אַלטע, קלוגע, נאַרישע, — וועלכע נעמען דאָס לעבן „לייכט“ און גיסן און שפייען אויף „פראָבלעמען“, אָבער איך קאָן נישט אזעלכע מענטשן נאָכגיין, איך קאָן נישט מיין געוויסן און געהירן באַפרייען פון „פראָבלעמען“. און די פראגע פון „בייטן די רעליגיע“ שטייט פאר מיר קודם כל אין דער פלאר. איך ווייס נישט צי וואָלט איך, כדי זיך צו דערנענטערן צו „האמלעט“ — זיך באשלאָסן ארייַנקריכן אין דער פינצטער אין א פרעמדן צימער און ארויסשלעפן פון שראַנק אַן אלטן מאַנטל... ווייל דאָס איז ט י א ו ס, וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש, און איך דארף אייך זאָגן, אַז, ארומגייענדיק אין פאריז איבער זיינע מערקווירדיקע אוצרות פון קונסט, פון געשיכטע, פון אלטע קולטור־ווערטן, האָב איך נישט געקאָנט ביי זיך פועלן ארייַנצוגיין אין „נאָטר דאם דע פאַרי“, טראכטנדיק, אז מיך וועט דערזען א פרומער קאַטאָליק און דעם ריינעם גלויבן פון זיין הארצן וועט טרעפן דער בלויזער גייגיר, וועלכער האָט פארפירט אין זיין מקדש ארייַן דעם פרעמדן גאַסט...

— זענט איר אין נאָטר־דאם נישט געוועזן? — האָט מיר דאַלמאַטאָוו איבערגעשלאָגן כמעט מיט אַן אויסדרוק פון שרעק אין די אויגן.

— געוועזן! — האָב איך אים באַרויִקט: געוועזן... מיין לערער, ביי

וועלכן איך האָב גענומען אונטעררינכט פון פראנצויזיש, איז געווען א גלויביקער קאַטאָליק, און, דערהערנדיק מיין שטערונג, האָט ער, מיך גערירט, געזאָגט, אז ער וויל מיך אוועקפירן אין נאָטר־דאַם דע פּאַרי און דווקא צו א פייערלעכער מעססע.

— יאָ, מיין פריינד, איר טראַכט זיך אוים אזעלכע באריקאַדן אויף אייער לעבנסוועג, אַז אַריבערגיין איבער זיי וועט זיין זייער שווער, זאָל גאָט אייך שיצן, מיין קינד... אָבער איך האָב אייך צו זאָגן נאָך אַ זאַך, און אייער ענין וועט ווערן דערליידיקט אָן שום „געוויסנספראגן", מעכאַ־ניש, ריין „בוכהאַלטעריש", אזוי צו זאָגן... הערט מיך אוים: אין טער־יאָקי, אַ שעה רייזע פון פעטערבורג, וווינט אַן עוואַנגעלישער פּאַסטאָר. ער שרייבט אריין אין פּאַספּאָרט פון יעדן איינעם, וואָס באַצאָלט אים 25 רובל — „עוואַנגעליש", און מיט דער אויפשריפט אין פּאַס זענט איר א פרייער בירגער. איך זע נישט קיין שום אונטערשייד צווישן אָט דעם אויפשריפט און אייער אויפשריפט אין פּאַס, אז איר זענט „א פּארמאַ־צעווט". און איך מיין, אַז קעגן דעם אויסוועג פון אייער באמת טראַגישער לאַגע וועט איר קיין קאָנטראַמאָטיוו נישט אַרויסרוקן. זעצט זיך אריין אין צוג פון פינער באַנהויף, ווענדעט זיך צום פּאַסטאָר, זיין נאָמען איז אגב — ווי צוגעפּאַסט... מע רופט אים: „ווי ד"* אינגוואָנט קומט איר פון ווידן מיט אַ וויד, וואָס עפנט פאַר אייך די טויערן פון אַלע שטעט אין דער רוסישער אימפעריע.

איך האָב געשוויגן.

— איך באַטאָן אייך: פּאַסטאָר וויד פאָדערט נישט אפילו די מעט־ריקע. צו יעדן מאָמענט קאָנט איר פאַרלירן אייער פּאַס און מיט אייער מעטריקע ארויסבאַקומען א פּאַס אָן דער אויפשריפט, וועלכע איר האָט ביי ווידן געקראָגן פאַר 25 רובל.

איך האָב געשוויגן.

— און ווייסן וועגן דעם וועט פּאַסטאָר וויד און איר אַליין און איך... אויב איר וועט קומענדיק פון טעריאָקי האָבן חשק מיר צו דערציילן וואָס דאָרטן איז מיט אייך געשען.

איך האָב געשוויגן, אזוי ווי פארזונקען אין א תהום פון געדאנקען און חושים, וועלכע האָבן מיך ממש פארשוועגקט...

— דער פּאָטער וועט קיין עגמת נפש נישט האָבן, ווייל ער וועט זיך

* אויף רוסיש וויד הייסט: אַ פּאַס.

קיינמאָל נישט דערוויסן. קיינעמס רעליגיעזע געפילן וועט איר נישט אָנ־רירן, קיינע שום פּראַגעס פון „געוויסן" קומען דאָ בכלל נישט אין באַ־טראַכט, און איך וואָלט געוועזן נייגיריק צו הערן פאַרוואָס איר טראַכט אַזוי לאַנג וועגן דעם שריט נאָך דעם, ווי פאַרשידענע דריידלעך און אומ־געזעצלעכע גענג האָבן אייך געשטערט פּאָזיטיוו צו דערלייזן דעם עניין, בעת מיר האָבן זיך וועגן דעם באַמיט...

(דאָס איז געווען א רמז אויף מיין „פּריזיוו" אין באָברויסק, אויף מיינע 3 יאָר „פּאַרמאַצעווטישער פּעטיקייט" אין ווילנע, בעת פּאַקטיש בין איך געזעסן אָנדערטהאַלבן פון די דריי אין אויסלאַנד — דאָס איז אַלץ דערציילט אין די פריערדיקע קאַפּיטלען).

— וואָסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש — האָב איך ענדלעך אָנגעהויבן, און מיין קול האָט געקלונגען, ווי מיר וואָלט אין האַלדז געשטעקט אביין — פּאַרשטייט זיך, אַז וואָס צו זאָגן אייך קעגן אייער פאָרשלאָג האָב איך נישט, און איך מיין, אַז 99 פון 100 וואָלטן אין מיין לאַגע געהאַנדלט לויט אייער עצה, נישט טראַכטנדיק...

— נו? — הער איך, ווי ער זאָגט מיט אן אויסדרוק פון נישט איינ־געהאַלטענעם פאַרדרוס.

— הייסט עס, לעבן מיט א סעקרעט? נישט טאָרן, נישט קאָנען פאַר ארומיקע מענטשן דערציילן דעם גאַנצן אמת מיינעם?... און מיין נייעם „וויד" מורא האָבן עמעצן צו באַווייזן? האַלטן אים אין קעשענע און נישט פאַרגעסן, בעת איך טו איבער דעם בגד, אים אריבער צו לייגן... זאָגט מיר: ווו וועל איך אַהינטאָן מיין סעקרעט, ווען איך וועל שפּילן, לאָמיר זאָגן „האַמלעט"? קיין קעשענעס זענען דאָך אין דעם קאָסטיום נישטאָ! און אויף דער בינע וועל איך די גאַנצע צייט טראַכטן וועגן מיין סעקרעט, וואָס ליגט אין גאַרדעראָב און איז אויסגעשטעלט אויף דער ריזיקע אַנטפּלעקט צו ווערן... עפּעס א מאָדנער „פּרינץ" וועט עס זיין... ניין, וואָסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש, איר האָט מיר אָנגעוויזן אַ ריכטיקן וועג, אָבער מ י י ן וועג איז עס נישט, איך קאָן אייך נישט דערקלערן... אפשר די גענג און די שפּיצלעך, וואָס זענען אָן מיין וויסן אָפּגעטאָן גע־וואָרן, האָבן אַזוי אָנגעשאַרפט מיין עמפּינדלעכקייט, אָבער איך האָב קיין מוט נישט צו פאָרן קיין טעריאָקי צום פּאַסטאָר וויד. איך גיב מיר אָפּ א גענויעם חשבון, אַז איך פאַרליר אַלע שאַנסן צו דערוואַרטן פון אייך להבא הילף און מיטגעפיל, אָבער איך קאָן נישט! איך קאָן נישט אראָפּ־

שלײדערן פון מײנע שולטערן דעם יאָך, װעלכער דריקט נישט מיך אַלײן, נאָר טױזנטער און טױזנטער מײנסגלײכן... איך קאָן נישט, — האָב איך פאַרענדיקט אָן אַ קול און, פאַנאַנדערפירנדיק די הענט, זיך אומגעדרײט צו אים מיטן רוקן און אװעק צום פענצטער.

איך װײס נישט װי לאַנג איך בין געשטאַנען און געקוקט אויף די כװאַליעס פון דער ניעװאַ, טראַכטנדיק, אַז אין דרײ װאָכן ארום װעל איך זײן פון דעם אָפּגעריסן אויף שטענדיק, אויף אײביק.

אינײנעם מיט מײנע בליקן צו די כװאַליעס האָט מײן אויער אויך דערהערט דאַלמאַטאָװס זאַנפטע ברוסטשטימע װי ערגעץ פון װײטע װײטעגישן. — נישט רײד זענען עס געװען... עפּעס רעיונות פון יאָרטױזנטער, װאָס װערן געטראָגן פון װײטע פאַרגאַנגענהײטן צו װײטע צוקונפטן.

— אײביק... אײביק דױערט עס... מיליאָנען נבלות, פאַרברעכנס, עװלות, און — הערצער און געװיסנס פון געקרײציקטע, װאָס טראָגן אויף זיך אַלעמענס זינד און לײטערן די מענטשהײט און רײניקן דאָס לעבן און פאַרשענערן די װעלט און באַפרײען די אײביקײט פון שטויבן און מיסטן, װאָס װערן אָנגעטראָגן אין אַלטעגלעכן קיום און קאַמף פאַר װוילטאָג.

איך האָב מיר נישט אָפּגעגעבן קײן קלאָרן חשבון װוּ איז מײן קומער און װוּ — די װערטער, װעלכע איך האָב דערהערט... װוּ — חלום און פאַנטאַזיע? װוּ — װאָר און װירקלעכקײט?

און איך האָב דערפילט אויף מײנע אַקסלען צװײ שטאַרקע הענט.

— אײך דערװאַרטן אין לעבן דערנערקרענץ נישט װײניקער װי לאָרבערקרענץ, מײן קינד! אָבער אײערע לאָרבערקרענץ װעלן זײן — פון רײנעם גאָלד און זילבער, בלויז נאָבעלע מעטאַלן אָן שום צומיש פון ליגאַטור. װי אַזוי איר װעט אָנהײבן אײער װעג װײס איך נישט, אָבער װוּ איר װעט זיך קערן און װענדן זאָל אײך מײן ברכה און טיפע פאַרשטענדעניש שטענדיק באַגלײטן. אין מײן שוץ און שטיצע צװײפל נישט. װאָס מײנע שװאַכע כוחות װעלן קאָנען דערגרײכן איז צו אײער דינסט... און זאָל גאָט אײך העלפן.

איך װאָלט זיך אָן ספק צעװײנט, אָבער איך בין געבליבן װי געפּלעפּט — אַ שטראָם טרערן האָט געפּלײצט איבער זײן פּנים. ער האָט געקוקט אויף מיר, אפילו נישט פרװונדיק זײ אָפּװישן...

# XIX. אין פּלאָנטער פון שדים־קאַדריל

ארומגייענדיק איבער די פּראָספּעקטן, פּאַרקן פון דער אומפאַרגלייכלעך־פּרעכטיקער שטאָט; שטייענדיק שעהן־לאַנג אויף די ברעגעס פון דער ניעווא, אונטער די שטראַלן פון דער אפּריל־זון, האָב איך אָן אויפהער געטראַכט וועגן אלץ און אלעמען, וואָס האָט אויסגעפילט מיין לעבן פאַר די דריי יאָר. עס איז, פאַרשטייט זיך, איבעריק צו רעדן וועגן דעם, אַז דעמלט זענען נישט רייף געווען די אָפּשאַצונגען און פאַראַלגעמיינערטע אויספירונגען, וועלכע איך בין היינט צו טאָג גרייט ברענגען מיין לייענער. איך האָב מיך געפילט ווי אַן אָנגעהעריקער צום לאַגער פון דער פריי־הייטס־באַוועגונג, הגם מיר האָבן נישט אומפּאָנירט אירע איינצלנע עפּי־זאָדן און פיגורן אין די קאַמפן צווישן „פּאָלקסטום“ און „סאַמאָדערזשאַ־וויע“. צווישן „לינקע“ און „רעכטע“, בין איך בכל לבבי ובכל נפשי שטענדיק געווען אויף דער זייט, צו וועלכער איך האָב געהערט לויט מיין רעכטלאָזן קיום, לויט די עלעמענטאַרע באַגריפן וועגן „גוטס“ און „שלעכטס“, וועלכע איך האָב פון די קינדערשע יאָרן געטראָגן אַדאַנק מיינע ערשטע לערער... און ענדלעך האָט די רוסישע ליטעראַטור — פון פּושקינען ביז גאָרקין און קאָראָלענקאָ — גישט געקאָנט פאַרזייען קיין אנדערע זוימען, ווי נאָר פּאָליטישן ראַדיקאַליזם אלס יסוד פון דענקען, פילן און באַנעמען אלע דערשיינונגען פון טאָג.

אָבער צוזאמען מיט די גרונטן פון „אמת“ ב כ ל ל, — וועלכע זענען געלעגן מחוץ יעדן קאָנטראָל פון אינדיווידועלער אָפּשאַצונג; וועלכע זענען געווען, אזוי צו זאָגן, — אַ ק ס י אָ מ ע ס — האָב איך געטראָגן אין זיך אַ נטיה צו קוקן מיט מיינע אייגענע אויגן און באַנעמען געשעענישן און שאַצן מענטשן און מעסטן באַציונגען ג י ש ט לויט די אָנגענומענע פאַראַנראַפן פון פעסטגעשטעלטע כ ל ל י ם... דאָ האָבן זיך אָפּגערופן די קאָנסעקווענצן פון מיין איינזאַמער קינדהייט, במשך פון וועל־

כער עס איז אין מיין אינדיווידועלן וועלטבאַנעם אויסגעוואָקסן און אייגענער „שולחן ערוך“, וועלכן קיין שום כללים פון דרויסן האָבן נישט געקאָנט באַזייטיקן.

אין עלטער לערך פון 17—18 יאָר זענען מיר, א חברה יונגע בחורים, געגאַנגען פון א סילוועסטער-באַל אהיים. זאַטע, לוסטיקע, צעהיצטע, אין פעלצן, מיט וואַרימע שאַליקעס און פוטערנע היטלען — זענען מיר, זינגענדיק און לאַכנדיק, געווען פאַרטאָן אין אַ וויכוח צווישן איין טייל פון דער חברה מיטן צווייטן — אויף אַ טעמע פון „העכסטער“ פאַרטיי-פאָליטיק: עפּעס כמו וועגן דער ווירקונג פון טעראָריסטישע אַקטן אויפן רעוואָלוציאָנערן באַוווסטזיין פון די מאַסן... איך מוז ערלעך מודה זיין, אַז אין דער זעלביקער מאָס, ווי מיך האָט ביז די טיפסטע טיפענישן פון האַרצן איבערפולט דאָס געפיל פון אַכטונג און פאַרגעטערונג (דאָס וואָרט איז דאָ אמווייניקסטן אויפן אָרט, אָבער איך געפין נישט אויף יידיש קיין אנדער אויסדרוק) פאַר די מאַרטירער פון די רעוואָלוציאָנערע קאַמפן; פאַר די צענדליקער און הונדערטער תפיסהניקעס, פאַרשיקטע, וועמענס לעבנס עס זענען געווען צעבראָכן, פאַרגוואַלטיקט, פאַרשניטן — אין נישט קיין קלענערער מאָס האָב איך געפילט פאַראַכטונג צו אַלע פראַזיאָרן און פאַזיאָרן, וואָס האָבן געטומלט אויף די אַלע טעמעס, זייענדיק לויט זייער גאַנצן מהות — ג אָ ר נ י ש ט ן. צווישן אָט-די דאָזיקע חברה-לייט האָב איך געשמט פאַר אן אָנהענגער פון „רעכטע“ אידעען... דאָס איז געווען פונקט אַזוי ווייט פון אמת, ווי אין די אָדעסער טעג האָט מיין ווידערווילן צו די שקרים און בארימערייען ארויסגערופן דעם איינדרוק, אַז איך בין... „קעגן זעלבשוץ“. פונקט ווי שוים געהער צו דער משקה, אזוי מוז יעדע דערשיינונג האָבן איר אויבערפלעכלעכן שיכט, און גרינגשעצונג צום „שוים“ מוז אויסזען ווי גלייכגילט צו דער דערשיינונג. און די חברה-לייט זענען פאַר זיך געווען גערעכט, האַלטנדיק מיך פאַר א קעגנער פון דער זאַך, איבער וועלכער זיי האָבן געליאַרעמט.

אָבער מיין ווידערווילן צו זייער טומלדיקייט האָט געהאַט אַ גאַנץ אַנדערן גרונט.

גייענדיק, ווי באַשריבן, דורך די מיט טיפן שניי באַדעקטע גאַסן א פאָר שריט אָפּגעזונדערט פון דער טומלענדיקער קאַמפּאַניע, האָב איך זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט...

אויפן ראָג פון דריי גאַסן — א טיפיש-ווילנער ווינקל: ארויסגייענדיק פון סובאָטש-גאַס („סאָוויטשער“ — האָבן געזאָגט יידן) אויף ברייַ

מער און פּונקט אנטקעגן הער „מיליאָנער“ — האָב איך דערזען אין שטראַל פון עלעקטרישן לאַמטערן א מענטשן... ער האָט געקלאַפּט פוס אָן פוס, געבלאָזן אויף די הענט, געקלאַפּט זיך איבער די אָרעמס: געפּרווט זיך דערוואַרעמען און אָפּכאַפּן דעם אָטעם פון ברענענדיקן ניי=יאָר פראָסט... איך בין צוגעגאַנגען צו אים.

— א פּאַפּיראָס ווילסטו?

ער האָט איבערגעריסן זיינע מאַניפּולאַציעס, האָט מיך אָנגעקוקט דערשראָקן און געשוויגן.

— נאַ, נעם!

איך האָב אים דערלאַנגט אַן אָפענעם פּאָרט=סיגאַר.

אויף זיין פּנים האָב איך דערזען אַן אויסדרוק, וועלכן איך בין נישט בכוח אָפּצושילדערן: אָבער לאָמיר פּרוון געפינען א סינטעז פון דאַנקבאַרקייט מיט טויטשרעק, בוכשטעבלעך: אימת־מות.

די מעשה איז, לייענער, וואָס דער מענטש אויפן ראָג פון די דריי ווילנער גאַסן, איז געווען... א גאָראָדאָוואָי. אַז צו אים איז צוגעגאַנגען א יונגער מאַן און זיך גענבן אים האַרט אָפּגעשטעלט, האָט זיין ערשטער אימפּולסיווער געדאַנק געמוזט זיין נאָר איינער: „ס'איז א טעראָריסט“. ער וואָלט זיך, אפשר, אין א מינוטקעלע אַרום געכאַפּט צום געווער, האָט ער אָבער דערהערט: „א פּאַפּיראָס ווילסטו?“. וואָס זאָל ער ווייטער טאָן? גלויבן און קריגן א קויל אין ברוסט? איידער די תשובה איז אים אין מוח רייף געוואָרן — זעט ער אַן אָפענעם פּאָרט=סיגאַר. האָט זיך אים דאָס פּנים אויסגעקרימט אין אַ קאָנוווּלסיע — פון שרעק מיט דאַנק.

ווי אַזוי ער האָט מיט ציטערדיקע הענט פאַררויכערט; ווי אַזוי צוגענומען פון מיינע הענט עטלעכע פּאַפּיראָסן; ווי אַזוי מיר האָבן זיך צעשיידט, ווינטשנדיק זיך אַ גליקלעכן נייעם יאָר (אין אַ חדשים 2 אַרום האָט זיך אָנגעהויבן דער רוסיש=יאַפּאַנישער קריג) — דאָס אַלץ היפּער איך דאָ איבער. איך וועל זיך אויך נישט אָפּשטעלן אויפן ווילדן אויסברוך פון געלעכטער ביי א טייל פון דער חברה איבער מיין „איינפאַל“ איינצוטיילן דעם צאַרישן קנעכט פּאַפּיראָסן לכבוד ניי=יאָר און איבערן האָגל פאָרווורפן: „גלוסט זיך דיר חברן מיטן פּאָליציימייסטער, טאָ שלעפּ נישט אונדז מיט אין דיין געזעלשאַפט!“ — — —

די אַלע דעטאַלן לאָמיר פאַרבייגיין. איך האָב געהאַט בדעה מיט דעם עפּיזאָד צו באַלויכטן און באַטאָנען צוויי מאָמענטן. ערשטנס, אַז דער

אין קרענקלעכער קאָנוואולסיע אויסגעקרימטער פּנים פון מיין „פּראָטעזשע“ אין יענער פּראָסטיקער נאַכט — איז געווען דער פּנים פון אלעם דעם, וואָס האָט געלעבט און לעבעדיק געפילט די קאָנפליקטן פון די לויפנדיקע טעג און יאָרן. און, צווייטנס, האָב איך געהאַט בדעה צו זאָגן, אז איך האָב אלע מיינע טעג און נעכט, זומערס און ווינטערס אויפגענומען אנדערש, ווי אלע איבעריקע אין מיין סביבה.

פאַר מיר איז דער מענטש, וואָס האָט געפירט אויפן פּראָסט, געהויבט אויף די הענט צו דערוואַרעמען זיינע פינגער, געווען אַ מענטש. ווען איך דערזע אים אין אַלטעגלעכע אומשטענדן, וואָלט איך, גאַנץ מעגלעך, אוועק פאַרביי. אָבער די וואַרעמקייט אונטער מיין פּעלץ, דער פריילעך־פאַרבראַכטער אָוונט, די לוסטיקייט פון דער גאַנצער חברה האָט אונטערגעשטראָכן דעם פּראָסט און די אומהיימלעכקייט פון דעם מענטשן... די פּוסטע טומלדיקע פּראַזעאָלאָגיע ארום האָט מיך א שטויס געטאָן צו דערזען דעם פאַרפרוירענעם מענטשן אין זיין איינזאַמען קיום צווישן דריי שניי־פאַרהילטע גאַסן...

פאלגנדיק „כורעים“ פאַר דער געשטאַלט פון סאַזאָנאָוון, וועלכער האָט אויף וואַבאַלקאַנסקי פּראָספּעקט באַפרייט רוסלאַנד פון פּלעווען; פאַרגיסנדיק הייסע טרערן איבערן סוף פון קאַליאַיעוון, וועלכער, האָבנדיק דערהרגעט דעם מאָסקווער גענעראַל־גובערנאַטאָר, גרויספירשט סערגיי אלעקסאנדראָוויטש, האָט זיך אָפּגעזאָגט פון באַגנעדיקונג בעת די אלמנה פון דערהרגעטן האָט אים פאַרן טויט באַזוכט אין תפיסה און אים פאָרגעלייגט פאַר אים זיך משתדל צו זיין; טראָגנדיק אין האַרצן מיט ווייטיק דעם גורל פון די אלע מאַרטירער, האָב איך אַבסאָלוט נישט געפונען קיין סתירה צווישן דעם און מיין מיטלייד צום מענטשן, וואָס האָט געפירט אין דער ניי־יאָר־נאַכט. און ארום האָט מען מיך געהאַלטן פאַר א האַלבן „מטורף“, פאַר א סוביעקט אָן מינדסטן „פּאָליטישן געוויסן“ און אנדערע — פאַר א פאַרעקשנטן „שוואַרצמאַהניק“.

*

*   *

אריינגעטרעטן אין שול אויפן נאָמען פון אלעקסיי סערגעיעוויטש סוואָרין, (ווי דאָס איז שוין באַטאָנט געוואָרן אויף די ערשטע בלעטער פון דעם II באַנד), איז פאַר מיר געווען א שריט אין פולער סתירה מיט

אַלע רעגולן פון שכל הישר, פון „פּאָליטישער" שלימות, פון פּראַקטישער צוועקמעסיקייט. שוין אויפן „קאַרקבּרעכערישן שוועל" האָבן זיך אָפּן אַרויסגעשטעלט אַלע שפּיזן פון דער סיטואַציע, אין וועלכער איך האָב זיך אַליין בידים אַריינגעפירט. אָבער די יאָרן נסיונות, די דורכגעליטענע הינדערנישן האָבן באַוויזן, אַז געמלער אין דעם איז געווען פאַרשטעקט די וואָגיקייט, די טיפקייט, דער גרויסער ווערט פון דערוואָרבענעם נצחון איבער אַלע שוועריקייטן. אין אַ חודש אַרום האָב איך געהאַלטן אין האַנט דעם אַטעסטאַט, געהאַט דאָס רעכט צו שרייבן אויף מיינע פּלאַ־קאַטן: „אַרטיסט פון טעאַטער פון פּעטערבורגער ליטעראַריש־קינסטלע־רישער געזעלשאַפט". ס'איז נישט געווען קיין איין ייד אויסער מיר, וואָס זאָל האָבן באַקומען אַזאַ אַטעסטאַט... איך האָב פאַר כמעט 10 יאָר אַרבעט אויף דער רוסישער בינע נאָכן פאַרענדיקן די שול אויסגענוצט דאָס רעכט צו דרוקן אויפן אַפּיש דעם „טיטל" איין איינציק מאָל. אָבער איך האָב די וואַנט פון גלייכגילט — ערגער: פון שנאה! — דורכגעבראָכן. דורכ־געבראָכן — אָן מינדסטן קאָמפּראָמיס מיט מיינע געפילן פון אַ יידיש קינד, פון מענטשלעכער ווירדע, פון אָנגעהעריקייט צו דער אידעען־וועלט פון מיינע אמאָליקע לערער.

דער לייענער קען שוין אַליין, וואָס מיט מיר איז פאַר די יאָרן גע־שען; איך האָב נישט נאָר קיין זאַך נישט באַהאַלטן — איך האָב געוויסע מאָמענטן, עפּיזאָדן באַוויזן אונטער אַ „פאַרגרעסער־גלאָז".

און איצט פאַרן „צאתך לשלום" וויל איך ברענגען עטלעכע סקיצן, פּאָרטרעטן, צייכענונגען פון די מענטשן, מיט וועלכע איך ביז די יאָרן געווען אויסגעבונדן. אַ טייל פון זיי זענען פאַרשווינען מיט וועלטנעמען; אַנדערע נישט באַקאַנט די מיליאָנען מאַסן איבער ווייטע וועלט־שטחים, אָבער — אָנגעזעענע אין קרייזן פון טעאַטער. מיך אינטערעסירן זיי אויף אַזוי פיל, אויף וויפל מיין דערנענטערונג צו זיי האָט געלייגט אַ חותם אויף מיין אַנטוויקלונג; האָט באַרייכערט און פאַרטיפט מיינע איינדרוקן; האָט מיך געלערנט דערזען און דערקענען די פאַרשידענע עקזעמפּליאַרן פון מענטשן־מין.

איך האָב דעם לייענער באַקאַנט געמאַכט מיט אַ ריי געשטאַלטן פון גרויספירשטלעכן שלאָס... איצט קומען פאַרשטייער פון יענעם פּעטער־בורג, צו וועלכע אין די פּראָגרעסיווע קרייזן האָט מען זיך באַצויגן טייל־ווייז מיט אומצוטרוי צוליב זייער אָנגעהעריקייט צום קרייז פון „נאָוואָיע ווריעמיא"; טיילווייז מיט אָפענער שנאה, ווי צו די אוממיטלבאַרע באַלע־

באַטים און שעפער פון די „נאָוואָוורעמענישע" גיפטמישונגען אין געזעל־שאַפטלעכן לעבן פון דעמלטיקן רוסלאַנד און אין די פראָצעסן פון זיין קולטור.

די בולטסטע פיגור פון שוואַרצער רעאַקציע איז געווען, פאַרשטייט זיך, סוואָרין אליין. און נישט צוליב דעם, וואָס ער זאָל האָבן געשריבן „שוואַרצער" ווי אַנדערע מיטאַרבעטער פון „נאָוואָיע ווֿרעמיא". אין דעם פּרט האָבן אים אַזעלכע פיגורן ווי מענשיקאָוו, ווי בו־רענין און אפשר — דער אין פריערדיקע קאַפּיטלען דערמאָנטער — וו. וו. ראָזאַנאָוו — איבערגעלאָזט אין הינטערגרונט. סוואָרין איז געווען, נישט אַזוי דער ראש המדברים, ווי — דער קאָפּ, דער אָרגאַניזאַטאָר.

אָבער אין בילד פון די איינדרוקן און איבערלעבונגען, וואָס האָבן אין יענע יאָרן מיך באַאיינפלוסט, געפירט, געמאַטערט און געפּורעמט, וואָלט געווען פשוט אַ „פליך", ווען מיר גייען פאַרבײַ — אָט־די פיגור און די מאָמענטן פון מיינע אוממיטלבאַרע צוזאַמענטרעפן מיט אים.

נאָך דער ערשטער באַקאַנטשאַפט, בעת ער האָט אויף זיין פראַגע: „איר זייט אַ דייטש? דערהערט: „ניין, אַלעקסיי סערגעיעוויטש, איך בין אַ ייד!" זענען אריבער וואָכן, אפשר — חדשים, און איך האָב נישט גע־הערט און נישט געטראַכט וועגן אים. ערגעץ אין „אונטערערדישע שטראָ־מען" אָדער „איבערלופטיקע ספערן" — פלעגן זיך כסדר ארומטראָגן ידיעות, סברות, אָנדייטונגען וועגן דעם, וואָס עס קומט פאָר אין „ערטע־לעוו פּערעאולאָק". ערטעלעוו פּערעאולאָק איז געווען דער אדרעס פון דער רעדאַקציע, פון פאַרלאַג, פון זיין פּערזענלעכער דירה. און מיטן באַגריף „ערטעלעוו פּערעאולאָק" איז געווען פאַרבונדן די אַלגעמיינע פאָרשטע־לונג וועגן דער שווערער כמאַרע פון דער נאָוואָוורעמענישער טעטיקייט...

„די לופט פון ערטעלעוו פּערעאולאָק", „דער ריח פון ערטעלעוו פּערעאו־לאָק", „דער אוויר פון ערטעלעוו פּערעאולאָק" — אַזוי פלעגט די ליבע־ראַלע און ראַדיקאַלע פּרעסע באַצייכענען יעדע דערשיינונג פון רעאַקציאָ־נערן טאָג, און אַלץ, וואָס האָט געטראָגן דעם חותם פון ערטעלעוו פּערע־אולאָק איז געווען פאַרהאַסט און טריף־פּסול.

איך בין אריינגעטרעטן אין שול, האָבנדיק פאַר זיך די געשטאַלט — „דאַלמאַטאָוו", ווי דאָס איז שוין דערציילט געוואָרן און נישט קוקנדיק אין דער זייט פון די אויסגעשפּראָכענע שונאים און רעאַקציאָנערן.

אין קורצע טעג נאָכן אָנהויב פון די לימודים האָב איך זיך אָנגע־שטויסן אין גלאַגאָלינען.

באָרים סיערגעיעוויטש גלאַגאָלין איז געווען דער ערשטער אַקטיאָר אין סוואָרינגס טעאַטער, דער רעדאַקטאָר פון „זשורנאַל ליטעראַטורנאָ־כודאָזשעסטווענאָוואָ אָסשטשעסטוואַ" און... האָריבלע דיקטו — סוואָרינגס פ ע ר ז ע נ ל י כ ע ר סעקרעטאַר אין די ענינים פון טעאַטער און פון דער שול... די אַלע פרטים און בעיקר: „סוואָרינגס סעקרעטאַר" — האָבן גלאַגאָלינען געמוזט מאַכן אין מיין פאָרשטעלונג פאר א פערזאָניפיקאַציע פון פינצטערער רעאַקציע, קאָנקרעט גערעדט: פאָגראָמען, תפיסות, תליות, „וולאַדימירקא"...

זיין פראַזע: „מיר האָבן אַריינגענומען אין שול א יידן, אָבער א טייוולאָניש טאַלענטפולן", וועלכע איך האָב אינגאַנצן צוגעשריבן צו די טאַלאַנטן פון שיינעם קורזשנירן, האָט עפעס אזוי ווי געשפאָלטן מיין פאָרשטעלונג וועגן דער שוואַרצקייט פון אָט־דעם „פאָגראָמשטשיק". און נאָך אין א קורצער צייט ארום האָט מיר וואסיא איגנאַטאָוו צוגעטראָגן דעם זשורנאַל מיט מיין אָפּבילדונג און אויפשריפט: „דער שילער מענאַקער אין דער ראָלע פון אַלטן באַיאַן". איך האָב, פאַרשטייט זיך, געזאָלט גלאַגאָלינען באַדאַנקען פאַר זיין אויפמערקזאַמקייט און וואַרעמקייט, וועלכע זענען נאָך די גייסטיקע ענויים ביי יאַנאָוון געווען ממש אַ חיות, אָבער איך האָב גלאַגאָלינען נישט געזאָגט קיין איין גוט וואָרט... און ער האָט נישט פאַרשטאַנען, אז די סיבה פון מיין שווייגן איז מיין ווילדע, פון צעקאַליעטשעטן חינוך שטאַמענדיקע אָפּגעזונדערטקייט, מיין מורא פאַר מענטשן. מיין האַלטונג האָט ער אויפגענומען ווי די שנאה פון יענעם לאַגער צו ערטעלעוו פערעאולאָק... נאָך אזא באַציונג פון מיר צו דער ארויסגעוויזענער אויפמערקזאַמקייט האָט ער שוין אין מיר געזען... אַ קעגנער. אָבער איך האָב פון אים מער ווי גוטס אויך ווייטער נישט אָנגעטראָפן.

צו מיר פלעגן כסדר דערגיין אַזעלכע מיני פאַרטויבטע ידיעות, אז מיין לאַגע אין שול איז אַ צייטווייליקע; אַז פון „אַלטן" האַלט מען בסוד דעם פאַקט, וואָס א ייד איז צווישן די סטודענטן; אַז יאַנאָוו האָט אויף די זיצונגען פון פעדאַגאָגן־ראַט נישט איינמאָל געפאָדערט, מען זאָל מאַכן א סוף צו דער „קאָנספּיראַציע" און קאָנען קוקן דעם שעף און פאַטראָן אין די אויגן. אָבער יאַנאָוו איז פון שול ארויסגעפלויגן — ווי באַשריבן, — די חדשים זענען געפלאָסן און אין אָנהויב פון צווייטן לערנ־יאָר איז פאָרגעקומען דער האַלב־קאָמישער און אין גרונט — ד ר א מ א ט י ש ע ר עפּיזאָד מיט מיין ערשטן צונויפקומען זיך מיטן „אַלטן".

ווידער איז עס געווען גלאַגאָלינס האַרציקע באַציונג צו מיר: דאָס

האָט ער מיך דאָך צוגעפירט און פאָרגעשטעלט סוואָרינען. אז איך וועל סוואָרינען זאָגן: „כ׳בין א ייד“ האָט ער אפילו נישט דערלאָזט דעם מינדסטן געדאַנק. ער האָט אפשר נישט געטראכט, אז דער אלטער וועט די שאלה שטעלן, אָבער אזוי ווי דאָס איז פאָרגעקומען איז עס געווען א מין רעפּרימאַנד — אויסער די גרענעצן פון אלעמענס דערווארטונגען און פאָרשטעלונגען... אָבער — געשעען! ווי אזוי צו דער מעשה האָבן זיך באצויגן אנדערע פון די פּראָפעסאָרן (געווען א משומד אויך!) — דאָס ווייס איך נישט, אָבער אן אומגעריכטע מעטאַמאָרפאָזע איז געשען מצד דעם „אלטן“ לגבי מיר. מע פלעגט מיר צוטראָגן מיט א שמייכל יעדע ידיעה, אַז ער האָט געפרעגט וואָס איך מאַך, וואָס איך טו. איך פלעג עס אויפנעמען ווי נישט קלוגע שפּאַסערייען. נאָך דעם, ווי איך האָב זיך דערוווסט וועגן דער שתדלנות ארום מיין ווינרעכט און די מפּלה, האָב איך צו מיין טיפער שטוינונג דערהערט, אז ער, סוואָרין, האָט אונטערגעשריבן די ווענדונג דורך סטאָליפּינען צום הויפּט-מיניסטעריום וועגן מיר. צי איז עס אזוי געווען, אָדער דאָס האָט געהערט צום אסאָרטימענט פלאכע וויצן ארום דעם אלטנס „פארליבטקייט אין אַבראַשקען“ — דאָס ווייס איך נישט. אָבער אָן ספק איז דאָס, אז איך בין אריין געטראָגן געוואָרן אין קרייז פון די אָנערקענטע געווונשענע קאַנדידאַטן צו מאַכן א קאַריערע אין דער סביבה פון ערטעלעוו פּערעאולאָק. אין „נאָוואָיע ווּרעמיא“ האָב איך איבערגעלייענט די ערשטע רעצענזיע וועגן זיך. גלאַגאָלין האָט נאָך מיין קורצן סקיץ איבער קאָקלען ענעי׳ס טויט מיך אָנגעהויבן באַגריסן, רופנדיק מיך מיט איראָניע: „וועליקי פּיסאַטעל זעמלי רוסקאָי“.

און ס׳איז מיר אויסגעקומען אריבערצוטרעטן די שוועל פון סוואָרינס הויז... דאָס איז שוין אַ „קאַפּיטל פאַר זיך“, און אַריבערהיפּן עס לאָזט זיך בשום אופן נישט.

## XX. א. ס. סוואָרין

סוואָרין האָט צווישן אַנדערע זיך און טעכטער געהאַט אַ טאָכטער מיטן נאָמען: „אַנאַסטאַסיאַ“. אין עלטער פון אַ יאָר 35 לערך האָט זיך איר פאַרגלוסט ווערן אַן אַקטריסע. געטראַכט און געטאָן. זענען פאַר־בעטן געוואָרן עטלעכע פון די אָנגעזעענסטע פּעטערבורגער פּאַכ־לײַט — רעזשיסערן פון „אַלעקסאַנדרינסקי“־טעאַטער, פון „סוואָרינסקי“ (אַזוי האָט מען אין אומגאַנג גערופן דאָס טעאַטער פון דער „ליט.—כוד. אָבשטשעסטוואָ“), און מען איז צוגעטראָטן צו די פּראָבן. אָבער וואָס װעט אַזאַ אַנאַסטאַסיאַ אַלעקסעיעוונאַ שפּילן? הויבט זי אָן נישט מער און נישט ווייניקער ווי מיט דער „קאַמעליען־דאַמע“ — דיומאַס באַרימטע דראַמע!

מילא, באַשרייבן די פּראָבן וועל איך מיך נישט אונטערנעמען... אַ פּרויעגוועזן מאַכט די ערשטע שריט אויף די בינע־ברעטער! און אין אַ ראָלע, וועלכע נישט יעדע געניטע אַקטריסע האָט געפּועלט אויפצוהויבן. וואָלט זי נאָך אָנפּאַרטרויט איר גורל אַ יינאַ יינציקן רעזשיסער! איז עס דאָך סוואָרינס טאָכטער: נעמען זיך פאַר אירע שוואַכע כוחות אַ 4—5 ספּעציאַליסטן מיטאַמאָל, און יעדער „אַרבעט“ לויט זיין מעטאָד: אַרבאַטאָוו, דאָלינאָוו, גלאָוואַצקי, קאָרווין־קרוקאָווסקי... מען קאָנסולטירט, מען מאַכט עקספּערימענטן, מען מאַטערט זי אויף הונ־דערט אופנים.

זי וואַרפט אומבאַהאָלפענע בליקן אויף יעדן, אויף אַלעמען, אויף נאָך אַנדערע, צופעליקע געסט, וואָס קומען אָנקוקן דאָס „בייזוווּנדער“: אַ קליי־ניקייט — ניט קענענדיק מאַכן אויף דער בינע אַ שריט — שפּילן... מאַר־גאַריטע גאָטיע!

כ׳וועל דערביי מיר דערלויבן אַ קליינע דיגרעסיע צו דערציילן דעם לייענער אַ סוד — סוביעקטן אַבסאָלוט אומפּעיקע, וועלכע פאַרמאָגן נישט

קיין סימן פון סצענישער באַגאַבונג — אַזעלכע באַטרעטן אָפּטמאָל די בינע=ברעטער און „דערלאַנגען די סחורה“, ווי דערפאַרענע פאַכלייט — דאָס זענען רונדע, הונדערטפּראָצענטיקע טאַלאַנטלאָזיקייטן, וועלכע פילן אַפילו נישט דעם *חילוק* צווישן *פונקציאָנירן* און קאָנקרעטן אומגאַנג און — *שפּילן*, ס'הייסט: *לעבן קאָנווענציאָנעל* אין די אויסגעטראַכטע אומשטענדן פון דער געגעבענער סצענישער סיטואַציע.

אַזעלכע „אַרטיסטן“ פאַרטרייבן פון זייער ערשטן אַטעמצוג יעדן שפּור פון קינסטלערישן יש, פון שעפערישן תמצית ארום זיך. זיי „נעמען“ זייערע פּיס און שפּרייזן, זייערע הענט און פּאָכען, זייערע צינגער און ציינער — און רעדן און דאָס איז פּונקט אַזאַ פּראָצעס, ווי כאַפּן אַן עמער וואַסער און גיסן אויף אַ פייער, וואָס איז אומגעריכט אויסגעבראָכן — נישטאָ וואָס צו טראַכטן: „פּלי!“, „שים!“, „גים!“, „מאַך!“... אָבער וואָס מער עמעצער טראָגט אין זיך די פונקען, די זוימען, די קערנער — פון *איבערקערפּערן זיך*, — איבערגעשטאַלטן, אַוועקגיין פון די אַרומיקע קאָנקרעטע פאַקטן אין דער אידעאַלער, אַבסטראַקטער וועלט פון דיכטערס פאַנטאַזיע, — אַלץ טיפער איז ביי אַזאַ סוביעקט דער ציטער — מען רופט עס: „טרעמע“ — פאַרן אויפטריט. און די *טרעמע* איז ביי גרויסע, אמתע קינסטלער אַ חוק ולא יעבור אין משך פון זייער גאַנץ לעבן, ביי אַ 50=יאָריקן סטאַזש ווי ביי די ערשטע שריט. און דאָס איז נישט „שרעק פאַרן עולם“, ווי דאָס רוב מיינט — דאָס איז אַ ציטער פאַר זיך; אַ מורא, אַז עפּעס וועט צעשטערן דעם שעפערישן פּראָצעס אויפן שוועל צווישן *לעבן און שפּילן*. די טרעמע פאַרשווינדט אָן אַ שפּור ביי די ערשטע טריט אויף סטענער, ווען ס'איז געלונגען גליקלעך אַריבערצוטרעטן די שוועל צווישן ווירקלעכקייט און פאַנטאַזיע. ווען דער אַרטיסט האָט שוין דערפילט, אַז ער איז נישט דער, וואָס האָט געלעבט ביזן אויפטריט, נייערט דער, וואָס דאַרף לעבן איצט, דאָ, פאַר די טויזנט אויגן און 500 הערצער, וואָס קוקן און קלאַפּן אין איינקלאַנג מיט זיין אָטעם.

אַנאַסטאַסיאַ אַלעקסעיעוונאַ האָט געקאָנט „נעמען אַ טאָן“: רעדן דעם טעקסט, ארומגיין, זיך זעצן, לאַכן, מאַכן אַן אומעטיקן אויסדרוק פון פּנים, אויפשטיין — צו איר הילף און דינסט, ווי געזאָגט, זענען געשטאַנען אַ ריי ספּעציאַליסטן, וועלכע האָבן איר געוויזן, געפירט, געהאָלפן. אָבער זי איז געווען ווי געליימט... און דאָס איז געווען דער בעסטער באַווייז, אַז אין איר גליט דאָס **feu sacré** — דאָס „הייליקע פייערל“ — אַז זי

מ אָ נ ט  ביי זיך און קאָן זיך נישט צופרידן שטעלן מיטן מעכאַנישן, גלאַטיקן נאָכמאַכן דאָס, וואָס איר באַווייזן די צאָלרייכע משרתים, וועלכע זענען געקראָכן פון דער הויט נושא חן צו זיין ביים אַלטן.

איז לאָמיר זיך צוקוקן צו אים.

ער האָט אין טעאַטער פאַרבראַכט אַ גרויסע העלפט פון זיינע יאָרן...

שטאַמענדיק פון דאָרף, האָבנדיק זיין זעלבסטשטענדיקן קיום אָנגע-הויבן אַלס  ר אַ ד י ק אַ ל ע ר  זשורנאַליסט, לויט זיין מהות אַ „ראַזנאָ-טשינעץ“, האָט ער — אָן שטיצע, אָן לעבנסמיטלען, וועלכע עס האָבן יאָ פאַרמאָגט אין אַ געוויסער מאָס אַנדערע „ראַזנאָטשינצעס“ — אָנגע-הויבן זוכן אַ וועג צו קריגן אַ פאָר שיך און אַ טעלער באָרשטש. און בעת עס האָט זיך אָנגעהויבן די פּראָסלאָוויאַנישע באַוועגונג אויף די באַל-קאַנען, און רוסלאַנד האָט אויפגעהויבן די פאָן פון „באַפרייונג פאַרן סלאַוויאַנערטום“, איז סוואָרין צוגעשטאַנען צו דער סלאַוויאַנאָפילישער באַוועגונג אָן שום קאָנפליקט מיטן געוויסן פון ראַדיקאַלן ראַזנאָטשיניעץ און אָנגעהויבן זיין זשורנאַליסטישע טעטיקייט אין יענעם לאַגער. אָבער די וועגן פון דער רוסישער פרייהייט-באַוועגונג זענען זיך מיט דער באַפרייונג פון סלאַוויאַנערטום באַלד פאַנאַנדערגעגאַנגען. סוואָרין איז פאַרבליבן אין יענער מחנה... און דער מוח פון רוסישן „מוזשיק“ האָט אים געשווינד אָריענטירט, וו ער האָט צו זוכן דעם קוואַל פון ווילטאָג. פון קאַמף פאַר סלאַווישער פרייהייט ביז „פּראַוואָסלאַוויע, סאַמאָדערזשאַוויע, נאַראָדנאָסט“ איז נישט מער ווי  א יי ן  טראָט, און די צייטונג „נאָוואָיע ווערעמיאַ“, וועלכע ער האָט געגרינדעט, איז געוואָרן די רייכסטע און איינפלוסרייכסטע צייטונג אין פעטערבורג.

מיט די רעכטע „סחורות“ האָט סוואָרין  ג ע ה אַ נ ד ל ט,  פאַר-קויפנדיק „פּראַוואָסלאַוויע“ און „סאַמאָדערזשאַוויע“ במקח השוה. אין דעם איז געווען אַ גרויסע מאָס ציניזם, גלייכגילטיקייט צו דער פאָן, אונ-טער וועלכער ער האָט אַמאָל אָנגעהויבן זיין לעבנסוועג און פּובליציסטישע קאַריערע. ציניזם איז אַ כאַראַקטערשטריך פון דעם קרייז מענטשן, צו וועלכן ער האָט געהערט. גלייכצייטיק האָבן מיליאָנען עקזעמפּליאַרן פון זיין פאַרלאַג פאַרפלייצט דעם דעמלטיקן דאָרף מיט די ווערק פון סאָפאָק-לעסן, עאוריפידן, עסכילאָסן און צו 10 קאָפּיקעס — די ווערק פון פּושקי-נען, לערמאָנטאָוון, גאָגאָלן, נעקראַסאָוון, קאָלצאָוון. ער איז געווען אַ פויער און האָט מיט דער איראָניע פון אַ פויער געקוקט אויף די זאַטע האַלבע פּריצים, וואָס פריידיקן פרייהייט און גלייכהייט פרעסנדיק און זויפנדיק

די שווייסן פון זייערע באַטראַקעס. ער האָט איינגעזען „פּאָליטישע שפּיצ־לעך" אין זייערע געננג און ער האָט געהאַט זיינע גענג און שפּיצלעך. ציניש לאַכנדיק אין די פויסטן פון דעם אַלעמען ארום און ארום.

סוואָרין האָט אויך איינער פון די ערשטע (אויב ניט דער סאַמע ערשטער) אַרויסגעבראַכט אויף דער רוסישער בינע — איבסענען. לעוו טאָלסטאָיס „די מאַכט פון דער פינצטערניש" איז אויפגעפירט גע־וואָרן אין זיין טעאַטער מיט איין טאָג פריער ווי אין „אַלעקסאַנדרינ־סקי" (אים איז געגאַנגען צו באַווייזן, אַז „נאָוואָיע ווערעמיאַ" האָט מער מאַכט און איינפלוס ווי דאָס מיניסטעריום פון צאַרישן הויף). דאָס מאָס־קווער „קונסט־טעאַטער" האָט אַזוי ארום די אויפפירונג געקאָנט רעאַליזירן אַדאַנק זיין איניציאַטיוו צו באַקומען די דערלויבעניש, אויף וועלכער טאָלסטאָי האָט געוואַרט, דוכט זיך, איבער 15 יאָר... די דערלויבעניש צו שפּילן אַלעקסיי טאָלסטאָיס טרילאָגיע האָט אַרויסבאַקומען — סוואָרין.

„צאַר פיאָדאָר יאָהאַננאָוויטש" האָט ביי אים אין טעאַטער געשפּילט אָרלעניעוו און אָרלעניעווס אויפשוווּנג אין רוסישן טעאַטער איז אַ רעזול־טאַט פון סוואָרינס טעאַטראַלישער איניציאַטיוו. ער האָט אין טעאַטער פאַרבראַכט אַ העלפט פון זיינע יאָרן און טעג: געשריבן דראַמעס („די פראַגע", „טאַטיאַנא ריעפּינאַ", „דער צאַר דימיטרי סאַמאָזוואַניעץ און די צאַרעווּנאַ קסעניאַ"); אַנטדעקט אַ ריי טאַלאַנטן און זיי געהאָדע־וועט, דערפירט ביז וועלטבאַרימטקייט.

איז ער זוכה אויף דער עלטער, אַז זיין איינגן קינד, זיין טאָכטער דערשפּילט אַ באַרוף צו דער בינע... (זי איז שפּעטער געוואָרן אַ גוטע אַק־טריסע), זיצט ער אין לאָזשע, ווי זיין שטייגער איז, פאָלגט נאָך דעם גאַנג פון דער פּראָבע. דרייט אין האַנט דעם שטעקן, וועלכן עס געדענקען מכמה יאָרצענדליקער דורות שווישפּילער... ניט איינמאָל האָט ער, קלאַפּנדיק מיט אָט דעם שטעקן אין דיל פון זיין לאָזשע, אָדער איבערן באַריער, אָפּ־געשטעלט אַ גענעראַל־פּראָבע:

— האַלט! שלעכט! טאַלאַנטלאָז! אומזין! ליגן! שמירע!

אויף די פּראָבן פון „צאַר פיאָדאָר", ביז ער האָט אַריינגעפירט אין ספּעקטאַקל אָרלעניעוון — אומגעריכט, צו אַלעמענס שטוינונג און אַלע־מען צו להכעיס — האָט ער פון דער ראָל אַראָפּגענומען עטלעכע גרויסע אַקטיאָרן, וועלכע זענען צו אָט־דער ראָל געוואָרן געבראַכט קיין פּעטערבורג, בתוכם דער באַרימטער איוואַן איוואַנאָוויטש סודבינין. איינ־מיטן אַ מאָנאָלאָג, אין איינער פון די קולמינאַציע־סצענעס, ווען אַלע אַרום

זענען געווען פּאַרהיפּנאָטיזירט דורך סודבינינס קראַפט און קונסט, דערהערט זיך אַ געשריי פון דער לאָזשע:

— גענוג! קומט צו נענטער אַהער!

סודבינינען פאַלט נישט איין, אַז דאָס שרייט מען צו אים... אַזוינס איז נאָך נישט געהערט געוואָרן. ער שפּילט ווייטער, קוועטשנדיק מיט די פּלייצעס, וואָס אינמיטן זיין סצענע וואַגט עמעצער צו שטערן דער פּראָבע און פאַרפירן זייטיקע געשפּרעכן... שפּילט ער ווייטער.

אָבער סוואָרין קלאַפּט מיטן שטעקן אין לאָזשע. —

— הערט אויף!... איר! ווי רופט מען אייך! און דער שטעקן דונערט.

— איוואַן איוואַנאָוויטש, רופט מען מיך — האקט איבער סודבינין די פּראָבע און דרייט זיך אויס האַלב מיטן רוקן צו דער לאָזשע, נישט גלויבנדיק, אַז אים מיינט מען עס.

— יאָ, יאָ... איוואַן איוואַנאָוויטש... איוואַן איוואַנאָוויטש... איר זענט זייער אַ גוטער, געניטער אַקטיאָר, איוואַן איוואַנאָוויטש. איר קענט די מלאכה, אָבער איר שפּילט דאָ פאַר אונדז „ניקיטען“ פון „דער מאַכט פון דער פינצטערניש“. איך צווייפל נישט, אַז דאָס וועט איר מאַכן פערפעקט. אָבער נישט דאָס דאַרפן מיר היינט האָבן... „פּיאַדאָר“ איז אַ גאַנץ אַנדער ענין. דער פּרווו מיט אייך איז נישט געלונגען ווי אַלע ביז אייך. גענוג. די היינטיקע פּראָבע איז פאַרענדיקט.

ס'איז איבעריק צו שילדערן וואָס אין טעאַטער האָט זיך אָפּגעטאָן. סודבינין איז געווען נישט נאָר אַ מענטש מיט אַ גרויסן נאָמען — אויך אַן אָנערקענטער גרויסמייסטער פון בינעקונסט, אַן אויטאָריטעט... לאָמיר נאָך דערמאָנען, אַז צו יענער צייט, פאַר דעם אַנטשטיין פון דער שיטה „סטאַניסלאַווסקי—ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ“, איז „אַקטיאָר“ סתם געווען אַ „הייליקייט“, און ס'איז נישט געווען קיין פאַל, אַז מען זאָל אַן אַקטיאָר אויף וועלכן עס איז אופן — וועגן באַשריבענעם אָפּגערעדט — אָנווייזן זיין פעלער, אַראָפּרייסן זיין אויטאָריטעט בפני עם ועדה.

סוואָרין איז אין טעאַטער געווען — אויב נישט אַ רעוואָלוציאָנער, איז — אַ בונטאַר. מיט פאַרגליווערטע ווערטן, פאָרמען האָט ער כסדר געפירט מלחמה.

און ממש ריזיקע זאַכן האָט ער אויפגעטאָן אויפן פאַרלעגערישן געביט. נישט אַנדערש ווי אַ ריזיקער אויפטו קאָן ווערן באַצייכנט דאָס פאַרשפּרייטן „דעם געשמידטן פּראָמעטעאוס“ צו צען קאָפּיקעס צווישן די דעמאָלטיקע מאַסן.

זיצט אָט דער בונטאַר, קוקט ווי זיין קינד באַגיסט זיך מיט טרערן און שווייס און קיינער קאָן איר נישט ארויסהעלפן.

מיט אמאָל הערט זיך אַ מין ברומעריי מיט אַ טאָן פון פאַרדרוס און איינגעהאַלטענער רוגזה:

— ביי מיר אין טעאַטער איז שוין אַזאַ לופט, אַזאַ פלוד, אַזאַ אַט־מאָספער פון שימל און פוילונג. אפילו זשידעס ווערן דאָ אומפעיק און קאָנען גאָרנישט אויפטאָן.

איך וויל דאָ דערמאָנען דעם צופאַל, וואָס מיר האָבן באַשריבן אין אָנהייב פון אונדזער דערציילונג: ווי אַזוי צוויי יינגלעך האָבן זיך צעקריגט. איינער האָט אַ געשריי געטאָן: „זשידאָווסקאַיאַ מאָרדאַ“, דער צווייטער האָט אים שיר נישט געממיתט, און איך, קוקנדיק פון דער זייט, אין עלטער פון 11 יאָר, האָב געזאָגט צו מיין פאָטער, אַז דער „שייגעץ“ האָט בשום אופן נישט געמיינט מיט זיין „זשיד“ אַ ז ו י שלעכט, ווי דאָס יידישע יינגל האָט עס אויפגענומען.

אין סוואָרינס אויסגעשריי האָב איך דערהערט, אַז „זשידעס“ זע־נען ביי אים אין טעאַטער די פעיקסטע, און אַ פ י ל ו זיי ווערן אומפעיק אין דער אַטמאָספער פון שימל, וואָס הערשט דאָ.

אָבער אַנדערש האָט עס אויפגענומען דאַלמאַטאָוו, וועלכער איז צווישן אַנדערע געווען אין טעאַטער און געקוקט אויפן ביזוווגדער. דורך דער גאַנצער ריזיקער בינע הילכט אָפּ אַן אויסגעשריי און פילט אָן די געוועלבן פון גאַנצן זאַל:

— אַלעקסיי סערגעיעוויטש! אָט דעם אויסדרוק און נאָך אַזעלכע פון לעקסיקאָן, וואָס איז גאַנגבאַר אין שענק פון אַ באַשטימטן מין, לאָזט איבער פאַר דער רעדאַקציע פון „נאָוואָיע ווערעמיאַ“. דאָ זענען מיר אין טעאַטער און ווילן זיך נישט צוגעוווינען צו דעם אופן רעדן רוסיש...

דערזעענדיק מיך אָנגעשפּאַרט ביי דער וואַנט, האָט זיך וואַסילי פּאַנ־טעלעימאָנאָוויטש דערנעענטערט, מיך אָנגענומען ביים אָרבל און געפרעגט:

— איר האָט זיך באַליידיקט, מיין יונגער פריינד? איר זענט אויפ־געגערעגט?

— נישט אויפגערעגט, וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש. איך אָטעם שוין דאָס דריטע יאָר אין דער לופט, כ'בין געקומען, ווייסנדיק, אַז איך באַטרעט די שוועל פון „נאָוואָיע ווערעמיאַ“... כ'האָב געהאַט די געלעגנהייט זיך צו אי־בערצייגן, אַז אינמיטן מיט די ווילדגראָזן צווישן די דערנער וואַקסן רויזן,

טוליפּאַנען און ליליען. אַ דאַנק אייך, וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש, פֿאַר־אַלץ און פֿאַר הײַנט.

אָבער פֿון מײַנע אויגן האָבן אַ שטראָם געטאָן — טרערן...

ס'איז צוגעגאַנגען קאַרווין־קרוקאָווסקי, — אײנער פֿון די אײדלסטע מענטשן־עקזעמפּליאַרן, וועלכע כ'האָב ווען עס איז געטראָפֿן אין דער גרויסער וועלט. נאָך עמעצער... זײ האָבן צווישן זיך גערעדט, אויפֿגערעגט, מיט ווײטיק, מיט פּראָטעסט.

איך בין אַוועק אין אַ ווײַטן ווינקל.

*

* *

אין קורצע טעג אַרום בין איך געווען בײַ סוואָרינען אין הויז. די פּראָבן האָבן אָנגעהויבן ברענגען רעזולטאַטן. דער וואָגן האָט זיך אַ רוק געטאָן פֿון טויטן פּונקט... די איבעריקע ראָלן האָבן געשפּילט אונדזערע סטודענטן. דער שלאַנקער שײנער זשעניאַ באַראָניכין האָט געשפּילט „אַרמאַן דיוואַל“. אַ קלײנע ראָל האָט געשפּילט מישאַ טשעכאָוו און מיר האָט מען אָנפֿאַרטרויט די פֿאַראַנטוואָרטלעכע אויפֿגאַבע צו פֿאַרקערפּערן „זשאָרזש דיוואַל“, אַרמאַנס פֿאָטער.

די סצענע צווישן אַלטן דיוואַל מיט מאַרגעריטען געהערט צו די קולמינאַציעס פֿון ספּעקטאַקל.

מיר האָבן אין קאַפּיטל וועגן סאַראַ בערנאַר אויספֿירלעך די דאָזיקע סצענע באַשריבן און גענוי געשילדערט ווי אַזוי די אומשטערבלעכע פֿראַנצויזישע שוישפּילערין האָט געשפּילט אירע מאָטיוון. „דיוואַלן“ האָט דעמלט געשפּילט אַן אַקטיאָר, וועלכער האָט נישט באַוויזן צו פֿאַרבלײַבן בײַ מיר אין זכרון אַזוי ווי סאַראַ.

אין ספּעקטאַקל, וועלכן מיר האָבן דאָ געגרײט, האָט די סצענע געפֿירט קאַרווין־קרוקאָווסקי און בײַ דער דריטער־פֿערטער פּראָבע האָט ער געזאָגט:

— די סצענע איז פֿולקאָם פֿאַרטיק... בראַוואָ, בראַוואָ, מײַנע טײַערע פֿרײַנד! דאָס אײנציקע, וואָס איך וואָלט אײַך געראָטן איז — אַ סך מאָל בײַנאַנד, אָן זײַטיקער הילף, די סצענע שטודירן, זוכן דעם קאָנטאַקט צווישן זיך, געפֿינען האַלבע טענער, ניואַנסן, אינטימקײט; עס זאָלן שפּילן אײַער פֿולן קאָנטאַקט אײַערע געמיטער, אײַערע הערצער, אײַערע נשמות. נאָך אַ וואָך־צוויי פֿון אַזאַ צוזאַמענאַרבעט, וועל איך די סצענע נאָך אַמאָל אַ

קוק טאָן און כ'בין זיכער, אַז זי וועט זיין איינע פון די פונדאַמענטאַלע אין דער פאַרשטעלונג...

— אפשר וועט אבראַם וועניאַמינאָוויטש איינשטימען צוזאַמען מיט יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטש באָראָגיכינען זיך מטריח זיין קומען צו מיר אַהיים? דאָרטן וועלן מיר קאָנען טאָן אונדזער זאַך אַזוי, ווי עס וויל הער קאַרווין־קרוקאָווסקי.

אַזוי האָב איך איבערגעטראָטן די שוועל פון סוואָרינס היים. ווי אָפט כ'בין דאָרטן געווען געדענק איך נישט. כ'געדענק, אַז איינמאָל, קומענדיק, האָב איך נישט געטראָפן באָראָגיכינען און נאָכדעם, ווי מיר זענען אַ פּאָר מאָל דורכגעגאַנגען אונדזער סצענע, האָט אַנאַסטאַסיאַ אַלעקסעיעוונאַ גע־פרעגט צי וויל איך טיי, צי קאַווע?

— איך טרינק נישט קיין הייסע משקאות — זאָג איך.

— איר האָט אייגענע היץ? — לאַכט זי זיך פאַנאַנדער... וואָס זשע טרינקט איר? אפשר ווייַן? קאָניאַק? ביר?

— מינעראַל־וואַסער!

— אך, ווי טוגנדליך!... א „כשרער" מענטש?

— אין קאָרטן שפּילט איר?

— אַ טיפּן עקל צום געדאַנק וועגן זיי. איך ווייך פון צימער, וווּ מען שפּילט

— רויכערט איר?

— זעלטן און קליינע ציגאַרן.

— דאָס שמעקט שוין מיט עפּעס פון יצר־הרע. און דערבײַ בלײַבט עס?

— *Ca dépend*[*] — זאָג איך.

— פון וואָס? פון וועמען?

— פון אומשטענדן. פון פּאַרטנערן. פון שטימונגען.

ס'האָט זיך געמאָלדן באָראָגיכין.

— אַ, אַבראַשקע, שוין לאַנג דאָ?

— מיר זענען שוין דורכגעגאַנגען אונדזער סצענע און נישט איינמאָל.

— היט זיך פאַר אים, אַנאַסטאַסיאַ אַלעקסעיעוונאַ. ער איז אַ שרעק־

---

* ווי אַמאָל...

לעכער הערצער־פּרעסער, פֿאַרפֿירט שיינע פֿרויען מיט איין בליק און וואָרט...

— ערשטנס, בין איך נישט קיין שיינע פֿרוי. צווייטנס, דראָט מיר שוין קיין געפֿאַר נישט נאָך דעם, ווי כ'בין אַרויס גאַנץ און אומשולדיק פֿון אַזעלכע לאַפּעס ווי אייערע, יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטש.

ער האָט לייכט פֿאַרזשמורעט זיינע גרויסע, גרויע אויגן.

איך האָב מיך געזעגנט און, דריקנדיק מיין האַנט, זאָגט זי צו מיר:

— איך האָף, אַז מאָסיע באָראָניבינס פּלאַכע ווייצן וועלן נישט צע־שטערן אונדזער גוטע פֿריינדשאַפֿט און איך בעט אייך פֿילן זיך ביי מיר אומגעשטערט און פֿריי...

בעת אַ צווייטן וויזיט אַ טאָג דריי שפּעטער האָט זי מיך באַגעגנט מיט אַ קאַטעגאָרישער מעלדונג:

— היינט נאָך דער פֿראָבע בלייבט איר אונדזער געפֿאַנגענער: דער פֿאָטער האָט מיך געבעטן פֿאַרהאַלטן אייך צו מיטאָג.

כ'בין געבליבן, פֿאַרבראַכט ביי זיי אַ שעה 5 און 1,1/2 פֿון זיי — מיטן אַלטן אין זיין קאַבינעט...

# XXI. תיקון

זיצנדיק אין טיפן פאַטעל ביים ריזיקן שרייבטיש אַנטקעגן אים, האָב איך דערהערט רייד, וועלכע מיינע אויערן האָבן אויפגענומען נישט גלייבנ־דיק זיך אַליין...

— פאַרוואָס האַלט מען מיך פאַר אַזאַ אַנטיסעמיט, קאָן איך נישט באַגרייפן. מיינע קינדער און אייניקלעך האָבן אַלע קאָרעספּאָנדענטן פון ייִדישע סטודענטן. זיי זענען אַלע סאָציאַליסטן, צום באַדויערן — דערצו קאָן איך נישט העלפן. די רעדאַקציע פון „נאָוואָיע ווורעמיאַ" איז פול מיט ייִדן. מיין הויזפאַרוואַלטער איז אַ ייִד. די צייטונג, אמת, דרוקט אָפט ייִדנפיינטלעכע אַרטיקלען... איז עס דאָך נישט מיין שטעלונג צו די ענינים: דאָס איז די מיינונג פון גרעסטן טייל פון אונדזערע לייענער און אַבאָנענטן. און אויב אין געוויסע פאַלן נעם איך אָן אַ שטעלונג קעגן דער שטעלונג פון דער ייִדישער פרעסע, איז עס אַבסאָלוט נישט מיין באַ־ציונג צו ייִדן, נאָר צו דעם געגעבענעם פאַל... כ'בין נישט געווען איבער־צייגט, אַז דרייפוס איז אומשולדיק. און מיך האָט געערגערט און אויפ־געבראַכט, וואָס ייִדן האָבן זיך געקליגט צו מאָביליזירן אַלץ, וואָס פראַנקרייך האָט פאַרמאָגט פון פובליציסטיק און אויפהויבן אַזאַ „ווייצעקץ" אין דער וועלט... דער ייִדישער קאַפּיטאַל פירט די וועלט. דאָס צווינגט אָפט צו קעמפן מיט ייִדישער אויבערמאַכט... אָבער ווען מען מענטש, וואָס דענקען און פילן, קאָן עס איינפאַלן צו לייקענען אין דער גרויס פון ביישטראַג, וואָס ייִדן האָבן געבראַכט דער וועלט? אייראָפּע? און אפילו רוסלאַנד?

ווער קאָן עס נישט וועלן וויסן וועגן אַנטאָקאָלסקין און לעוויטאַנען? צום אומגליק שלעפּט מען אַריין אין קאָכקעסל פון פּאָליטישן שרים־טאַנץ

ווערטן און פאַקטן, וועלכע מען וואָלט געדאַרפט אָפּהיטן און טראָגן ווי אַן איקאָנע.

ווען אַזאַ מאָנאָלאָג דערהער איך פון אַ זאַ סוואָרינען היינט, וואָלט איך, מסתמא, רעאַגירט...

דאַן, אַ 23=יאָריקער, האָב איך געהאָרכט און געפינטלט מיט די אויגן.

...צו וואָס דער 70=יאָריקער מענטש, וואָס האָט געהאַלטן אין זיינע הענט אַ מאַכט פון אַ פעאָדאַל, אָנגעפירט מיט צענדליקער אינסטיטוציעס און טויזנטער מענטשן, האָט געפונען פאַר נויטיק זיך אויסצוטענהן מיטן יידישן יינגל — באַגרייף איך נישט ביז היינט. מיר האָבן נאָכדעם געשמו=עסט וועגן טעאַטער=ענינים, וועגן אויפפירונגען ביי אים אין טעאַטער און אין אַנדערע טעאַטערן. ער האָט מיט אַ שמייכל זיך צוגעהערט צו מיינע באַהויפּטונגען און צום סוף לאַכנדיק געמאָלדן:

— אין געשפּרעך מאַכט איר אַן איינדרוק גיכער פון אַן ערודיר̇טן טעאָרעטיקער פון טעאַטער. כ'וואָלט נישט געגלויבט, אַז איר קאָנט עפּעס באַווייזן אויף דער בינע. אָבער כ'האָב אייך צוויי מאָל געזען שפּילן און בין געווען פּשוט נשתומם, ווען כ'האָב זיך דערוווסט, אַז איר געהערט נישט צו די קרייזן, וועלכע איר האָט פון דער בינע באַוויזן... עס זענען גאָר, ווייזט אויס, נישט פאַרשוווּנדן פון לעבן געוויסע „נסים" — אין דער קונסט יעדנפאַלס...

דאָס האָט געקלונגען ווי אַ לייכטער שפּאַס.

מיטאַמאָל האָט ער זיך אויפגעהויבן און, קוקנדיק אויפן זייגער, אַרויסגעברומט:

— די קונסט האָט היינט אָוועקגעגזלט ביי אַנדערע פונקטן פון מיין טאָג=אָרדענונג אַ פּאָר שעה גאָר אומגעריכט, אָבער מיר האָבן זיך פון לאַנג שוין געוואָלט נענטער צו אייך צוקוקן, און די פאַרלוירענע שעהן זענען נישט פאַרגאָטירט אין דער רשימה פון די היזקות פאַרן היינטיקן טאָג!... נאַסטיאַ! נעם אויף דעם גאַסט: איך פאָר אין רעדאַקציע. קלינג שוין אָן, אַז איך בין אונטערוועגנס, ווער עס וואַרט, זאָל נישט אַוועקגיין!

ער האָט פאַרמאַכט די טיר פון קאַבינעט, און איך האָב געקוקט צו דער פאַרמאַכטער טיר, שטייענדיק אַ פאַרחידושטער, ווי כ'וואָלט פון דער טיר געהאָפט צו באַקומען תשובות אויף אומגעריכטע און נישט פאַר=ענטפערטע שאלות. און פונקט ווי איך האָב קיין תשובה אויף די אָנגעַ=לאָפענע פראַגן נישט באַקומען ביי דער טיר פון סוואָרינס קאַבינעט, אַזוי

זענען זיי נישט פארענטפערט געוואָרן אין פארלויף פון די שפּעטערדיקע 50 יאָר.

*

* *

קיין איינדרוק פון טיפער מענטשלעכקייט, פון אַ וואַרעם האַרץ האָט סוואָרין נישט איבערגעלאָזט. דאָ איז נישט געווען די פיינקייט און איידל־קייט פון גענעראל לייטאַנאָרסקי, און נישט די פאָלקסטימלעכע, פויערישע פשטות און ליכטיקייט פון וואסיא איגנאַטאָוון. סוואָרין האָט איבערגע־לאָזט דעם איינדרוק פון א סוחר מיט א פויעריש־ביטערן מוח. אָבער אין מיין געמיט איז פארבליבן א צווייטע געשטאַלט פון א מענטשן — האָרט, וווּ מיין אָנגעווייטיקטקייט, מיין יידיש, צעפלאַגט האַרץ האָט געוואַרט אויף א רעצידיוו פון מיינע אָדעסער טעג.



ב. ס. גלאַגאָלין (אין דראַמע: „די זיבעצניעריקע“)

# XXII. פּאָרטרעטן

באָריס סערגעיעוויטש גלאַגאָלין איז געווען איינע פון די פאַרביקסטע פיגורן אין דער דעמאָלטיקער פּעטערבורגער טעאַטער־וועלט.

איך האָב אים געטראָפן 20 יאָר נאָך אונדזער צוזאַמענאַרבעט אין שול און אין זשורנאַל — אין ניו־יאָרק. איך בין געקומען שוין אַלס „פּער־סאָנאַ גראַטאַ“, אַנגאַזשירט צו מאָריס שוואַרצן אין „יידישן קונסט־טע־אַטער“ און באָריס סערגעיעוויטש האָט געהאַט פאַרלאָזן דעם סאָוויעטנ־פאַרבאַנד מיטן שטראָם עמיגראַנטן און געלעבט, דאַרף מען אָננעמען, אין דחקות בעת אים איז צוגעפאַלן דאָס גליק אויפצופירן ביי מאָריס שוואַרצן „אָטעללאָ“... איך האָב פּאַראַלעל מיטן אקטיאָר, וועלכער האָט מיט גלאַגאָלינען יאָרנלאַנג געאַרבעט אין סוואָרינס טעאַטער — פּאַוועל גריגאָריעוויטש באַראַטאָוו — געזאָלט שפּילן די טיטל־ראָל און דאָס האָט געקאָנט זיין אַ גרויסער נחת, אַזוי פאַר גלאַגאָלינען ווי פאַר מיר. אָבער ראשית מיין כראָנישע האַלדז־קראַנקהייט, והשנית — סיבות, וועלכע דאָ איז נאָך נישט צייט צו באַהאַנדלען, האָבן אונדזער „נחת“ געמאַכט צו נישט. גלאַגאָלין איז דאַן געווען ביי מיר אײַנדערהיים און איך האָב אין אומשטענדן, וואָס זענען געווען אַזוי אַנדערש און אַזוי פאַרשידן פון די אַמאָליקע אין פּעטערבורג, ווידער דערזען, אַז ער איז אַ מענטש פון הויכער קולטור, פון גוואַלדיקן האַרצן און אַ קינסטלער־נאַטור פון מאַרך ביז די פינגער־שפּיצן.

אלס אזעלכער ווערט ער געשילדערט מיט זייער א זאפטיקן פּענדזל אין די זכרונות פון זיגמונט טורקאָוו, וועלכער האָט מיט אים געאַרבעט נאָך דער אָקטאָבער־רעוואָלוציע און דערקענט גלאַגאָלינען, ווי א רעזשיסער פון גרויסן פארנעם און א מענטש, וואָס האָט געטראָגן אין האַרצן פאר ארומיקע יענע ווארעמקייט, וועלכע איך האָב אָנגעטראָפן ביי מיינע ערשטע שריט אין שול און פאר וועלכע די דאַנקבאַרקייט, דעמאָלט־קינ־

דישע, נאָכדעם טיף־מענטשלעכע איז צו אים קיינמאָל נישט געוואָרן אָפּ־געקילט.

ער האָט זייער אייגנאַרטיק, אויף זיין אופן דערקלערט מיין „עקשנות" אין ענין „ענדערן די רעליגיע". ער האָט אייגנעפונען, אז די פראגן פון קונסט און שעפערישן אויפקום זענען ביי מיר — אויפן צווייטן פּלאַן, אויפן ערשטן — ר ע ל י ג י ע. והראיה: „איבער רעליגיע זאָג איך זיך אָפּ פון א ברייטער טעטיקייט און בין גרייט בלייבן פארוואָגלט אין די שטעט־לעך"... אַליין איז ער געווען אַ רעליגיעזער מענטש. שטייענדיק פאַרן אויפ־טריט הינטער דער קוליסע און דערהערנדיק דעם סיגנאַל צום אויפטריט, פלעגט ער זיך פרום איבערציילעמען און נאָכדעם ארויפגיין אויף דער בינע. אויף דעם באָדן איז מיט אים אמאָל פאָרגעקומען אן אינצידענט, פון וועלכן איך האָב די פּרטים פארגעסן. אין זכרון איז מיר פארבליבן, אז דער זשורנאל „טעאטר אי אוסקוסטוואָ" (פון וועלכן דער רעדאַקטאָר איז געווען א בן הרב און... א משומד), האָט אויף גלאַגאָלינען אָנגע־שריבן א פּאַמפלעטישע נאָטיץ, אויסלאַכנדיק זיין „פרומען אופן" זיך גרייטן צום אויפטריט. איך האָב אוועקגעשיקט א „בריוו אין רעדאקציע", אין וועלכן איך האָב זיך היציק אָנגענומען פארן אַקטיאָר, וואָס באַציט זיך צום אויפטריט מיט תפילה אויף די ליפּן... דעם בריוו האָט די רע־דאַקציע, פארשטייט זיך, נ י ש ט אָפּגעדרוקט. איך האָב אפּעלירט צו גלאַגאָלינען, בעטנדיק אָפּדרוקן מיין בריוו אין זיין זשורנאַל. ער האָט זיך אָפּגעזאָגט, מעלדנדיק מיט אן ערנסטן אויסדרוק אויפן פּנים, אַז ער וועט נישט פארפירן קיין שמועס וועגן רעליגיעזע געפילן מיט א געשמדטן ייִדן... דאָס איז געווען אַ נאָטקע פון אויסגעשפּראָכענעם אַנטיסעמיטיזם. אָבער מיר איז געווען אָט דער „אַנטיסעמיט" סימפּאַטישער און נ ע ע נ ט ע ר צום האַרצן ווי דער אָביעקט פון זיין האַס...

עס האָט זיך אָפּגעשפּילט נאָך אַן עפּיזאָד פון זיין „ערטעלעווער" באציונג צו עניגים פון אַלטאָג.

באַראַטאָוו האָט געהערט צום מין מאַנספּאַרשוינען, וואָס באַוועגן זיך אויף זייערע לעבנסוועגן אויפן מאָטאָר פון אימפּאָנירנדיקער מענלעכקייט. ווייבער האָבן אין לעבן אַ יסד אייגנפלוס, און ווער עס איז נושא חן ביי זיי, יענעם געלינגט זיך צו באַוועגן פאָרויס מיט דער פלינקייט פון א... שנעל־צוג. באַראַטאָוו איז געווען לויט זיין אָפּשטאַמונג א ייִד, ער האָט שטו־דירט אויפן מעדיציניִשן פאַקולטעט פון פעטערבורגער אוניווערסיטעט; זיין שוישפּילערישע קאַריערע האָט ער אָנגעהויבן אין טעאַטער פון יאוואָר־

סקאַיאַ, שפּילנדיק די טיטלראָלע אין דער קאָמעדיע „נאַבלאָצקים קאַר־ יערע“, וואָס איר מחבר איז געווען דער ליבעראַלער קניאַז באַריאַטינסקי, דער מאַן פון דער אויסגעצייכנטער שוישפּילערין לידיאַ באָריסאָוונאַ יאַוואָרסקאַיאַ. באַריאַטינסקי האָט פריער געהאַט אַרויסגעגעבן און רעדאַקטירט די צייטונג: „סעווערני קוריער“, וועלכע איז געווען צו יענער צייט אַ „מרעיש־עולמדיקע דערשיינונג“ לויט איר ריכטונג. אפילו די קאָנסעקווענט־ליבעראַלע מאָסקווער צייטונג „רוסקיע וויעדאָמאָסטי“ האָט אויסגעזען קעגן דער ריכטונג פון באַריאַטינסקיס „קוריער“ ווי אַ „רעכ־ טער“ אָרגאַן. דעם „קוריער“ האָט די רעגירונג פאַרבאָטן און אויפן טע־ אַטער, וואָס באַריאַטינסקי האָט געעפנט אין פּעטערבורג קורץ נאָכן פאַר־ באָט פון דער צייטונג, איז מען אין ראַדיקאַלע קרייזן גוטה געווען צו ז ע ן אַ „פאָרזעצונג פון דער ראַדיקאַלער קאַמפּאַניע“. אָבער, אויב אין דער צייטונג האָבן זשורנאַליסטישע פעדערן „פרייהייטלעך“ געסקריפּעט, און דאָס האָט געהאַט דעם „טעם“ פון ראַדיקאַליזם, איז אין יאַוואָרסקאַיאַס טעאַטער דערפון נישט געווען, און ס'האָט סתם נישט געקאָנט זיין, קיין שפור: דאָ האָט געהערשט דער קאַפּריז פון דער פּ י ר ש ט ל ע כ ע ר אַרטיסטין, אין וועלכער עס האָבן געווירבלט די נטיות און געגנג פון אַ באַגאַבט פרויענוועזן מיט אַ צעבאַלעוועטער אַריסטאָקראַטקע. אין פרעמדע טעאַטערן האָט איר שטאַרק געשטערט איר אומגליקלעכער שטימ־ מאַטעריאַל: זי האָט גערעדט ווי אַ שיכורע גאַסנפרוי, מיט אַ הייזעריקן באַס. פאַרמאָגנדיק אַן אויסגעשפּראָכענעם סצעניש טאַלאַנט, אַ בלענדנ־ דיקע סצענישע אויסערלעכקייט, האָט זי געמוזט אָפּטרעטן פאַר קאָנקו־ רענטקעס מיט אַ סך ווייניקער רעכט אויף דערפאָלג. דאָס האָט איר, משמעות, דערעסן און זי האָט זיך דערשלאָגן צו אַן אייגענעם שעפערישן וואַרשטאַט. אָבער דאָס טעאַטער איז ווייטער ווי ביז אַ בירגערלעכן ני־ וואָ — סיי ליטעראַריש, סיי סצעניש, סיי אידעאָלאָגיש — נישט דערגאַנ־ גען. מיט די שעפערישע שוואַנקען, וועלכע אין יענע יאָרן (שפּעטער מיט 2—3 יאָר) האָט אונטערגענומען וויערא פיאָדראָוונאַ קאָמיסאַרזשעווס־ קאַיאַ, קאָנען זיך די שריט, וואָס יאַוואָרסקאַיאַ האָט געמאַכט, אפילו נישט פאַרגלייכן, ווייל דאָס זענען געווען, ווי געזאָגט, בלויז „קאַפּריזן פון אַ רייצנדיקער גרויסוועלט־דאַמע“.

ביי אָט די באַדינגונגען האָט אָנגעהויבן זיין שוישפּילערישן וועג באַ־ ראַטאָוו...

זיין נאָמען איז געווען „ברענער“ און אין סצעניש פסעוודאָנים

„באַראַטאָוו“ האָט געשמעקט אַזוי ווי אַ מין אָנדייטונג אויף דעם, אַז די פירשטלעכע משפחה האָט אים, אַזוי צו זאָגן, „צוגעטוליעט“, איינגעשלאָסן אין איר קרייז. פון „באַר—יאַטינסקי ביז „באַ—ראַטאָוו“ איז נישט קיין מהלך רב. און בעת דאָס פירשטלעכע טעאַטער האָט אויפגעהערט צו עקזיסטירן, דערזעען מיר אונדזער „דאָקטער ברענער“ גאָר שנעל אויף די ברעטער פון סוואָרינס טעאַטער. דעם מעדיצינישן פאַקולטעט האָט ער, לויט נישט דורכקאָנטראָלירטע ידיעות, נישט פאַרענדיקט. ווי אַזוי ער האָט זיך שנעל אַריינבאַקומען אין סוואָרינס אונטערנעמונג קאָנען מיר אויך נישט אויפקלערן דעם לייענער, ווייל קיין דירעקטע ידיעות האָבן מיר נישט און די עצם-„געשטאַלט“ אינטערעסירט אונדז דאָ בלויז צוליב דער באַשרייבונג פון ג ל אַ ג אָ ל י נ ס טעג און יאָרן. גלאַגאָלין האָט באַראַטאָוון נישט „גערן געהאַט“. און עס האָט אַנדערש נישט געקאָנט זיין: גלאַגאָלין איז געווען אַ זון פון אַ פאַראָרעמטן אַדלמאַן. אָבער לויט זיין מהות, לויט זיין נאַטור איז ער געווען אַ מענטש פון גרויסן שווערן נסיון; פון זוכן און איבערווינדן אויפן לעבנסוועג שוועריקייטן. און אַזעלכע מענטשן ק אָ נ ע ן נישט צוזען מיט גוטמוטיקן שמייכל יענע „אין העמדלעך געבוירענע“, וואָס דאָס לעבן איז פאַר זיי אַ מין שפאַציר איבער גרינע פעלדער און לאָנקעס...

באַראַטאָוו איז געווען אַ בולטער עקזעמפליאַר פון אַ ציבאַלעוועטן „באָן-וויוואַן“ און ער האָט קיין „פראָבלעמען“, קיין „פאַרפלוכטע פראַגן“ נישט פאַרשטאַנען און נישט פאַרטראָגן. אַ ייד פון פאָטער-מוטער, אַ סטודענט, האָט ער אָן ספק זיך געהאַלטן פאַר אַ מענטש פון „ראַדיקאַלער“ וועלט-אָנשויונג, אָבער די עצם סובסטאַנץ „איבערצייגונג“ — האָט זיך צו אים געפאַסט ווי אַן איידלשטיין צום שטערן פון אַ פאָפוגיי. ער האָט וועגן זיך אַליין געזאָגט, אַז ער איז אַ „הייד“, אַ „געצנדינער“, זיין קאָפּ און האַרץ פאַרטראָגן נישט קיינע שום פראַגעס און קאָנפליקטן און קאָליזיעס.

גלאַגאָלינס פרוי איז דעמלט געווען די שיינהייט פאָרטשינסקאַיאַ, איינע פון די פירנדיקע אַקטריסעס אין טעאַטער... און אויף אַ פראָבע האָט באַראַטאָוו דערפילט, אַז גלאַגאָלין איז נערוועז, רעגט זיך אויף ביי יעדער קלייניקייט. אויס וועלכע גרונטן איז באַראַטאָוון פאָרגעקומען איבעריק צו פאָרשן. געווען איז ער אַ „דזשענטלמען“ אין אַלע פאַלן פון אומגאַנג און בפרט אין באַצוג צו דאַמען, וועלכע ער האָט געהאַלטן הינטער געדיכטע פאָרטיערן. פלאַפלען, פלוידערן, רעדן וועגן זייערע צאָלרייכע הער=

פאָלגן — זאָל גאָט היטן! זעענדיק, אַז גלאַגאָלין איז אויפגעבראַכט קעגן אים און דאָס ווירקט אויפן גאַנג פון דער פּראָבע און שטערט אַלעמען אַרום צו טאָן רואיק זייער אַרבעט, האָט אונדזער דזשענטלמען מיט אַ רואיקן טאָן, אָן דער מינדסטער אויפרעגונג זיך געוואָנדן צו גלאַגאָלינען און געזאָגט:

— באַרים סערגעיעוויטש! איך זע, אַז איר זענט הײַנט עפּעס צעטראָגן, און מיר דוכט זיך, אַז איר האָט אַ האַרץ ספּעציעל אויף מיר... פאַרוואָס אָבער זאָלן צוליב דעם לײַדן אַנדערע? אויב איר האָט אַ וועלכן נישט איז גרונט צו זײַן בייז אויף מיר, אויב איר האַלט מיך קעגן אײַך שולדיק, האָט עס דאָך אַבסאָלוט נישט צו טאָן מיטן טעאַטער און מיט דער פּראָבע... איך בין גרייט צו יעדן מאָמענט געבן אײַך יעדע סאַטיספאַקציע, וועלכע איר וועט פון מיר פאַרלאַנגען. דאָ האָט איר מײַן וויזיט-קאַרטע.

און ער האָט זי אים אויסגעשטרעקט.

דאָס איז געווען אין אַן אויסדרוק פון „ריטערלעכקייט“, אַ גאַנג פון אַ האַרצלאָזער חיה מיט מאַנירן פון אַ פּעטערבורגער „סאַלאָגען-לייב“! די, וואָס האָבן בייגעוווינט די סצענע, דערציילן, אַז ביי גלאַגאָלינען האָט דאָס גאַנצע בלוט פון האַרצן צוגעפלאָסן צום קאָפּ און אָפּגעפלייצט צוריק אַזוי, אַז ער איז געוואָרן בלאַס ווי אין חלשות...

— וואָס פאַר „גרונטן“, וואָס פאַר „שולדן“? — האָט ער ציטערנדיק מיטן גאַנצן קערפּער, אַרויסגעמורמלט... איך וויים נישט וועגן וואָס איר רעדט און וויל מיט אײַך בכלל נישט פירן קיינע שמועסן...

און אָנקוקנדיק דורך זײַן פּענסנע די אויסגעשטרעקטע וויזיט-קאַרטע, האָט ער פאַרענדיקט:

— און פון ווען אָן האָבן עס רוסישע אַדללייט אָנגעהויבן זיך דועלירן מיט ייִדן?

איצט איז שוין גלאַגאָלין געווען „כולו חייב“: די פּראָבע צעשטערט אָן אַ גרונט, דעם דזשענטלמען באַליידיקט און דערצו באַוויזן דעם פּרצוף פון אַן אָפּגעפּעם יודאָפאָב און רעאַקציאָנער...

אָבער סיי יענעם טאָג, ווען אין אַ שעה אַרום האָט מען דעם אינצידענט מיט אַלע פּרטים געבראַכט אין שול אויף אַרבאַטאָוום לעקציע; סיי הײַנט, אין פופציק יאָר אַרום האָט מײַן האַרץ געקלאַפּט און קלאַפּט מיט פאַרשטענדעניש פאַר גלאַגאָלינען, ווייל דער געליטענער אין אַלע פּרטים און פּונקטן פון גאַנצן עפּיזאָד איז ע ר, נ י ש ט באַראַטאָוו!

דער אינצידענט מיטן „דועל“ וואָלט געווען א 5-טע ראָד אין אונדזער וואָגן, ווען איך דערציייל נישט צוליב וואָס איך באַלעסטיק מיין לייענערס געדולד מיט דער גאַנצער מעשה.

מיר וועלן נאָך פאַרן פאַרלאָזן די שול געדנייער באַקענען דעם לייענער מיט א ריי תלמידים, וועלכע זענען אין די פריערדיקע קאַפּיטלען דורכגעלאָפן פאַרביי אונדז אין גאַנג פון די געשעעניש. צווישן זיי האָט דער לייענער זיך שוין באַקענט מיט זשעניאַ באַראַניכין.

דאָס איז געווען אַ שלאַנקער יונג פון א יאָר 20. פּונקט איז ער געווען ווי אַ גאָרוואָס אויסגעלייזיקטער בלומענטאָפּ. ער איז נאָך געווען אין דער סטאַדיע פון נאָכמאַכן אַקטיאָרן, וועלכע האָבן אויף אים געמאַכט אן איינדרוק פון דער בינע. און זיין „אָפּגאָט“ איז געווען יורי מיכאַילאָוויטש יוריעוו... ער פלעגט האַלטן דעם קאָפּ א ביסל גענייגט צום רעכטן שולטער ווי יוריעוו; פלעגט נאָכמאַכן זיינע שטימוויבראַציעס און פּונקט ווי יוריעוו זיך באַוועגן. דאָס איז אַלץ געווען נאַטירלעך ביים אָנפאַנגער אויפן ערשטן עטאַפּ. אָבער פון אייגענעם אינהאַלט האָט מען ביי אים נישט געקאָנט זיך דערשלאָגן קיין איין מינדסטן פאָדעם — נישט גוטס, נישט, חלילה, שלעכטס: א „טאַבולא ראַזאַ“ אין פולן זין פון וואָרט. פון נאַטור א „ווילער יונג“, שטענדיק צעשמייכלט; קיינמאָל אויף קיינעם נישט ברוגז. יעדע אָנדייטונג פון וועמען עס איז אויף זיין באַגרענעצטקייט פלעגט ער קיינמאָל נישט נעמען פאַר אומגוט, ווייל ער פלעגט נעבעך נישט פאַרשטיין וואָס דאָס באַטייט... איינמאָל האָט זיך אַנאַטאָלי איוואַנאָוויטש דאַלינאָוו צו אים געוואָנדן מיט א ציטאַט פון ראָסטאַנס „פּרינצעסטע שווערמונג“: „פּרינץ! מיין בלאַסער פּרינץ! פאַרוואָס ביסטו אַזוי בלאַס?“ זשעניאַ איז א וואָך אַרומגעגאַנגען אַ צעשטראַלטער און האָט נישט דורכגעלאָזן קיין איין געלעגנהייט צו דערציילן, אַז אין „פּרינצעססע שווערמונג“ זענען ווערן אים פאַראַן פּערזן...

גלאַגאָלין האָט אים, ווי א סך אנדערע פון אונדזער יוגנט, דערנענטערט, און ער פלעגט שטענדיק זיצן אין טעאַטער אויף די פּראָבן. ער האָט זאָגאַר אָנגעהויבן פאַרלירן טיילווייז יוריעווס טענער און מאַנירן און זיך אָנגעשטעקט מיט גלאַגאָלינען. מוט גאָט א נס און מיין באַראַניכין זיצט אין טעאַטער בעתן אינצידענט צווישן גלאַגאָלינען מיט באַראַטאָוון.

אין שול צו אונדז האָט דער אינצידענט נאָך נישט באַוויזן צו דערגיין, ווען עס האָט זיך אָפּגעשפּילט אַזאַ סצענע: איך זיץ אין גרויסן

אוואנזאל אויפֿן פֿענצטער און קוק אריין אין א ביכל אָדער א צייטונג. מיט אַמאָל דערשיינט באַראַניכין און שטעלט זיך אָפּ אויף א געוויסן שטח נישט ווייט פֿון מיר מיט אַן אויסדרוק און א פּאָזע, וועלכע איך האָב ביי אים קיינמאָל נישט געזען... איך קוק אים אָן פֿארחידושט און פֿרעג אים:

— וואָס איז מיט דיר, זשעניא, דו ביסט צעטראָגן! וואָס איז געשען? איך האָב א טראַכט געטאָן, אז ער שפּילט עפּעס א סצענקע, עמעצן נאָכ־קרימענדיק. אָבער איידער איך האָב באוויזן אים צו שטעלן די פֿראַגע, האָט ער מיך איבערראַשט:

— דו ביסט א ייד? — הער איך מיטאַמאָל.

איך בין געבליבן מיט אַן אָפֿענעם מויל פֿון דער אומדערוואַרטעטער שאלה, וועלכע איך האָב פֿאַר כמעט דריי יאָר דערהערט צום ערשטן מאָל אין די ווענט פֿון אונדזער אינסטיטוציע... איידער איך האָב באוויזן צו רעאַגירן, דערהער איך:

— א זשיד ביסטו?

און זיין פּנים איז צעשמייכלט.

אַן אומזין! א נאָנסענס! א מין, במחילה, „גרעביץ" פֿון א שוטה גמור, אָבער דערביי איז עס נישט געבליבן. אויף מיין, משמעות, שאַרפֿן אויסדרוק פֿון רוגזה, וואָס האָט פֿאַרביטן דעם פֿריערדיקן חידוש, זע איך: ער רוקט אריין די רעכטע האַנט אין הינטערקעשענע פֿון זיינע הויזן און שלעפּט אַרויס אַ... רעוואָלווער.

— אך דו, סוקין סין, פּאַגראָמשטשיק, אויסוווּרף. אַלע זייט איר עפּע־לעך פֿון זעלביקן בוים.

און, נישט טראַכטנדיק מיט וואָס דאָס קאָן זיך ענדיקן, האָב איך זיך צו אים אַ וואָרף געטאָן. כ'וואָלט אים זיכער צעבלוטיקט, פּאַטשנדיק אי־בערן נאַרישן פּנים, אים האָט עמעצער געכאַפּט פֿון הינטן פֿאַר די הענט. דער רעוואָלווער, האָט זיך אַרויסגעשטעלט, איז ג'שווען — אַ בוטאַפֿאָרי־שער...

צו מיר זענען אָנגעלאָפֿן פֿון אַלע זייטן חברים. מען האָט מיך גע־קושט, געהאַלדזט, געטרייסט. איך האָב זיך צעוויינט ביי איינגאַטאָוון אויפֿן שולטער. באַראַניכין האָט געלאַכט: קיין מינימאַלסטע כוונה מיך צו באַליי־דיקן האָט ער אפֿילו אין זינען נישט געהאַט. אים האָט זיך פֿאַרגלוסט זען: „ווי אזוי וועט אַבראַשקע רעאַגירן אויף אַן אויסגעשטעלטן קעגן אים רע־

וואָלוועד"? מער ווארשיינלעך וועט אָבער זיין צו מיינען, אז אים האָט זיך
פאַרגלוסט נאָכקרימען גלאַגאָליִנען אין זיין „אַרלמאַנישער" פאַרריסנקייט
קעגן יידנס פאָרשלאַג צו דועלירן...

מער קיין צופאַל אַרויסצוטרעטן אומבאַוואָפנט קעגן וואָפן — האָב
איך אויף מיינע ווייטערדיקע לעבנסוועגן נישט געהאַט.

אין אַלגעמיינעם בילד פון מיינע 3 שול=יאָרן איז דער אינצידענט
אַן „עטאַפּ", צוליב וועלכן איך האָב דעם לייענער געמוזט דערציילן זייטיקע
זאַכן... אַ שוישפּילער איז גלאַגאָלין געווען אַ באַדייטנדיקער, אָבער שווער
אים צו באַצייכענען, אַלס „גרויסן". עס ווילט זיך דערביי באַמערקן: ווי=
ווייט עס האַנדלט זיך וועגן אַ רוסישן אַקטיאָר, שווימט אַרויף דער פּאַראַ=
לעל צווישן די צוויי באַצייכענונגען — „גרויס", אויף רוסיש — „וועליקי"
און „באָלשאָי". „ב אָ ל ש אָ י " אַקטיאָר קאָן וועגן גלאַגאָליִנען געזאָגט
ווערן מיט אַ רואיקן געוויסן, „וועליקי" — באַין אופן — נ י ש ט ! צו
דער מדרגה פון אַ דאַווידאָוון, דאַלסקין, אָרלעניעוון, אָדער דאַלמאַטאָוון
האָט ער נישט דערגרייכט. פאַר זיין שעפערישן פּראָצעס איז כאַראַקטע=
ריסטיש די נטיה צו אומגעריכטע, כ'וואָלט געזאָגט: „פּאַראַדאָקסאַלע"
איינפאַלן. ער איז געווען דער איינציקער, ווי ווייט איך ווייס און געדענק,
אויף די רוסישע בינע=ברעטער, וואָס האָט געשפּילט פרויען=ראָלן. אויסער
אים איז געווען אַן אָנגעזעענער שוישפּילער פּוזינסקי, וועלכער האָט זיך
קונה שם געווען אין דער דערמאָנטער פּאָפּולערער ראָל פון דער „טשאַרלס=טאַ=
נטע"... איז עס קודם — אַן איבערגעטוענער מאַנצביל, צווייטנס
איז פּוזינסקי געווען אַ קאָמיקער, און שפּילן ווייבער איז געווען אַ באַ=
שטאַנדטייל פון זיינע „טריוקן", המצאות, קאָמישע געגנלעך. מיט אַן
ערנסט פּנים אַרויסגיין אויף דער בינע אין אַ פרויענגעשטאַלט — דאָס
האָט אויסער גלאַגאָליִנען קיינער נישט געפּרוווט... געשפּילט האָט ער די
ראָלע פון שילערס — „יונגפרוי פון אָרלעאַן" און דערביי אָנגעשריבן אַ
בראָשור, אין וועלכער ער האָט געשטרעבט צו איבערצייגן דעם ברייטן
עולם, אַז יאָהאַננאַ ד'אַרק האָט פיזיאָלאָגיש געהאַט געוויסע מענער=צעכן,
אַז איר האָבן געפעלט געוויסע סימנים, ווייבערישע פונקציעס... ער האָט
מיט עלעגאַנץ געשפּילט די דערמאָנטע זייער פּאָפּולערע ראָל פון „שערלאָק
האָלמס", לויט קאָנאַן=דאָילס ראָמאַן; שפּעטער — אַ קרימינאַליסטישע
מעלאָדראַמע „אַרסען לופּען" — אַ גלאָריפיצירטן פאַרברעכער. די „אי=
דעע" פון דער פּיעסע איז געווען אַ בונטאַרישע, אַ „שטירנצנדיקע", און
אַרויסרוף דעם באַפּעסטיקטן סדר. איך האָב אים 2 מאָל געזען אין „האַמ=

לעט“. וו אָ ס אריינצושרייבן אין בוך פון מיינע שעקספּיר־טראַכטונגען האָט מיר זיין „פּרינץ פון דענעמאַרק“ נישט צוגעגעבן. ער פלעגט אין 2־טן אַקט דערשיינען אזוי ווי דאָס שילדערט פ ר י ע ר אָפעליע פאַרן פאָטער: די זאָקן אראָפּגעלאָזן ביז די קני, דער קאָלעט פאַנאַנדערגעשפּיליעט... אין דריטן אקט האָט ער אויף איין ספּעקטאַקל אָנשטאָט „זיין אָדער נישט זיין“ אויסגערופן, (האַלטנדיק אין האַנט א שטילעט): „דערמאָרדן אָדער נישט דערמאָרדן?“

דאָס זענען אַלץ סימנים פון אומרו אין שעפערישן גייסט און געמיט פון אן ארטיסט. אָבער עדות זאָגט עס וועגן צאַפּלדיקייט — א י ן מ ו ח, און דאָס איז ביי קינסטלער בשום אופן ואופן — נ י ש ט ד ע ר ע י ק ר; דער עיקר איז אומרואיקער ג ע וו י ס ן, צעשפּאָלטן ה אַ ר ץ, וואָס ווערט געקוועלט און געפּיקט פון מענטשלעכע קאָליזיעס, אזוי ווי דאָס האַרץ פון געשמידטן פּראָמעטעוס איז געווען געפּיקט פון רויב־פייגל.

ל ע ר נ ע ן ז י ך פון גלאַגאָלינען איז מיר פאר די יאָרן נישט אויסגעקומען, אָבער די נאָענטקייט צו אים און זיין ווירקונג אויף מיין לעבנס־דערפאַרונג איז פאַר מיר געווען פון גרויסער און וויכטיקער באַדייטונג.

און נעבן גלאַגאָליניען — גלאָוואַצקי, סלאָדקאָפּיעוועצעוו, דע־לאַזאַרי, דאָלינאָוו (ביי וועלכן איך האָב מיט 5 יאָר צוריק געמאַכט מיינע ערשטע טריט אין אָדעס) און מער פון זיי אַלע די פיגור פון — ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש אַרבאַטאָוו.

איך האָב שוין דערציילט, אַז אַרבאַטאָוו האָט אונדז באַהעפט מיט דער נייער טעאַטער־שיטה, פון וועלכער די שעפער זענען געווען סטאַניסלאַווסקי און ניעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ. דאָס זענען געווען 2 גאונים, פון וועלכע איך בין נוטה צו שטעלן אויפן ערשטן אָרט — דעם צווייטן. ניעמיראָוויטש איז לויט מיין מיינונג דער איינציקער רעזשיסער, וועלכער איז געווען בכוח צו טאָן פּ ר אַ ק ט י ש דאָס, וואָס ער האָט געפּרוּדיקט אין טעאָרעטישע ארויסטרעטונגען. סטאַניסלאַווסקי איז אָן ספק א גאון, אָבער ער האָט זיך אויסגעלעבט אין ז ו כ ע נ י ש ן און נישט זעלטן באַלויכטן מיטן העלישן פייער פון זיין פלאַמענדיקן גייסט — אומזיניקייטן, דורכגעפאַלאָכטענע מיט בריליאַנטן פון שעפערישער דערפינדונג... סטאַניסלאַווסקי, פּ ר א ק ט י ש גענומען, איז א „משוגענער“. ניעמיראָוויטש איז — א רעזשיסער! אָבער אזא רעזשי האָט געמעגט מאַכן —

נ אָ ר  ער אליין, ווייל קיינער אויסער אים האָט עס מאַכן נישט געקאָנט און אלע נאָכפּאָלגער און  נ אָ כ מ אַ כ ע ר  זיינע האָבן אריינגעבראכט אין דער קונסט פאַרוויסטונג.

וועגן דעם וועלן מיר האָבן צו דערציילן, שילדערנדיק אונדזערע ווייטערדיקע עטאַפּן, אָבער דערווייל זאָל באַטאָנט ווערן, אז אויב אין די ווייטערדיקע יאָרצענדליקער איז די דערמאָלט נאָך  נ יי ע  שיטה געוואָרן א נעסט פון גרויסער לאַנגווייליקייט אין ספּעקטאַקל, באַפּעסטיקט דעם באָדן פון הוילער טאַלענטלאָזיקייט, איז עס אין יענע יאָרן געווען אן אָנזאָג פון אָפּפרישונג, פון קאַמף מיט אָפּגעלעבטע פּרינציפּן, באַגריפּן, געשמאַקן: עס איז געווען א פּראָצעס פון דערווייטערן פון די ביימער—פאַרטריקנטע און פוילנדיקע צווייגן.

אַרבאַטאָוו האָט אונדז נישט נאָר באַקענט, נאָר אויך באַהעפט מיט דער נייער שיטה. זיינע לעקציעס האָבן אויסגעפילט אונדזערע שעהן און וואָכן מיט פּראָצעסן פון פּאַרטיפונג, פון שלייפן די מוחות, פון לערנען זיך אַנאַליזירן, שטודירן און ממילא — דענקען. דאָס איז געווען — מיר האָבן עס שוין אין קורצע ווערטער דערציילט — אין סתירה מיט דאַלמאַטאָוום שיטה פון פּראַקטישן אונטעררעכט, פון „לערנען זיך שווימען אין וואסער“ נישט אויף א „הידראַלגישן פאַקולטעט“. עס זענען געווען צווישן אונדזערע ביידע מדריכים שטאַרקע סכסוכים, רייבונגען מיט פייער-פונקען (מיר וועלן באַלד הערן), אָבער אַרבאַטאָוו האָט אין לעבן פון שול אריינגעשריבן א רייכן און וויכטיקן קאַפּיטל...

אָפּגעזעגן פון אַרבאַטאָוום פּעדאַגאָגישער ארבעט אין די ווענט פון שול, מוז איך זיך אָפּשטעלן אויף זיין באַציונג צו מיר פּערזענלעך. דאָ אַנטוויקלען זיך שטריכן פון אַטמאָספער, אין וועלכער איך האָב געאָטעמט און גלייכצייטיק שטריכן פון זיין כאַראַקטער...

איך האָב, דערציילנדיק וועגן עקזאַמען, באַשריבן ווי אזוי אַרבאַטאָוו האָט רעאַגירט אויף מיינע לאַפּסוסן אין מיין אויסשפּראַך; ווי אַזוי ער האָט מיט אן איבערטריבענעם פּעדאַל איבערגעחזרט: „יודא“, אונטערשטרייכנדיק מיין פעלער (אָנשטאָט צו זאָגן „אי-או-דא“ האָב איך געזאָגט: „יו-דאַ“ און האָב שטאַרק אָפּגעשוואַכט מיינע שאַנסן צו ווערן אויפגענומען).

דאָ איז שוין צייט בפּרטיות צו דערציילן דאָס, וואָס איך האָב שוין נישט איינמאָל פּאַרביילויפנדיק דערמאָנט און ביזן סוף נישט דערציילט...

בעת די פאַרוואַלטונג פון דער ליטעראַריש־קינסטלערישער געזעלשאַפט האָט געגרינדעט די שול אויפן נאָמען פון א. ס. סוואָרין, איז דער סטאַ־טוט אַפּקאָפּירט געוואָרן פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־שול און עס איז אין אים געווען א פּאַראַגראַף, וועלכער מעלדעט קורץ און קלאָר, אז „פון פּערזאָנען פון יודאישן גלויבן ווערן קיין בקשות נישט אָנגענומען“. ווען מען האָט דעם סטאַטוט געבראַכט דאַלמאַטאָוון, האָט ער זיך קאַטע־גאָריש אָפּגעזאָגט אונטערצושרייבן, אויב מע וועט דעם האָזיקן פּונקט נישט אויסשטרייכן. די וויכוחים האָבן געדויערט, לויט מיינע ידיעות, א דריי חדשים און ס'האָט געהאַלטן דערביי, אז דאַלמאַטאָוו זאָל נישט בלייבן דירעקטאָר פון דער נייער שול. אָבער פאַרבייטן דאַלמאַטאָוון נאָך דעם, ווי זיין נאָמען, אלס דירעקטאָר, האָט שוין געקלונגען אין די ספערן, וואָס האָבן געהאַט צו דער שול אן אינטערעס; געפינען וועמען עס איז, וואָס זאָל — אין א קלענער מאָס אפילו — פאַרמאָגן דאַלמאַטאָווס פּאָ־פּולאַריטעט, איז געווען אוממעגלעך. אויך די סיבה פון זיין „דימיסיע“ וואָלט געווען א שווערע באַריקאַדע צו זיין פּאַרלאָזענעם פּאָסטן.

האָט זיך אַרום דער שול באַשאַפן א לאַגע אָן אן אויסוועג. אין קרייז פון „נ אָ וואָ י ע וו ר ע מ י א“ — אזא מין דעמאָנסטראַטיווע דערקלערונג, אזא מין פּרינציפּיעלער אופן פון איינשטעלן זיך פאַר דעם „רעגירונגס־פיינטלעכן עלעמענט“... מען האָט געוואָלט, עפּענענדיק די שול, אָפּמערקן דורך דעם סוואָרינס 30־יאָריקע טעטיקייט אויפן געביט פון טע־אַטער — און אזא דעמאָנסטראַציע!

אָבער דאַלמאַטאָוו האָט נישט געוואָלט הערן וועגן א וועלכן ס'איז קאָמפּראָמיס.

— אויפן עקזאַמען וועלן מיר אויספאָרשן די פ ע י ק ײ ט ן — האָט ער קאַטעגאָריש אויסגערופן בעתן לעצטן וויכוח אַרום דער פראַגע — די פּעסער זאָל מען פאָרשן אין פּאָליציי־קאָמיסאַריאַט. איר האָט די ברירה נישט דורכצולאָזן אויפן עקזאַמען יעדן שילער, קעגן וועלכן איר האָט א גרונט אים צו דערווייטערן. איך קאָן אייך צוזאָגן בעת די עקזאַמענס נישט אָנצוואַרפן מיין דעה, אָבער דעם דיסקרימינירנדיקן פּאַראַגראַף אונ־טערשרייבן וו ע ל איך נישט.

האָט מען דעם אַנטיסעמיטישן פּאַראַגראַף פון סטאַטוט אַרויסגענומען און מען האָט זיך פאַרלאָזט „אויף גאָטס באַראָט“... און נאָך דעם ווי אי־בערן „קאַרקברעכערישן שוועל“ זענען אריין אין שול גאַנצע 2 „טראָ־ריסטן“ און „שונאים“ פון טראָן און פון לאַנד און פון מענטשן־מין, האָט

מען עס (אזוי נעם איך אָן) פון „אַלטן" געהאַלטן בסוד. און דאָ האָט זיך אָנגעהויבן א מין „שפּיל פון פּאָלישינעל". גלאַגאָלין, ווי דער לייענער ווייס, האָט תיכף געמאָלדן בקול רם, אז מען האָט אויפגענומען 2 יידן און איינעם א — „טייוולאָניש־טאַלענטירטן". ווען ער האָט געמיינט איז ער היום „דאָקומענטאַל" נישט באַוויזן, אָבער איינעם פון די צוויי האָט מען גענומען פון די ערשטע טעג מיט אַלע מיטלען אַרויסשטופּן צוריק. ווי אזוי יאנאָוו האָט אָט די דאָזיקע קאַמפּאַניע געפירט קענען מיר ווייסן מיר שוין.

און דאָ הייבט זיך אָן דאָס קאַפּיטל „אַרבאַטאָוו".

אַרבאַטאָוון האָט דעמלט אינטערעסירט א יי ן הויפּט־אויפגאַבע, וועלכע איז, משמעות, געשטאַנען אין צענטער פון אלע זיינע דאגות און עניני דיומא: אן אנגאַזשעמענט אין א סאָלידן טעאַטער!

ער איז פריער געווען אן אָנגעזעענער אַדוואָקאַט, האָט אין מאָסקווע געהאַט א גאַנץ סאָלידע פּראקטיק... די דערנענטערונג צום מאָסקווער „קונסט־טעאַטער" האָט אים אראָפּגעפירט פון דרך הישר: ער איז שוין געווען אָפּגעסמט מיט דער לופט פון דער סצענישערווירקלעכקייט און קיין וועג צוריק איז אין ד ע ם פ אַ ל, פּונקט אזוי ווי אין אלע ענלעכע — נישט געווען. האָט ער זיין אדוואָקאַטור אויפגעגעבן, איז געקומען קיין פּעטערבורג און באלד אָנגעהויבן ארבעטן ביי קאָמיסארזשעווסקאַיא. איך שטעל זיך דאָ נישט אָפּ אויף איינצלנע עטאַפּן פון זיינע ערשטע רעזשיסערישע יאָרן, אָבער אין די אוגטערנעמונגען און עקספּערימענטן, וועלכע זענען יענע יאָרן געווען פארבונדן מיטן נאָמען פון דער אומרואיקער זוכערין פון נייע וועגן אין דער קונסט, האָט אַרבאַטאָוו קיין תיקון נישט געפונען. און עס איז קלאָר פ א ר וו אָ ס: קאָמיסארזשעווסקאַיא איז געווען פון קאָפּ ביז די פיס אַ זוכערין און אַ קינסטלערין; אַרבאַטאָוו איז געווען אַ מענטש פון קאָנקרעטן לעבן, און „אַדוואָקאַט" לויט זיין מהות. דער באַרימטער אַדוואָקאַט קאַראַבטשעווסקי איז אַוועק פון דער בינע צו דער אַדוואָקאַטור: דאָס האָט עדות געזאָגט וועגן דער טיפקייט פון זיין נאַטור, וועגן דעם, אז אויבערפלעכלעך אויפגעמען זיין באַרוף איז ער נישט געווען פעיק. אַרבאַטאָוו איז פון דער אדוואָקאַטור אוועק, און די קונסט אויפגענומען נישט דורך העלישע פונקען פון א פּראָמעטעוס־געמיט, נייערט מיטן ניכטערן מוח, שכלדיק! עס ווילט זיך זאָגן: „מתנגדיש".

די אויפגאבע, וועלכע איז אין יענעם פעריאָד געווען אין פאָדערגרונט פון סצענישער אַנטוויקלונג, פון סצענישן פ ר אָ ג ר ע ס, האָט

מעגלעך געמאַכט, אַז צענדליקער מיטלמעסיקייטן זאָלן זיך איינוואָרצלען אין לעבן פון טעאַטער און מייגען אליין און מאַכן מייגען אנדערע, אַז זיי טוען אויף מי־יודע וואָס... זייער „שעפערישקייט" איז באשטאנען אין דעם נעגאַטיוון אופן צו באַזייטיקן אַלץ, וואָס האָט זיך שלעכט אריינגעפּאַסט אין די פּרינציפּן און מאָדוסן פון „אַנסאַמבל". נישט אריינגייענדיק ביז אַ געוויסן שטאַפּ פון אונדזער אייגענער אַנטוויקלונג אין געגויערן אַרומ־ריידן די קאָנפליקטן צווישן „אינדיווידואליטעט" און „קאָלעקטיוו" אין ספּעקטאַקל, אין דער אלטעגלעכער אַנטוויקלונג פון טעאַטער, אין זיין דער־הויבונג און ירידה, ווייל איך דאָ גאָר זאָגן, אַז אַרבאַטאָוו האָט געהערט צו די רעזשיסערן, וואָס האָבן לכל הדעות געוווסט וואָס זיי ווילן פון זיך אַליין און פון אַנדערע אַרום זיי. און נאָך מער ווי אין ספּעקטאַקל מיט אַקטיאָרן האָט ער געוווסט וואָס ער טראָגט אריין אין ווּקס פון זיינע תלמידים אין טעאַטער־שול.

אָבער ער איז לויט זיין ט ב ע, פּ ס י כ י ק און ממילא — לויט זיין מאָראלישן פּרצוף — געווען א ניכטערער מענטש, וואָס האָט תמיד געהאַט פאַר די אויגן די פּונקטן פון פּראַקטישן סדר היום: פון „דאָן־קיכאָ־טישע קאַמפן מיט ווינטמילן" האָט ער נישט געהאַלטן... און אויפן פּאָסטן פון הויפּט־פּעדאַגאָג אין סוואָרינס שול האָט אים זיין אדוואָקאַטישער קאָפּ און האַרץ פון דער ערשטער שעה דיקטירט — אָריענטאַציע אויף ערטעלעוו: „רייצן די געגנדז" האָט ער נישט געהאַלטן פאַר געוווּנשן.

און שוין אויפן עקזאמען, ווען דאַלמאַטאָוו האָט ערלעך געהאַלטן וואָרט און זיך פאַרהאַלטן אבסאָלוט נייטראַל, האָט ער, ארבאטאָוו, ווי נישט־ווי אַ וואָרף געטאָן אַ שטיינדל אויף דער וואָגשאָל פון אָפּהיטן די שול פון אומגעוווּנשענעם עלעמענט... אָבער דער צוים איז איינגעבראָכן געוואָרן און ס'איז אַנטשטאַנען די נויטווענדיקייט — פון אים פּ ט ו ר צ ו ו ע ר ן".

אַרבאַטאָוו האָט זיך, משמעות, זייער שטאַרק געגלוסט געווינען אַ פּאָר „טויזן" אין דער דאָזיקער שפּיל, אָבער ער האָט נישט פאַרמאָגט יאַנאָווס נידערטרעכטיקייט און איז געווען א מענטש מיט סענטימענטן צו קונסט און ממילא צו סצעניש־באַגאַבטע יחידים. און אויב אויף די ערשטע שטאַפּן בעת מיינע ערשטע אויפטריטן האָט ער מיט אלע מעגלעכקייטן געזוכט מיך צו דיסקרימינירן, איז ער נאָך דעם צופאל מיטן „אַלטן באַ־יאַן" געוואָרן לגבי מיר — „אַן אנדער מענטש". אין צווייטן לערניאָר, אַז איך האָב שוין געוווּנען פאַר זיך די סימפּאַטיעס פון „אַלטן" בעצמו,

וואָלט שוין געדאַרפט זיך איינשטעלן צווישן אַרבאַטאָוון מיט מיר א באַציונג פון אומגעשטערטער קעגנזייטיקער פריינדשאַפט, געשטיצט אויף אָנערקענונג פון זיין זייט, אויף דאַנקבאַרקייט — פון מיינער. אָבער דאָ איז ארויס פון אונטערגרונט א נייער פאַקטאָר, וואָס האָט זיך ארויסגעשטעלט פאַר געפערלעכער ווי די מאָטיוון פון פריער: „צ ו וו י ר אַ ס ן“! אזוי האָב איך באַטיטלט מיין ערשטן ארטיקל, ווי דאָס איז דערציילט אין קאַפּיטל: „א פעדער אין האַנט“. צווישן אַקטיאָר און רעזשיסער האָט נישט געקאָנט זיין קיין פריינדשאַפט און צוטרוי!

און — צו טיף האָב איך אין האַרצן געטראָגן מיין ליבע און איבערגעבנקייט פאַר דאַלמאַטאָוון, אז מיך זאָל איינשליסן אין זיין האַרצן — אַרבאַטאָוו. ביי דעם מענטשן איז „האַרץ“ סתם געווען א פיזיאָלאָגישער באַגריף, וואָס האָט מיט ספּעציעלע סענטימענטן נישט צו טאָן.

האָט אַרבאַטאָוו „ביים בעסטן ווילן“ ג י ש ט ג ע ק אָ נ ט מיך אויפנעמען אין קרייז פון זיינע אויסדערוויילטע... ער וואָלט מיך אפשר פון זיין קרייז אינגאַנצן דערווייטערט, האַלטנדיק, אז איך בין צו אים נישט צוגעבונדן. אָבער צוליב די דערפאָלגן, וועלכע איך האָב געהאַט צו פאַרגאָטירן ביי אנדערע לערער: דער אַלטער „סעמיאָן איוואַנאָוויטש“, די „האַמלעט“-סצענעס, שפּעטער „וואַניושין“ און ענדלעך — „פּראָמעטעאוס“ — איז אויסמרייסלען מיך פון אַרבל און פון זעקל געווען אוממעגלעך. האָט זיך צווישן אונדז איינגעשטעלט א מין באַציונג, וואָס אין דער דיפּלאָמאַטיע רופט זיך עס: „באַוואָפנטער שלום“ און אין די לעצטע יאָרן הייסט עס: „קאַלטע מלחמה“.

צווישן אים און דאַלמאַטאָוון איז געגאַנגען א פּערמאַנענטער קריג. אַרבאַטאָוון איז געגאַנגען אין לעבן צו מאַכן א סוף צו די עפנטלעכע פאָרשטעלונגען, ער האָט די פראגע געשטעלט אויפן סדר היום פון דער פאַרוואַלטונג אין דער ליט-כּוד. געזעלשאַפט. ער האָט געדונערט און געבליצט, באַוויזן מיט אותות ומופתים, אַז דאָס איז קעגן אַלע גרונט-יסודות פון פּעדאַגאָגיק; אַז די תּלמידים ווערן פאַרסמט פון ביליקע דערפאָלגן ביים צופעליקן באַזוכער און הויבן אָן זיך פילן ווי „פּאַרטיקע“ אַקטיאָרן. מען מוז צוגעבן, אז אין דער אָפּשאַצונג פון רוב פּעדאַגאָגן האָבן די מאָטיוון געקאָנט גילטן, און אן אָפּשטימונג האָט געקאָנט מאַכן א סוף צום גאַנצן פּרינציפּ פון „פּראַקטישן אונטערריכט“, מיט וועלכן אונדזער שול האָט זיך אונטערשיידט פון אנדערע פּערטערבורגער טעאַטער-שולן. צוויי טעג פאַר דער פאַרזאמלונג פון דער פאַרוואַלטונג האָב איך דער-

הערט, אז וואסילי פאנטעלעימאָנאָוויטש איז שטאַרק צעטראָגן פון דער פאָרשטייענדיקער „באַטאַליע" און איך האָב אָנגעהויבן „איינגלייגן וועלטן".
עס איז באַשאַפן געוואָרן א קאָמיסיע צו פאַרטיידיקן דעם עיקר־פּרינציפּ פון אונדזער שול. דאַלמאַטאָוון איז דערלאַנגט געוואָרן א מאָלעריש אויס־געפירטע פּעטיציע מיט חתימות פון דער איבערוויגנדיקער מערהייט סטו־דענטן, אין וועלכער דער „פּלענום" האָט געפאָדערט, אז אלע געשפּרעכן וועגן ענדערן דעם „קורס" אין דער פּעדאַגאָגישער פּאָליטיק פון דער שול זאָלן אויפהערן צו שטערן דעם רואיקן גאַנג פון אונדזער ארבעט.

עס האָט געווירקט. וואסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש איז אַרויס פון דועל מיט אַרבאַטאָוון מיטן קראַנץ פון אַבסאָלוטן נצחון. און מיך האָט אַרבאַ־טאָוו אָנגעהויבן מער... איך ווייס נישט: האַסן אָדער — אַכטן? אָבער לכל הדעות — מיט מיר זיך רעכענען.

ער האָט מיך עטלעכע מאָל איינגעלאַדן צו זיך אהיים. ער האָט אָן ספק עפּעס דערוואַרט פון מיר. איך געדענק איין באַזוך.

ניקאָלאַי ניקאָלאַיעוויטש האָט מיר געלייענט די נאָטיצן, וועלכע ער האָט געמאַכט אויפן ערשטן עקזאַמען און איך בין געוואָרן דערשטוינט און אַנטציקט פון זיינע טרעפלעכע כאַראַקטעריסטיקעס וועגן א ריי שי־לער, וועלכע ער האָט דעמלט געזען צום ערשטן מאָל.

וועגן מיר האָב איך דערהערט, אז איך בין אזא „גובאַשליאָפּ" ווי ער אליין און אין מיין פּאָרטראַג פון נאַדסאָנס „יודא" האָט ער דערפילט פון איין זייט דעם איינפלוס פון אַ רוטיניאָר, פון דער צווייטער זייט — די ווירקונג פון „איטאַליענער מוסטערן".

ביידע באַמערקונגען האָבן עדות געזאָגט וועגן זיין שאַרפן אויג און אויער: „רוטיניאָר" — דאָס איז מיין ליבלינג פון די ווילנער סעזאָנען — דאָבראָוואָלסקי; „איטאַליענער ווירקונג" — דאָס זענען די אָנדערהאַלבן יאָר פון מיין „שפּאַציר דורך אייראָפּע". אַרבאַטאָוו האָט אייראָפּעיש טע־אַטער געזען נאָר בעת די גאַסטשפּילן פון ראָססי און סאַלוויני (וועלכע איך האָב גראָד נ י ש ט געזען). האָט ער מיינע שפּורן פון אייראָפּע אָנגע־נומען פאַר — איטאַליעניש. אגב מוז איך דאָ צו זיין לויב דערציילן, אז וועגן דעם „איינפלוס" פון איטאַליענישע מייסטערס אויף מיין אופן שפּילן איז מיר אויך שפּעטער אויסגעקומען אויסצוהערן נישט איינמאָל, און צווישן אנדערע — פון מאַקס ריינהאַרדטן... איך בין אָבער אין דעם פאַל — „גאָט די נשמה שולדיק": אויסער מאַמאַ באַטיסטיני, דעם

„קיניג פון באריטאָנען“ האָב איך אין לעבן קיין איין איטאַליענער אויף דער בינע נישט געהאַט דעם זכות צו זען, ווייל קאַרוזאָ (ווי איך האָב דערציילט) האָט געקאָנט זיין א מוסטער פון דעם ווי אזוי מען טאָר אויף דער בינע נ י ש ט שטיין.

דער וויכטיקסטער מאָמענט פון אלע מיינע איינדרוקן ביי ארבאַטאָוו איז געווען — „די קעליע פון יאָהאַן דעם גרויזאמען“. אריינגעפאַלן איין אן אומבאַגרענעצטער התפעלות פון דאַלמאַטאָוון אין דער ראָל פון „יאָהאַנען“, אין וועלכער ער האָט דאַלמאַטאָוון געגעבן פאָרצוג איבער ערנעסטאָ ראָססי, האָט אַרבאַטאָוו זיינס אַ צימער פאַרוואַנדלט אין דער קעליע, וווּ עס שפּילט זיך אָפּ דאָס צווייטע בילד פון אלעקסיי טאָלסטאָיס טראַגעדיע. דאָס איז געווען א קאַפּריז פון א פריצישן קאָפּ, זייער א מאָלערישער, הויך־אינטערעסאַנטער, אָבער מיט קיין קונסט און מיט שעפּערישן ברען האָט עס קיין שום שייכות נישט געקאָנט האָבן. איך בין געווען פּראַפּירט פון נייגעריקייט, אָבער, אַרויסגייענדיק פון אים, האָב איך דערפילט ווי פ ר ע מ ד מיר זענען איינער צום צווייטן. און מיר איז קלאָר, אַז, פאַרבליבן אליין מיט זיך, האָט ער אָן ספק געמוזט פילן דאָס זעלביקע. אויף דער זיצונג פון פעדאַגאָגישן ראַט האָט זיך זיין אומווילן קעגן מיר אַרויסגעריסן אומגעצוימט... אָבער זיין געשטאַלט און נאָמען קאָנען דאָ דערמאָנט ווערן נאָר מיט ליבשאַפט און טיפער אָנערקענונג.

*

*          *

אַ קאָמישע פיגור איז געווען וולאַדימיר מיכאילאָוויטש וולאדיקין, וועלכן דאַלמאַטאָוו האָט געמאַכט פאַר זיין פאַרטרעטער אויף די פּראָבן פון די „פּראַקטישע איבונגען“ בעת ער איז אַליין געווען פאַרנומען אין טעאַטער. אַרבאַטאָוו האָט זיך געקייכט פון געלעכטער, קוקנדיק אויף דעם, וואָס עס קומט פאָר אויף דער בינע אונטער וולאדיקינס אויפזיכט. צייטנווייז פלעגט ארבאַטאָוו פאַרלירן דאָס געדולד, אָבער דאַלמאַטאָוו האָט איינגעפונען, אז דאָס איז נעמלעך זיין כוונה: די יונגען זאָלן שפּילן אָן שום הילף מן הצד.

איז וולאדיקין געווען אַ מין „טשוטשעלאָ“, וואָס מען שטעלט אַוועק אין פעלד צו שרעקן פייגל, אָבער מיר האָבן אים געליבט, הגם מען פלעגט זיך מאַכן לוסטיק איבער זיין אומבאַהאָלפנקייט... בעת א פּראָבע פון „האַמלעט“ איז ער פּלוצלונג אריינגעפלויגן אָן אן אָטעם מיט אן אויס־

רוף: „שטילער זאָל זיין, מיינע הערן, עס זענען געקומען וואסילי פאַנטע⸗
לעימאָנאָוויטש צוזאַמען מיטן אויטאָר!“... אין זאַל איז איינגעטראָטן
א טויטע שטילקייט, אלע זענען פארגליווערט געוואָרן אויס נייגיר ווי זעט
אויס דער פון יענער וועלט זיך אומגעריכט⸗געמאָלדענער וויליאם שעק⸗
ספיר, און אַז אין זאַל איז אַריין דאַלמאַטאָוו צוזאַמען מיט פיאָטר פיעט⸗
ראָוויטש ג נ י ע ד י ט ש ן, דעם אויטאָר פון דער איבערזעצונג, האָט
אויסגעבראָכן ארום אזא שטורעם פון געלעכטער, אז דער דירעקטאָר האָט
זיך געפילט געטראָפן פון אזא מין אויפנאַמע און ערשט דערהערנדיק פון
וו אָ ס און פון וו ע מ ע ן מען לאַכט, האָט ער אָנגעקוקט זיין „פאר⸗
טרעטער“ און שאָקלענדיק מיטן קאָפּ, ארויסגערעדט מיט א זיפץ:

— אָט דאָס נעמלעך רופט זיך „ד אָ ס“! נישט „דער“ און נישט
„די“, נאָר טאַקע — דאָס!

*

* *

דע⸗לאזארי איז געווען א פראנצויז. איך מוז ערלעך מודה זיין, אז
וו אָ ס ער האָט אין שול מיט אונדז געלערנט — געדענק איך נישט...
אָבער איך געדענק אזוי ווי היינט זיין שמייכל אויף די ליפּן און זיינע
קורצע פראזן, גערעדטע מיט אן אויסגעשפּראָכענעם פראנצויזישן אק⸗
צענט, געמישט מיט פארביקע רוסישע אינטאָנאַציעס. אָפט פלעגט דע⸗
לאַזאַרי זיך פארקלייבן מיט מיר אין א זייטיקן ווינקל און דערציילן עפּי⸗
זאָדן פון מאַרטירער אויף אלע געביטן פון מענטשלעכן גייסטיקן שאַפן.
איך האָב אפילו נישט פארשטאַנען, אז ער האָט בדעה אָנצוווארפן מיר די
פּאַראַלעלן פון זיינע דערציילונגען מיט מיינע לויפנדיקע טעג און שלאָגנ⸗
דיקע פּאקטן. אָבער אויפן האַרצן פלעגט ווערן לייכט; די אויגן פלעגן זיך
צעשטראַלן; איבערן פּנים פלעגט זיך צעגיסן פרייד און גלויבן אין דעם,
אז רשעות איז אלע מאָל אזוי ווי א פארקילונג, פון וועלכער מען הוסט,
מען ניסט, מען כאַפּט פיבערן, אָבער עס האָט קיין ממשות נישט — עס
מ ו ז אריבערגיין און וו ע ט קיין שפּור נישט איבערלאָזן. בל יי ב ן
וועט, בלייבן מ ו ז — גוטס, שטראַל פון האַרציקייט, ליכט פון פרייען
געדאַנק.

איינמאָל, בעת מיר זענען ביידע געזעסן און דע⸗לאַזאַרי האָט געוועבט
פאר מיר איינע פון זיינע פראנצויזיש⸗ראָמאַנטישע מעשהלעך און איך האָב
פארגעסן אין אַלץ, וואָס מיך פלעגט דעמלט דריקן טאָג און נאַכט און זיך

צוגעהערט צו זיין לשון און געקוקט אין זיין צעשמייכלטן פּנים, איז פּלוצ־לונג אויסגעוואָקסן פאר אונדזערע אויגן דאַלמאַטאָוו. ער האָט, מסתמא, געהערט א טייל פון דע־לאַזאַרים רייד... קוקנדיק אויף אים מיט אן איינ־געהאַלטענעם גוטמוטיקן שמייכל, זאָגט ער מיט אמאָל:

— איר טוט א וויכטיקע זאך, קאָנסטאַנטין עדמונדאָוויטש, איך וויל אייך הריקן די האַנט.

און אומגעריכט האָט ער א קוק געטאָן אויף מיר מיט אזא מין אי־בערטריבן ברייטן בליק און זאָגט:

— קוקט זיך איין אין דעם פּנים. צוגן פון א נאַכט־מערדער, און דער־ביי אזא שמייכל, אז ווען איך בין א פרוי, וואָלט איך נישט אויסגעהאַלטן זיין צויבער.

אויב אין די „מערדער־צוגן" האָבן זיך געשפּיגלט מיינע שווערע לײדן, איז אין דעם „צויבערהאַפטן שמייכל" — דע־לאַזארים ווירקונג אויף מיין צעמאַטערטן געמיט.

*

*          *

דער היפּוך פון דע־לאַזארי איז געווען — גלאָוואַצקי. גאווריל וולאָ־דימיראָוויטש גלאָוואַצקי. שטאַמענדיק פון אוקראינע, האָט ער געטראָגן אין זיך און געשפּרייט אַרום זיך אַלע פאַרבן און טענער פון אירע טייכן, סטעפּעס, ווילדע אויפברויזן און האַרציק־צערטלעכער ליריק.

איין עפּיזאָד וועט אים באַווייזן פאַרן לייענער אין זיין גאַנצער גרויס און אינהאַלט.

אויף אייגער פון די זיצונגען פון פּעדאגאָגן־ראַט איז פאָרגעקומען א סכסוך וועגן מיר; וועגן מיין צוקונפט; וועגן דעם, אז מיין עקשנותדיקע צוגעבונדנקייט צום „גלויבן פון די אָבות" — אנדערש האָבן זיי עס אויפ־געמען נישט געקאָנט — וועט ברענגען צו דעם, אז אין 3 יאָר אַרום, שלעפּנ־דיק מיין לעבן אין די שטעטלעך פון יידישן תחום המושב, וועל איך אָן ספק אָנהויבן רעדן א שלעכטן רוסיש און קאָמפּראָמיטירן דעם אַטעסטאַט פון דער שול... און איינער פון די פּעדאגאָגן (לאָמיר זיין נאָמען דאָס מאָל נישט דערמאָנען) האָט מיט פאַרדרוס אויסגערופן:

— זאָל ער אויסקלייבן: אָדער אונדזער דיפּלאָם אָדער זיין גלויבן... ווער איז ער: אן אַקטיאָר אָדער א ייד?

ער האָט געזאָגט: „זשיד“!

גלאָוואַצקי איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט.

— וועגן דעם עצם ענין וועל איך נאָך רעדן, אַז מיין ריי וועט קומען זיך אַרויסצוזאָגן. איך קאָן נישט באַגרייפן ווי אַזוי מען וועט אַ תלמיד, וועלכן מען האָט דערלויבט צו שטודירן און דערגרייכן צו דעם, וואָס ער האָט דערגרייכט — נישט געבן זיין דיפּלאָם, אויפן סמך פון דעם, וואָס ער וועט וו ע ן ע ס א י ז רעדן שלעכט רוסיש! דערווייל ווייסן מיר, אַז זיין מאָנאָלאָג האָט אין פּאַוולאָווסק אַרויסגערופן אַ דונער, און בעת מען האָט אים דעם מאָנאָלאָג אָנפּאַרטרויט, האָט מען, דאַרף איך מיינען, געהאַלטן, אַז זיין רוסיש קאָמפּראָמיטירט נ י ש ט אונדזער אינסטיטוציע. אָבער דאָס איז, דערווייל אַ צווייטע פראַגע. אין דעם מאָמענט וויל איך פרעגן אַן אַנדער זאַך: איך בין אַ זון פון אוקראַינע! אויף די ברעגעס פון מיין הגיעפּער איז „זשיד“ אַ ליב וואָרט, נאָנט מיין האַרצן, ליב מיין אויער. איך קאָן מיר נישט אָפּגעבן קיין חשבון פאַרוואָס קלינגט אָטדאָס ליבע וואָרט אַזוי עקלהאַפט אויף די ליפּן פון אונדזער מאָסקווער קאָלעגע? און איך וויל בעטן אונדזער זייער געשעצטן פּאָרזיצער פון ראַט, אַז אין אַספּעקט פון זירלעריי זאָל דאָס ליבע וואָרט אויף אונדזערע זיצונגען נישט געברויכט ווערן.

איך פלעג מיט אים שפּאַצירן אַרומשפּאַצירן איבערן שטאָט. ער פלעגט, זשמורנדיק די אויגן און כסדר פאַרוואַרפנדיק אויף צוריק זיין שוואַרצער טשופּרינע, נישט לאָזן מיך פאַרשוויגן ווערן. און ווי גאָר מיין שפּראַך פון געדאַנקען און ווערטער פלעגט זיך אָפּהאַקן, פלעגט ער זיך אָפּשטעלן, עפענען ברייט זיינע אויגן און —

— נו! וואָס שווייגסטו, זשידינאַ? איך האָב זיך מיט דיר אוועקגעלאָזט איבער די פּאַרקן און פּראָספּעקטן צו ה ע ר ן וואָס דו פּריידיקסט מיט דיין ביבלישן טעמפּעראַמענט און מוח. ק ו ק ן אויף דיר האָב איך קיין צייט נישט און קיין חשק אוודאי נישט.

אַמאָל האָבן מיר צוזאַמען געקויפט בלומען. אַז איך האָב באַצאָלט פאַר מיין בוקעט און געבעטן רעשט, האָט ער מיך אָנגעקוקט מיט דערשראָקענע אויגן — פאַר בלומען בעטסטו אַ גילדן רעשט? ווער ביסטו, זשידינאַ, אַן אַרטיסט, אָדער אַ בשמים־קרעמער? שוין דערלאַנגט אים נאָך 3 ליליעס און זאָל ער זיך אויפהענגען פאַר האַרצווייטיק!

פאַר די יאָרן האָב איך געשפּילט סך־הכל אין איינאיינציקער אויפ־

פירונג זיינער: שעקספּירס — „אַ מאָס פאַר אַ מאָס“. קיין שום שפּור האָט די אַרבעט נישט איבערגעלאָזט, אָבער זיין געשטאַלט און איינפלוס איז געבליבן אין האַרצן.

*

*     *

עטלעכע אויפפירונגען האָט געמאַכט דאָלינאָוו, מיין פּראָפעסאָר אויפן ערשטן עטאַפּ אין אָדעס מיט 5 יאָר פריער... איך האָב שוין דערמאָנט „וואַניושינס קינדער“, ווו כ'האָב געשפּילט דעם „אַלטן וואַניושין“.

אַ גרויס געשעעניש איז געווען דאָלינאָווס אויפפירונג פון עסכילאָסעס „געשמידטער פּראָמעטעוס“. איך האָב ווידער געהאַט צו פאַרציי־כענען אַ דערגרייכונג, שפּילנדיק „פּראָמעטעוסן“. אומגעריכט פאַר אַלע־מען און פאַר זיך אַליין האָב איך להכעיס מיין האַלדז־קראַנקהייט אַנטדעקט אַ ריזיקן שטים־מאַטעריאַל... די לעצטע פערזן:

„עס ווערט פאַרווירקלעכט זעוס ווילן,
„עס ציטערט אונטער מיר די ערד,
„ווי שטיינער אין אָפּקלאַנג די דונערס עס קנאַלן,
„עס לויכטן ווי פלאַמען פון בליצן די שטראַלן,
„די אייביקייט מיך רופט,
„עס ברענט אַרום די לופט,
„און איך פאַרשווינד
„אין רויך און ווינט“ — — — —

אָט־די פערזן איז מיר געלונגען צו דערלאַנגען מיט אַזאַ קראַפט, אַז דאָס קול האָט אָפּגעהילכט אין זאַל, פאַדערזאַל און הינטער די פאַר־שנייטע פענצטער אויפן גאַס — אַזוי האָבן מיר געזאָגט חברים.

שפּעטער — זומער אין זאַקרעטער וואַלד — פלעג איך די פערזן לאָזן דונערן איבערן גאַנצן וואַלד, אָנפילנדיק זיינע שטחים ביז די הימל־געוועלבן. — אַ מין „נס מן השמים“!

*

*     *

איבער דער „מעכניק פון רעדן“ האָט געאַרבעט וולאַדימיר וולאַדי־מיראָוויטש סלאַדקאָפּיעוועצעוו. נאָך דעם ווי איך בין פּטור געוואָרן פון יאַ־

גאָוון, מיין צורר, בין איך ביי סלאַדקאָפּיעווצעוון געווען ביזן סוף — קנאַפּע 3 יאָר.

דאָס איז געווען א הויך-טאַלענטירטער מענטש... מען וואָלט געדאַרפט אָנשרייבן א קאַפּיטל וועגן זיינע קאָנצערטן, וועלכע האָבן אויפגערודערט פּעטערבורג אדאנק זיינע טעקסטן און מוסטערהאַפטער אויספירונג.

זיין נומער: „דער סוף פון וועלכער איר ווילט אָפּערע", ווו ער האָט אליין באוויזן פארשידענע זינגער — מענער און פרויען — און דעם גאַנצן אָרקעסטער, איז געווען דער יסוד פאר דער שפּעטער באריממטער אַט־ראַקציע פון טעאַטער „קרומער שפּיגל". — „וואמפּוקאַ". — „וואַמפּוקאַ" איז געווען — די דערמאָנטע סלאַדקאָפּיעווצעס „אָפּערע" — אַנטוויקלט, פארברייטערט און אויסגעוואָקסן ביז די פאָרמען פון אן איינאַקטער.

מיך האָט סלאַדקאָפּיעווצעוו אריינגעפירט אין זיין משפחה, ווו איך פלעג זיין אן אָפטער גאַסט. זיין פרוי — אַננאַ אַבראַמאָווגאַ — אן אָדע־סער האַרציקע, ליבע טאָכטער, פלעגט זיינע תלמידים אויפנעמען אזוי ווי אין אָדעס איז דער שטייגער.

דורך מיין גאַנץ לעבן האָב איך דורכגעטראָגן דעם אָנדענק און דאַנק פאר די טעג און אָוונטן אין דער משפחה.

שוין אין 50 יאָר ארום, פארלאָזנדיק דאָס לאַנד, בין איך געקומען קיין לענינגראד... וולאדימיר וולאדימיראָוויטש איז שוין עטלעכע יאָר צו־געשמידט צום בעט און לעבט ביים פולן באוווסטזיין — אָ ן ל ש ו ן ...

מיר איז דערלויבט געוואָרן זיך צו אים צו דערנעענטערן.

— וואָלאָדיא... מאָרעוווסקי וויל דיך זעען... פארשטייסט? געדענקסט? דיין תלמיד? מאָרעוווסקי!

ער האָט אויפגעהויבן פון קישן זיין ווייסן קאָפּ. קלאַנגען פון פרייד האָבן ארויסגעשאַלט דורך די ווערטערלאָזע ליפּן. מיר האָבן זיך ארומ־געארעמט.

— מממ... מממ...

איך האָב אויך רעאַגירט נישט מיט ווערטער — א טייך הייסע טרערן וואָלטן זיי פארגאָסן, ווען זיי פרווון זיך מעלדן אויף די ליפּן.

און, אוועקגייענדיק נאָך דעם ווי הונדערטער קושן האָבן זיינע הענט באַשאָטן, האָב איך דערמאָנט די שעה, ווען ער האָט מיר אין שול געזאָגט:

— אייערע שטימבענדער זענען צעקאַליעטשעטע, מיין קינד (סך־הכל איז ער עלטער פון מיר מיט א יאָר זעקס: אלזאָ דעמלט אלט געווען לערך 27) — זיי וועלן אייך שטענדיק מאַטערן... אָבער די שטים האָט איר פון

באַטור אַ געשטעלטע. און אייער טבע איז אין יעדער ראָל זי ענדערן לויט דער געשטאַלט...

דאָס איז געווען 2 יאָר פריער ווי כ'האָב אין „פּראָמעטעוסן" „גע־שפּאָלטן הימלען" מיט דעם האַלדז, וואָס האָט אויסער דער בינע גע־כריפּעט אָן רחמנות.

געזען, ווי דערציילט, האָב איך אים אין אָקטאָבער 1956. לערך אַ חדשים 13 שפּעטער האָבן זיך זיינע ליידן געענדיקט.



וו. וו. סלאַדקאָפּיעווצאָוו

# XXIII. א באַזונדער קאַפּיטל — דאַלמאַטאָוו

דאַלמאַטאָוו איז געווען איינער פֿון די פּאָפּולערסטע נעמען אין פּע־טערבורג פֿון יענע יאָרן. אין די ענגערע טעאַטער־קרייזן האָט מען אים גערופֿן — אַזוי ווי דער שפּיגער אין רוסישן אומגאַנג איז געווען און פֿאַרבליבן — מיטן פֿאָר־ און פֿאָטער־נאָמען: „וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָ־וויטש". דאַלמאַטאָוון האָבן אַזוי גערופֿן פֿילע, פֿילע טויזנטער אפֿילו מחוץ די ענגע טעאַטער־קרייזן. און ס'וואָלט געווען א שווערע הלכה אויסצוזע־כענען אַלע סיבות פֿון זיין פּאָפּולאַריטעט.

מיר שיינט, אַז א גרויסע באַדייטונג האָט דאָ געהאַט זיין פּערזענ־לעכער חן און שאַרם. ער האָט פֿאַרמאָגט א סך וואַרעמקייט פֿאַר מענ־טשן, און מענטשן האָבן אים געמוזט ליב קריגן נאָך דעם ערשטן קאָנ־טאַקט מיט אים. ער האָט אָן ספֿק נישט איינמאָל געהאָלפֿן א קינד אָדער א פֿרוי דורכגיין דורך דער ברייט פֿון ניעווסקי פּראָספּעקט בעתן ריזן־פֿאַר־קער צווישן הונדערטער פֿוסגייער, עקיפּאַזשן, אויטאָמאָבילן; ער האָט בלי ספֿק אין וואַגאָן פֿון שטאָטישער לאָקאָמאָציע קיין איין מאָל נישט דער־לאָזן, אַז א פֿרוי, א זקן זאָלן שטיין, אויב ער אַליין האָט געהאַט א זיץ־אָרט. אָט־אָ־די „קליינינקייטן" האָבן אין לעבן פֿון אַלטאָג אן אומגעהויערע באַדייטונג, און דאַלמאַטאָוו האָט זיי שטענדיק געהאַט אין אויג, מיר וואָל־טן אָבער זייער ווייט אָפּגעשטאַנען פֿון דאַלמאַטאָווס פּאָרטרעט, ווען מיר בלייבן דערביי.

אַז מען פֿאַרמעסט זיך צו שילדערן דאַלמאַטאָוון אין זיין גאַנצער גרויס, מוז מען, אַלס גרונט־שטריך, אַלס פּאָן אויפֿן לייוונט, ווו זיין פּאָר־טרעט וועט געשריבן, ברענגען א פּונקט פֿון זיין טעסטאַמענט, דאַל־מאַטאָוו האָט אין זיין צוואה געמאַכט א פֿאַראָרדענונג, אַז נאָך זיין טויט זאָל מען נישט אָפּדעקן זיין פּנים...

פון וועלכע שטאַנדפּונקטן דער דאָזיקער ווונטש זאָל נישט ווערן באַטראַכט און אָפּגעשאַצט — די כוונה איז דערביי געווען פון אַ קאָנסעקווענטן עסטעט, פון אַ קינסטלער, לויט אַלע רמ"ח אברים — צו פאַרבלייבן אין זכרון פון אַרומיקע אַ זעלכער, ווי זיי האָבן אים געזען, געקענט, באַוווּנדערט, אויפגענומען און געליבט — אין משך פון זיינע שעפערישע יאָרצענדליקער...

זאָל די גרימאַסע פון אָפּגעלעבטקייט, וועלכע וועט זיין פּנים באַדעקן אָן זיין ווילן — נישט אָפּווישן די איינדרוקן, וואָס זענען אויסגעוועבט פון צענדליקער געשטאַלטן, וועלכע זענען באַשאַפן געוואָרן אין פּראַצעסן פון שפּילנדיקער פאַנטאַזיע, פון ראַפינירטער מייסטערשאַפט, פון יענער אומברחמנותדיקער קאָנטראָל איבער זיין גוף און גייסט, וואָס איז פאַר יעדן אַרטיסט דאָס העכסטע געזעץ אין לעבן און שאַפן, און וואָס פאַר אים איז געווען אַ חוק ולא יעבור. אָט דאָ האָבן מיר דאַלמאַטאָווס עיקר־שטריך.

ער האָט אָן פאַרבערייטונג נישט געקאָנט — נישט געפּלעגט — מאַכן קיין איינציקע באַוועגונג, כ'וואָלט געזאָגט: „קיין אָטעם־צוג". דער מאָמענט פון אימפּראָוויזאַציע, פון אומדערוואַרטן בליץ איז אים געווען פרעמד און בלי ספק — אומסימפּאַטיש. ער האָט געמוזט אַליין אַ „קוק טאָן" אויף, איידער ער האָט אַ וועלכן ס'איז שריט געלאָזט זען אַ צווייטן.

און בעת ער האָט דערפילט די שוועל, הינטער וועלכער זיין קאָנטראָל איבער זיך האָט געמוזט אויפהערן, האָט ער אַראָפּגעלאָזט דעם צודעק אויף זיין דערוווייל נאָך לויכטנדיקן פּנים און האָט אויסגערופן: „קוקט נישט מער אויף מיר, כ'בין שוין מער נישט — דאַלמאַטאָוו"!

אַז ער פּלעגט אין לעבנסאומגאַנג זיך אַרויסזאָגן, נישט האָבנדיק זיך צוגעגרייט, עקספּראָמט, אומגעריכטערהייט, אימפּראָוויזירנדיק, האָט עס אָפט געמאַכט דעם איינדרוק, ווי אין זיינע רייד וואָלטן פאַרפּלאָנטערט געוואָרן די פונקטואַציעס: ערגעץ נישט אויפן אָרט — אַ קאָמאַ, אַ פרעגצייכן. דער געדאַנק פּלעגט זיך פאַרלירן הינטער אומגעריכטע שטערונגען... עס פּלעגט אָפט מאַכן דעם איינדרוק פון שטותערייען, אומגעלופערטקייטן. אָבער פאַר יעדן, וואָס האָט געהאַט חשק זיך אַריינצוטראַכטן אין דעם, וואָס ער רעדט, זענען זיינע אַרויסזאָגונגען געווען דאָס רוב — אַנטפּלעקונגען פון טיפע און שאַרפע אמתן וועגן קונסט, וועגן באַציונגען פון מענטש

צו מענטש. מיר האָבן זיינע געדאנקען איבן גאַנצן ווייטערדיקן לעבנסוועג געדינט ווי א שיינוואַרפער אין די געדיכטן געפֿלען פון אונדזערע שטורמישע יאָרצענדליקער... דאַלמאַטאָוו איז געווען א חכם, א וואָרזער, אָבער דעם איינדרוק האָט ער אָפט געמאַכט, אויב נישט פון א פשוטן שוטה, איז לכל הדעות — פון אזא, וואָס מען רופט: „מאָדנער מענטש". דער באַקאַנטער טעאַטער־קריטיקער א. ר. קוגעל האָט אין זיין נעקראָלאָג נאָך דאַלמאַטאָוון געשריבן, אז דער נפטר האָט אין לעבן נישט זעלטן געלאָזט הערן „נאַרישקייטן", אָבער מען קאָן גאַראַנטירן, אז ער האָט פאר זיין גאַנצן לעבן נישט געלאָזט פאַלן פון זיינע ליפּן קיין איין באַנאַליטעט, קיין איין פלאַכקייט, קיין איין לאַנגווייליקייט.

אלס אקטיאָר האָט ער אין די ברייטסטע קרייזן געהאַט דערפאָלג אין א ריי ראָלן, צווישן וועלכע זיין גרעסטע קרעאַציע איז געווען די ראָלע פון „קרעשטשינסקי" אין דער קאָמעדיע פון סוכאָוואָקאָבילין „קרעטשינסקיס חתונה", וועלכע איז אריין אין „אייזערנעם רעפּערטואַר" פון רוסישן טעאַטער אדאנק א ריי גלענצנדיקע אויספירער פון דער צענטראַלער געשטאַלט. אין סוף פון 19 און אָנהייב 20 יאָרהונדערט איז עס געווען אונדזער וואסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש.

ס'וואָלט אָבער געווען ערגער ווי פאַלש צו האַלטן זיך ביי דער מיינונג, אז דאַלמאַטאָוו איז געווען גרויס און פּאָפּולער נ אָ ר אין דער ראָלע. נישט רעדנדיק וועגן צענדליקער אויפפירונגען, מיט וועלכע ער האָט געשטראַלט אויף די בינעברעטער פון מאָסקווער „מאַלי טעאַטער" און פעטערבורגער „אלעקסאנדרינסקי", זענען אין דער געשיכטע פון רוסישער טעאַטער־קונסט אריין א 10—15 ראָלן, וועלכע האָבן אים אָוועקגעשטעלט אין דער ריי פון די „אומשטערבלעכע". „טעליאַטיעוו" אין אָסטראָווסקיס „ווילדע געלטער", „קאַרנעט/אָטלעטאַיעוו", „מילאָווידאָוו", (אָסטראָווסקיס — „אויפן טומלדיקן פלעצל") און א ריי ראָלן פון דעם מין — האָבן אים באַשאַפן א רעפּוטאַציע פון נישט איבערגעשטיגענעם מייסטער אין ראָלן פון לעבנסלוסטיקע עולם הזהגיקעס, „באָן־וויוואַנס", וואָס אויפן לשון פון טעאַטער האָט זיך עס גערופן: „פאַט". דאַלמאַטאָוו פלעגט זיי שפילן מיטן גלאַנץ און פארנעם פון א וועלט־ווירטואָז. אָבער נישט ערגער האָט ער געשפילט א סך דראַמאַטישע ראָלן: אזוי איז זיין „מאַרמעלאַדאָוו" אין דאָסטאָיעווסקיס „פאַרברעכן און שטראָף" געווען א לייסטונג, וועגן וועלכער מען האָט אין פעטערבורג יאָרנלאַנג געדענקט נישט ווייניקער, ווי מען האָט געדענקט אָרלעניעוון אין דער ראָלע פון „ראַסקאָלניקאָוו" אין זעל־

ביקן ווערק. און אָרלעניעוו=ראסקאָלניקאָוו—דאָס איז שוין „אימאָרטעל“,
אומשטערבלעך — אויסער יעדע דיסקוסיע. דאַלמאַטאָוו, אלס „מאַרטע=
לאַדאָוו“, איז נישט געשטאַנען מיט קיין איין שטאַפּל נידעריקער ווי אָר=
לעניעוו אין יענעם ספּעקטאַקל, וועלכן די, וואָס האָבן אים געזען, האָבן
אים שוין קיינמאָל נישט פארגעסן. דאַלמאַטאָוו האָט געשפּילט די ט ר א=
ג י ש ע ראָלע פון „יאָהאַן דעם גרויזאמען“ אין ערשטן טייל פון אלעק=
סיי טאָלסטאָיס טרילאָגיע: „דער טויט פון יאָהאַן דעם גרויזאמען“. די
ראָלע האָט געשפּילט ערנעסטאָ ראָססי, און אַרבאַטאָוו האָט אויף איי=
נער פון זיינע לעקציעס אין אונדזער שול געזאָגט, אז אין דער ראָלע זאָל
דאַלמאַטאָוו האָבן איבערגעשטיגן דעם איטאַליענער טראגיקער. דאָס רעכט
צו ווערן מיט ראָססי פארגליכן איז שוין א סימן פון אַקטיאָרישער גרויס=
קייט. אַרבאַטאָוו אויף א לעקציע וואָלט זיך קוים דערלויבט צו רעדן „גלאַט
אין דער וועלט אריין“. דאַלמאַטאָוון אין דער ראָלע איז מיר אויסגעקומען
צו זען נישט איינמאָל, דער רושם איז געווען א דערשיטערנדיקער און די
לאָרבערס פון א ט ר א ג י ק ע ר וואָלטן מיר אים אויף די דאָזיקע בלע=
טער צוגעטיילט מיט א רואיקן געוויסן, אָבער דאָ ווערט נישט געשריבן
קיין טעאטער=געשיכטע און עס ווערן נישט געמאַכט קיין אָפּשאַצונגען.
פאר דאַלמאַטאָווס כאַראַקטעריסטיק איז פון גרעסערער באדייטונג דער
פאקט, וואָס אויף זיין רומפולן וועג האָט ער אין טראגישע ראָלן נישט
געהאַט קיין דערפאָלג... און דאָס איז געווען זיין „טראגעדיע“.

טיפער אַנאַליזירן די סיבות פון אָט דער טראַגעדיע זיינער וועלן מיר
ביי זיך אין דעם קאַפּיטל נישט פועלן: דאָס וואָלט אונדז און אונדזער לייע=
נער אוועקגעפירט צו ווייט פון דעם, וואָס מיר באַהאַנדלען. מיין גרויסן
רבין האָט אין דער טראגעדיע געפעלט יענע פשטות אין אויסדרוק, וואָס,
באַהעפט מיט טיפקייט אין אינהאַלט, איז מסוגל צו שאַפן די פאַלעטרע
פון אמתן, נישט געקינצלטן טראגיזם. דאַלמאַטאָוו האָט געהאַט דעם מוח
פון א פילאָזאָף, דאָס הארץ — פון א נביא: ער האָט שעקספּירן געפילט
אין פארשטאַנען ווי איינער פון הונדערט, וועלכע שפּילן שעקספּירן, אָבער
דערטראָגן זיינע שעקספּיר=געשטאַלטן צום עולם, אריבערוואַרפן זיין ווונ=
דערבאַרן באַגאַזש איבער דער ראמפּע — דאָס האָט דאַלמאַטאָוו נישט
געקאָנט: דאָ פלעגן זיך ביי אים ווידער „פארפלאָנטערן די פונקטואַציעס“,
און ער פלעגט ווערן כלפּי חוץ, כמעט „קאָמיש“, בעת אינערלעך איז ער
געווען אָנגעלאָדן אזוי, ווי א סך אנדערע שעקספּיר=שפּילער האָבן אפילו
נישט געחלומט. אָט דער צווייפל אין זיין כוח און מעגלעכקייטן ביי דער

טיפער און פעסטער איבערצייגונג, אַז, טראָגנדיק דעם צושויער פערל, ווערט ער ברוטאַל אָפּגעשטויסן — אָט דער אומפארדינטער און אומפארשטענדלעכער. ווייטיק האָט אויף אים אוועקגעלייגט א חותם פון רירנדיקער איינזאמקייט אין א באשטימטן ווינקל פון זיין שווישפילערישן און שעפערישן קיום.

אָבער ווי גרויס איז ער אין זיין איינזאמקייט געווען! מיט וויפיל ווירדיקייט האָט ער זיין ווייטיק געטראָגן!

בעת זיינע גאסטראָלן אין מאָסקווע האָט ער געשפילט „האמלעט". דער עולם, וואָס האָט אים, ווי מען רופט עס: „געטראָגן אויף די הענט" פאר זיין „קרעטשינסקען", „טעליאטיעוון" אא., האָט אויך יענעם אָוונט אָנגעפילט דאָס טעאַטער ביזן לעצטן פּלאַץ, אָבער קיין אָטעם פון אָנערקענונג האָט אין זאל נישט געהויכט... דער ספּעקטאַקל האָט זיך געצויגן אין א לופט פון גלייכגילט ביים אָפענעם פאָרהאַנג, פון אומגעדולד — בעת די אַנטראַקטן. און באַלד נאָכן אָנהויב פון דריטן אַקט, ווען דער פארטרייערטער „פרינץ פון דענעמאַרק" האָט זיך באוויזן און אָנגעהויבן מיט א זינגעדיקן טאָן פון פאַלשן קלאַסיציזם דעם מאָנאָלאָג: „זיין אָדער נישט זיין?" האָט זיך אין צושויער=ריים דערהערט א לאנגער און שאַרפער פייף. וואסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש האָט איבערגעריסן האַמלעטס מאָנאָלאָג, צוגעגאַנגען צום סאמע ראַנד פון דער בינע, ארייגעקוקט מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן אין זאל אריין (וועלכן דעמלטיקע צייטן פלעגט מען נישט אויסלעשן, ווייל קיין עלעקטריש ליכט איז נאָך נישט געווען) און האָט רואיק געזאָגט: „לאָזט לפּחות פארענדיקן דעם מאָנאָלאָג, נאָכדעם וועט איר פייפן, אויב אזוי גלוסט זיך אייך"...

בעת צו אונדז אין גאַרדעראָבע נאָכן 2=טן אַקט „האַמלעט" איז אריין, באַגלייט דורך אים אליין, אלעקסאנדער אַרטעמיעוויטש אוסאַטשאָוו (מיר האָבן עס באריכות דערציילט אין אַ פריערדיק קאַפּיטל), און ער האָט אויסגעדריקט זיין התפּעלות פאַרן יונגן אַקטיאָר, וואָס האָט פאַרשטאַנען צו געפינען דעם סינטעז פון ארומיקער אַלטעגלעכקייט מיטן טאָן און טיפקייט פון גרויסער טראגיק, איז וואסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש געשטאַנען פארטיפט אין זיך און מיט ווייטיק ארויסגעמורמלט: „יאָ, יאָ, אין אונדזער צייט האָבן מיר עס נאָך נישט געקאָנט"... דאָס איז געווען אַ זיפץ איבער זיין אייגענעם ווייטיק, ווייל מיט „צייט" האָט עס לחלוטין נישט געהאַט צו טאָן: די קונסט פון ראָמאַנטישן רעאַליזם האָט אין רוסישן טעאַטער אָנגעהויבן בליען אין מיטן פון 19 יאָרהונדערט אינאיינעם מיט פושקינס

פּאָעזיע, מיט לערמאָנטאָוון און גאָגאָלן. דאַלמאַטאָוו האָט „האַמלעטן" געשפּילט אין די 90ער יאָרן... זיין זיפץ האָט אָפּגעשפּיגלט זיין פּערזענלעכן ווייטיק. דערביי מוז באַטאָנט ווערן, אַז בלויז זיין ג ר י ם פון „קיניג ליר" וואָלט אים געדאַרפט אריינפירן אין פּאַנטעאָן פון שעקספּירס פּאַראייביקטע פּאַרקערפּערער. יורי מיכאַילאָוויטש יוריעוו אין זיינע פּרעכטיק אָנגעשריבענע זכרונות, אין וועלכע מיר האָבן א ריי מייסטערהאַפטע שילדערונגען פון צענדליקער אַקטיאָרישע לייסטונגען, שרייבט, אַז דאַלמאַטאָוו האָט שעקספּירן באַגריפן און קאָמענטירט טיפער ווי א סך אַלוועלטלעך-אָנערקענטע גדולים פון דער בינע. און ער האָט זיך מיט אָט די טיף באַנומענע שעקספּיר-מאָטיוון ארומגעטראָגן ווי מיט א נישט-פאַרהיילטער וווּנד אין זיין שעפעריש געמיט.

איך האָב אים אויסער זיינע לייסטונגען אויף דער בינע פון „אַלעקסאַנדרינסקי"-טעאַטער געזען אין 10 ראָלן בעת זיינע גאַסטשפּילן אין ווילנע, וועלכע מיר האָבן אין אַ פריערדיקן קאַפּיטל שוין דערמאָנט. איך האָב נישט איין סצענע געקוקט, שטייענדיק אין דער קוליסע 3—4 שריט פון אים. איך האָב געזען, ווי אין דער ראָלע פון „סווענגאַלי" אין דעם דעמלטדיקן שלאַגער פון אַלע סעזאָנען און גאַסטראָלן געשפּילטער מעלאָדראַמע „טרילבי" — איז ביי אים אין שטראָם פון טרערן איבערן פּנים אָפּגעוואַשן געוואָרן די צוגעקלעפּטע באָרד. דאָס אַליין איז שוין אַ סימן פון אויפריכטיקן איבערלעבן די געשפּילטע סיטואַציע, און אָט די אויפריכטיקייט איז דער וויכטיקסטער פאַקטאָר ביי אַ דראַמאַטישן אַקטיאָר. דאַלמאַטאָוו האָט געשפּילט אומגעהויער ערלעך, נישט געקינצלט. דערביי איז ער געווען איינער פון די גרעסטע מייסטערס פון טאָגירן און באַלויכטן דעם טעקסט מיט אַזעלכע פאַרבן פון טאָן, אַז אָפט פלעגן פראַזן אויסזען ווי אָקאָרשט צוגעטראַכטע. ער איז געווען אַ ווירטואָז — פון מיזאַנסצען, אַ קינסטלער פון כאַראַקטעריזאַציע, וואָס ביז אים קאָן מען אין דער געשיכטע פון רוסישער בינעקונסט קוים אָנרופן אַ גלייכן (נאָך פריער איז אין דעם פּרט געווען א גרויסמייסטער — וו. וו. וואַסיליעוו). באַשרייבן בפּרטיות ווי אַזוי ער האָט געשפּילט באַזונדערע אַקטן, סצענעס, ראָלן מוז איך דאָ אויסמיידן, ווייל דער יצר הרע צו פירן דעם לייענער איבער אַזעלכע וווּנדערבאַרע לאַבירינטן וואָלט באמת געמאַכט אוממעגלעך אונדזערע פּאָליאַנטן ווען עס איז צו פאַרענדיקן. מיר זענען מיטן לייענער אוים די זעלביקע טעמים, אויסער אַ קורצן עפּיזאָד מיט וואַסיאַ איגנאַטאָוו אויף „אוריאל אַקאָסטאַ" — פאַר אונדזערע 3 פעטערבורגער יאָרן,

אפילו נישט איינמאָל געווען אין טעאַטער. לאָז מיר דורך דאַלמאַטאָווןן אין זיינע ממש בלענדנדיקע לייסטונגען, וועלכע טרעטן לחלוטין נישט אָפּ פּאַר יענע קרעאַציעס אין די הויפּטשטעט פון גאַנץ אייראָפּע, מיט וועלכע מיר האָבן בשעתו דעם לייענער געהאַלטן אויפן שטח פון הונדערטער זייטלעך. אָבער דעמלט איז געגאַנגען אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער בעל דברים צ ו ש ו י ע ר י ש ן אָרגאַניזם; דאָ האַלטן מיר ביי די ערשטע מדרגות פון אַ ק ט י אָ ר י ש ן אויפשטייג און מיר קאָנען זיך נישט פאַרגינען צו פאַרלירן אָרט און צייט אפילו אויף אַ סצענע אין „קרעמשיטשי־סקים התונה", ווען אויף דער בינע זענען געשטאַנען אויסער דאַלמאַטאָוון — דאַווידאָוו, וואַרלאַמאָוו, סטרעלסקאַיאַ, און עס זענען געווען ע ט־ל ע כ ע מאָל מינוטן, אַז מען האָט ג ע מ ו ז ט אויפהערן צו אָ ט ע־מ ע ן — פון התפעלות... מיר לאָזן עס אַלץ דורך!

אָבער אויף איין געשטאַלט וועלן מיר זיך אָפּשטעלן: „גאַיעוו" — אין טשעבאָטאַרענסקיס „קאַרשנגאָרטן"!

מיר ווערן דאָ אָנגעפירט דורך אַ ריי מאָטיוון, פון וועלכע דאַלמאַ־טאָוום אומפאַרגעסלעכע — און אומפאַרגלייכלעכע — סצעניש לייסטונג איז אפשר נישט דער וויכטיקסטער, וואָס צווינגט אונדז אָפּצושטעלן זיך.

קודם איז דאָ אַ פונקט אין דער געשיכטע פון דער רוסישער טעאַ־טער־קולטור, וועלכן די „היסטאָריקער" האָבן לגבי דאַלמאַטאָוון אינגאַנצן דורכגעלאָזט, אויב מען זאָל אָננעמען, אַז זיי האָבן דעם דאָזיקן „פונקט" ב כ ל ל ערגעץ ווו עס איז באַהאַנדלט (זייער קאַרג און זייער בלאָס — לכל הדעות). מיר רעדן דאָ וועגן דעם אָנהויב פון אַנטאָן פּאַוולאָוויטש טשעכאָווס קאַפּיטל אין דער געשיכטע פון רוסישן טעאַטער.

מ י ל י אָ נ ע ן האָבן געהערט און געלייענט וועגן דעם ריזגאויפטו פון מאָסקווער „קונסט־טעאַטער". מיט לאָרבערן פון אומשטערבלעכן רום זענען געקרוינט די נעמען און דער זכר פון די אומפאַרגלייכלעכע מייסטער קאָנסטאַנטין סערגעיעוויטש סטאַניסלאַווסקי און וולאַדימיר איוואַנאָוויטש נעמיראָוויטש־דאַנטשענקאָ.

די דאָזיקע שורות האָבן נישט אויף איין סעקונדע קיין כוונה אַריינצו־טראָגן דעם מינימאַלסטן דיסאָנאַנס אין מיליאָנען־כאָר פון די לויבגעזאַנ־גען, וועלכער הילכט שוין איבער אַ האַלבן יאָרהונדערט אונטער די הימל־געוועלבן פון דער גאָרער וועלט.

און אויב אין אנדערע פונקטן פון זייער לעבנסלייסטונג — דעם „קונסט־טעאַטער“ מייגען מיר — אונטערליגן די ביידע גרויסע טעאַטער־מענער דער קעלט פון ספקות אויף די אָדער יענע עטאַפּן פון זייערע שטרעבונגען, דערגרייכונגען, אויפטוען, איז נישטאָ קיין שום צווייפל אין דעם, אַז אין פונקט „טשעכאָוו“ איז זייער אויפטו — אַ בריליאַנט אין דער קרוין פון רוסישן טעאַטער, ליטעראַטור, מאָלעריי, שפּראַך און אַפילו — אין רוסישן לעבנסשטייגער... ווייל די מעווע אויפן פאָרהאַנג פון מאָסקווער טעאַטער האָט באַצייכנט אַן אָנהויב פון נייע באַציונגען — צווישן בינע און צושויער־רוים; אַ נייעם אופן אויסטאָן די מאַנטלען, אַריינגיין אין זאַל, האָרכן, קוקן, רעדן, שווייגן און — באַוווּנדערן, זיך אַנטציקן... די פּרעמיערע פון „טשאַיקאַ“ (די מעווע) איז אַן אָנהויב פון אַ נייעם שליאַך אין רוסישן טעאַטער! כדי צו זיין אויפריכטיק מיטן לייענער, ערלעך מיט זיך אליין — וועלן מיר דאָ נישט פאַרשווייגן אונדזער מיינונג, אַז פון דעם דאָזיקן שליאַך זענען אַוועק אין אַ זייט אָפּנייגונגען, וועלכע וואָלטן נישט געמאָלט געווען, ווען דער שליאַך וואָלט נישט געווען אַנטשטאַנען, און וועלכע האָבן געבראַכט בייזע יאָרן דעם טעאַטער בכלל, אָבער דאָס זענען שוין ווידער פונקטן זייער ווייטע פון אונדזער סדר היום אויף די לויפנדיקע הפּים... טשעכאָוו איז געווען און פאַרבליבן אַ קאַפּיטל פון פּראַכט און פון אויפשטייג אין רוסישן טעאַטער און דעם קאַפּיטל האָבן געשריבן די גרויסמייסטער פון מאָסקווער טעאַטער. אָבער יעדער מוח, וואָס דענקט דיאַלעקטיש, מוז באַגרייפן און מודה זיין, אַז קיין שום דערשיינונג אין דער נאַטור און אין פּראָצעסן פון דערפינדונג און אין שעפערישע אַנטפּלעקונגען — ווערן נישט געבוירן, ווערן נישט באַשאַפן, ווערן נישט אויפגעדעקט אָן פאָרלויפנדיקע געשעענישן, הנחות, סברות.

וויאַזוי האָט אויסגעזען דאָס בילד פון טעאַטער־רעפּערטואַר איידער דאָס מאָסקווער טעאַטער האָט אָנגעצונדן די שטראַלנדיקע מנורה פון טשעכאָוו־פּעריאָד?

ווידער וועלן מיר זיך היטן פון אַוועקגיין צו ווייט פון אונדזער טעמע און ווידער וועלן מיר זיך באַמיען צו זיין שפּאָרזאַם.

אויף דער בינע האָט געהערשט — מעלאָדראַמע, דאָמינירט — די פראַנצויזישע מעלאָדראַמע. זי פלעגט ווערן איבערגעשלאָגן לשם „פאַרשידנאַרטיקייט“ — מיטן לייכטן פאַרס. מיר פאַרשפּאָרן דאָ צו באַהאַנדלען געוויער די „טעמע“ פון 9 פּיעסן צווישן 10: דאָס איז געווען דער

אַדיולטער. דערביי דאַרפֿן מיר פֿאַרצייכענען דעם טיפֿן אונטערשיד אין רעפּערטואַר פֿון פֿירנדיקע טעאַטערן — אין מאָסקווע און פּעטערבורג. אין מאָסקווע האָט דאָס לעבן פֿון „מאַלי טעאַטער" באַצייכנט און באַשטימט און געפֿירט — יערמאָלאָוואַ! יערמאָלאָוואַ איז איינע פֿון די געציילטע דערשיינונגען אויף דער בינע, ווו דער געניוס פֿון אַקטיאָר איז באהעפֿט מיטן געוויסן פֿון מענטשן, מיטן ברויזנדיקן געדאַנק פֿון בירגער, מיטן גאַנצן סכום פּאָליטישע קאָמפּלעקסן פֿון א פּ ע ר ז ע נ ל ע כ ק יי ט, פֿאַר וועלכער אויף יעדן שריט אין לעבן אין אומגאַנג וואַקסן אויס — פּראָבלעמען, קאָליזיעס, קאָנפֿליקטן — מיט זיך אַליין און מיט אַלעמען אַרום זיך. אין מאָסקווער „מאַלי טעאַטער" האָט געבליצט שעקספּיר, שיללער, וויקטאָר הוגאָ, לאָפּע דע וועגא. יערמאָלאָוואַ האָט געדונערט אין דער „יונגפֿרוי פֿון אָרלעאַן", אין „מאַריא סטיואַרט", אין „פֿוענטאַ אָוועכונטאַ" („שעפּסנקוואַל") (דערביי האָט געפֿייערט זיינע גרעסטע טריומפֿן — אָסטראָווסקי, וועלכער האָט די אייראָפּעישע קלאַסיק געהאַסט און גערודפֿט, אָבער דאָס איז א זייטל, וואָס האָט אהער שוין לחלוטין קיין שום שייכות נישט).

א גאַנץ אַנדער בילד געפֿינען מיר אין פּעטערבורג. בעת דער עולם פֿון „מאַלי טעאַטער" איז געווען — מאָסקווער סטודענטנשאַפֿט אויף דער „גאַליאָרקע", מאָסקווער אוניווערסיטעט — אין פּאַרטער, און אין די רייכע לאָזשן אויף אלע 4 יארוסן — דאָס פּאָרטגעשריטענע, אייראָפּעיש-אַנטוויקלטע מאָסקווער סוחרטום (זיין מוסטער איז געווען — סאווא מאָראָזאָוו, וועלכער האָט אויסגעבויט דעם בנין פֿאַרן „קונסט-טעאַטער", מאַמאָנטאָוו, וואָס האָט ארויסגעפֿירט אויף דער ברייטער וועלט שאַליאַפּינס „מוזיקאַלישע דראמע"), — האָט אין פּעטערבורגער „אַלעקסאַנדרינסקי-טעאַטער" דיקטירט — דער קייסערלעכער הויף און דער אומקרייז פֿון י ע נ ע ם מין לייט און זייערע פֿאָדערונגען, געשמאַקן און פֿאַרלאַנגען. זייער אָפּגאָט איז געווען — מאַריאַ גאַוורילאָוונאַ סאַווינאַ. סאַווינאַ איז אַלס שוישפּילערין געווען ווייט פֿון יערמאָלאָוואַ ווי דער נאָרדפּאָל פֿון עקוואַטאָר... דאָ ווערט נישט געמאָסטן דער ס כ ו ם פֿון סאַווינאַס ט אַ ל אַ נ ט. דערביי דאַרף איך באמערקן, אז יערמאָלאָוואַן האָב איך קיינמאָל נישט געזען, בעת סאַווינאַן האָב איך געזען א צענדליק מאָל. אָבער דאָ איז אונטערן גלאָז פֿון אונדזער אַנאַליז נישט דער אַקטיאָר, נייערט דער טעאַטער-טוער. סאַווינא האָט גלענצנדיק געשפּילט טורגעניעוון („א חודש אין דאָרף"),



מ. ג. סאווינא (אין טורגעניעווס: „א חודש אין דאָרף“)

וועלכער האָט זיך אין דער פּעטערבורגער „געטין“ שיעור, דוכט זיך, נישט פאַרליבט; סאַווינאַ האָט באַשאַפן אַ גאַלעריע פון געשטאַלטן אין אָסטראָווסקי=רעפּערטואַר, אָבער דאָס איז אַלץ געווען — די „ימים טובים“ פון „אַלעקסאַנדרינקאַ“ (אַזוי פלעגט מען דאָס טעאַטער רופן אין די ברייטע דעמאָקראַטישע קרייזן). דער „קרן היסוד“ פון טעאַטער זענען געווען — סאַווינאַס קאַפּריזן, וואָס האָבן זיך באַזירט און געקוויקט דורך אירע אויסרעכענונגען ווי אַזוי אַמבעסטן נושא חן צו זיין — אין די „הויכע ספערן“... ווי אַזוי צו מאַכן די גרויסע קאַריערע. און יענע ספערן האָבן זיך נישט געגוויטיקט נישט אין טראַגישן פּאַטאָס, מיט וועלכן מאַריאַ ניקאָלאַיעוונאַ יערמאָלאָוואַ האָט דערשיטערט די געמיטער און געוויסנס ביי דער מאָסקווער ראַדיקאַלער אינטעליגענץ; נישט אין די שווערע קאָנפליקטן צווישן מאַכטהאָבער און זייערע אָביעקטן. דאָ איז נויטיק געווען די פּיעסע, וואָס איז צוגעשניטן געוואָרן צו דער מאָס פון י ע נ ע מוחות, געוויסנס און געשמאַקן... און אין רעפּערטואַר פון „אַלעקסאַנדרינסקי“=טעאַטער האָט געהערשט איבער אַלעם—וויקטאָר קרילאָוו. מיטן טיפן אַנאַליזירן די מוזע פון דאָזיקן דראַמאַטורג וועל איך מיך דאָ נישט פאַרנעמען; כ'וועל אפילו זיך נישט אָפּשטעלן אויף פּרטים פון זיין „שאַפן“. כ'וועל נאָר זאָגן, אַז ער איז געווען דער „הויפּט=הויף=ליפעראַנט“ און סאַווינאַס „רעכטע האַנט“, בעסטער פריינד, פּאַוואָריט און פּראָטעזשע.

און אַלץ, וואָס אין טעאַטער האָט געאָטעמט מיט לונגען פון פּאָרשריט, פון געזעלשאַפטלעכן געוויסן; אַלץ, וואָס האָט געטראַכט וועגן עפּעס מחוץ די אויסזיכטן פון קאַריערע; אַלע יענע, ביי וועמען זייערע שעפערישע נטיות זענען געווען פאַרבונדן מיט פראַגן פון ליטעראַטור, פון אידעען, פון קאָנפליקטן, קאָליזיעס; אַלע, וואָס האָבן געוואָלט ד ע נ ק ע ן — איבער פראַגן, איבער תשובות —

אַלע אַזעלכע האָבן זיך געפילט אַזוי, ווי אויף זייערע העלדזער וואָלטן געלעגן פעטליעס. מען האָט שווער געאָטעמט, מען האָט מיט יאוש געקוקט אין שיין פון די טעג, מען האָט געזוכט, אויסגעקוקט די אויגן: „מאין יבוא עזרי“? ווער, ווען און וויאַזוי וועט אַרויספירן פון פינצטערן קעלער? עס פלעגט אָנשרייבן אַ פּיעסע ניעמיראָוויטש=דאַנטשענקאָ; עס פלעגט שרייבן קניאַז סומבאַטאָוו (דער אונטערן נאָמען „יוזשין“ באַרימטער אַקטיאָר פון „מאַלי טעאַטער“, וועלכער איז נאָך דער רעוואָלוציע געוואָרן איינער פון די פאַרדינסטפולע „פאָלקס=אַרטיסטן“ און באַליבטע הויכבאַלוינטע טוער פון סאָוויעטישן טעאַטער); עס האָט געשריבן דער פריער דערמאָנ=

טער פּ. פּ. גניעדיטש — אָט די דראמאטורגישע יקר=המציאותן נעבן דעם בעל=מלאכה שפּאזשינסקי האָבן געשאפן הצמלטיקן רעפּערטואר, און וועלכן געקיניגט האָט איבער אלעמען — וויקטאָר קרילאָוו...

אין סאמע סוף יאָרהונדערט — 1898, מסתמא, — איז אין „אלעקסאנדרינסקי“=טעאַטער אריינגעטראָטן וויערא פּיאָדאָראָוונאַ קאָמיסארזשעווסקאַיאַ.

ווידער היפּן מיר דאָ איבער א גענויערן פּאראלעל צווישן די דריי מאַיעסטאַטן פון דער רוסישער בינע: יערמאָלאָווא — סאווינא — קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ. מיר וועלן זאָגן קורץ: אויב מיט יערמאָלאָוואַ האָט קאָמיסארזשעווסקאַיא א סך געמיינזאמע שטריכן ביי דער פארשיידנקייט פון זייער אַקטיאָרישן מהות, איז צווישן קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ מיט סאַווינאַ נישט געווען קיין איין טראָפּן, קיין איין פּאָדעם, וואָס זאָל זיי בינדן, וואָס זאָל אין איינער אָנדייטן די אנדערע: היפּוכים, אַנטיפּאָדן, קאָנטראַסטן און —

פון ערשטן אָטעמצוג אין זעלביקן טעאַטער — שונאים: פייער און וואסער, טאָג און נאַכט.

סאווינא האָט שוין פריער געהאַט פארטריבן פון טעאַטער די אומפארגלייכלעכע אָסטראָווסקי=שפּילערין — סטרעפּעטאָוואַ מיט איר מאן, דעם גלענצנדיקן פּיסאַריעוו.

אז קאָמיסארזשעווסקאַיאַ וועט אין קייסערלעכן טעאַטער נישט האָבן קיין אריכת ימים איז געווען קלאָר פאר יעדן מענטשן: שוין די לופט אויף די אויבערשטע גאלעריען פון טעאטער, ווו די סטודענטנשאפט האָט אויפגענומען קאָמיסארזשעווסקאיאן אזוי, ווי אין מאָסקווע פלעגט ווערן אויפגענומען יערמאָלאָווא; שוין די צעפלאַקערטע פּנימער ביים ראדיקאַלן יוגנטלעכן צושויער האָבן עדות געזאָגט, אז — אָדער פּעטערבורג וועט אויפהערן צו זיין די הויפּטשטאָט, אָדער „אלעקסאנדרינסקי=טעאַטער“ מוז פּטור ווערן פון די דאָזיקע אָוואַציעס פאר דער טרעגערין פון צאַפּלדיקן געוויסן, פרייען געדאַנק, בריענדיקן וואָרט...

קאָמיסארזשעווסקאַיאַ האָט זיך אין „אלעקסאנדרינסקי“ טעאַטער לאַנג נישט געהאַלטן, אָבער פאר איר קורצער צייט האָט זי געקעמפּט פאר אן אנדער לופט און אנדער גייסט אין טעאַטער, און איינער פון די עטאַפּן אין אָט דעם קאַמף — פארשטייט זיך: דער וויכטיקסטער עטאַפּ, דער שענסטער עטאַפּ איז געווען — ד י א ו י פ פ י ר ו נ ג פון טשע=



קאָמיססאַרזשעווסקאַיאַ — „נינאַ“ (אין טשעכאָווס: „טשאַיקאַ“)

באָוום „טשאַיקאַ“ אין אימפּעראַטאָרישן טעאַטער... דורכשלאָגן די געדיב=
טע נעפּלען פון וויקטאָר קרילאָווס באַנאַליטעט; באַצווינגען מאַווינאַס
זעלבסטהערשערישע אמביציעס („אויב שוין יאָ „טורגעניעוו“, טאָ לאָזט
מ י ך שטיין בראש פון אויפטו!“), א וואָרף טאָן אַן ארויסרוף —
„אַ הענטשקע“ — דעם ע ו ל ם פון „אַלעקסאַנדרינסקי“=טעאַטער און
ארויספירן איף דער ק יי ס ע ר ל ע כ ע ר בינע דעם מחבר, וועלכן גאַנץ
רוסלאַנד האָט שוין געטראָגן אין האַרצן — דאָס האָט זיך נאָך קיינער
נישט געהאַט באַשלאָסן!

צי דאַרף מען פארלירן א סך ווערטער, כדי דער לייענער זאָל זיך
זאָגן: „דאָס האָט זיך געקאָנט דערלויבן נאָר א ר ע וו אָ ל ו צ י אָ נ ע ר
אויף די געביטן פון זיין לעבן און שאַפן!“

וועגן דער „מעשה“, אַז „טשאַיקא“ איז אין יענעם אָוונט „דורכגע=
פאלן“ וועלן מיר דאָ קיין סך נישט „ברייען“. כדי „טשאַיקא“ זאָל ווערן
אויפגענומען אזוי ווי דאָס איז געשען שפּעטער אין מאָסקווע, האָט מען
געדאַרפט האָבן ראשית — 2 (צ וו יי !) אזעלכע גיגאַנטן ווי מען האָט
אין מאָסקווע געהאַט, והשנית — דעם עולם, וואָס האָט אין טעאַטער גע=
אָטעמט די לופט פון „קונסט=טעאַטער“ א צייט פ אַ ר דעם ספּעקטאַקל,
און, דריטנס, לאָמיר דערמאָנען, אַז אויף דער פּרעמיערע פון דעם שטיק
אין מאָסקווע זענען אלע אָנטיילגעמער געשטאַנען הינטערן אראָפּגעלאָזע=
נעם פאָרהאַנג און געמיינט, אַז די פאַרשטעלונג איז דורכגעפאלן ביז זיי
האָבן דערהערט די ערשטע אפּלאָדיסמענטן, וועלכע זענען באַלד פאר=
וואנדלט געוואָרן אין א שטורעם.

אין „אלעקסאנדרינסקי“ טעאַטער איז געזעסן דער עולם פון „גאָס=
טיני דוואָר“ — קופּצי וטאָראָי גילדי, וועלכע זענען געקומען צום בענע=
פיס פון זייער ליבלינג לעווקיעווא. דער ספּעקטאַקל איז געגאַנגען צו איר
בענעפיס. און דאָ שטעקט, משמעות, א סעקרעט, וואָס איז ביז היינטיקן
טאָג נישט אויפגעקלערט געוואָרן... לעווקיעווא איז געווען אן אקטריסע,
וואָס איז געווען באַליבט ביים טעאַטער=עולם פון די קליינבירגערלעכע
ספּערן אין לייכטן רעפּערטואַר, און וואָדעוויל מיט געזאַנג. ווי אזוי האָט
עס פּאַסירט, וואָס לעווקיעווא האָט צו איר בענעפיס אויסגעקליבן „טשע=
כאָווס „טשאַיקאַ“? די דערקלערונג פון דער דער דאָזיקער רעטעניש קאָן
שטעקן נאָר אין דער סברה, אַז עמעצער האָט זי דערצו געבראַכט פון
אן אומגעריכטן ווינקל... און זיין האָט עס געקאָנט נאָר דער ווינקל פון די

אומדערמידלעכע זוכער, וועלכע האָבן געשטרעבט ארויסצופירן דעם רעפערטואַר אויף נייע וועגן. בראש פון אָט דער גרופּע איז געשטאַנען וויערא פּיאָדראָוונא קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ און אַרום איר עטלעכע פּראָגרעסיווע געשטימטע אַרטיסטן פון דער אַלטער גוואַרדיע „אַלעקסאַנדרינצעס“.

דער עולם, וואָס איז אויף לעווקעיעוואַס בענעפיס געקומען נאָך לייכטער פאַרוויילונג, האָט, פאַרשטייט זיך, טשעכאָווס פּיעסע נישט געקאָנט אויפנעמען אַנדערש, ווי ס'האָט יענעם אָוונט פּאַסירט — מיט חוזק און בריוואָלן לייכטזין. אָבער די וואָגיקייט פון דער געשעעניש יענעם אָוונט באַשטייט אַבסאָלוט נישט אין דעם, וואָס „טשאַיקאַ“ האָט קיין דערפאָלג נישט געהאַט, נייערט אין דעם, וואָס „טשאַיקאַ“ איז יענעם אָוונט געוואָרן אויסגעפּייפט!

דער קינסטלערישער „יש“ איז — קלאָר ווי דער טאָג — נישט באַשטאַנען אין דעם, וואָס שפּעטער האָט באַוויזן דאָס מאָסקווער טעאַטער... מאָסקווער טעאַטער האָט אין טשעכאָוון געפונען זיין שעפערישע טבע; דאָס טעאַטער איז אין „טשאַיקאַ“ צו דער וועלט געקומען און ערשט דאָ אַנטפּלעקט זיין פּנים, אַנטהילט זיין נשמה, אַליין דערזען זיין ריכטונג, זיין וועג און באַוויזן עס דעם פאַרחידושטן, אַנטציקטן צושויער. דאָס איז באמת געווען עפּעס אַזוינס, וואָס קיינער האָט נישט דערוואַרט און די שעפער אַליין האָבן נישט געטראַכט, אַז זייער פּרוּוו וועט דערגרייכן ביז אַזעלכע הויכן... אין ספּעקטאַקל אויף דער בינע פון „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער האָבן די אַקטיאָרן געשפּילט, אַפילו נישט טראַכטנדיק, אַז דאָ ליגן פאַרשטעקטע בריליאַנטן, וועלכע קיינעמס אויגן האָבן דעמאָלט נאָך נישט געהאַט אָנגעקוקט. און טשעכאָווס סצענישע פּאָעמע איז אַוועק אַזוי ווי מיטן ווינט: קיין פּאָדעם איז פון איר נישט געבליבן ביים צושויער אין איינדרוק, אין זכרון. דאָ איז נויטיק געווען די קונסט פון סינטעטישן צוזאַמענשפּיל פון טויזנטער מאָלעקולאַרע פּרטים, פון וועלכע יעדער פּרט זאָל זיין פאַר די רעזשי־ווירטואָזן — גלייכווערטיק. אין „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער האָבן געשפּילט אינדיווידואַליטעטן, וועלכע האָבן נישט געוווּסט ווו ליגט דער וועג אַפילו צו זייער אייגענער דערהויבונג און זיי האָבן „גערעדט טערקיש“ — צום צושויער, צום דיכטער, צו זיך אַליין... אָבער צווישן זיי איז געווען זי אַליין — די געטלעכע וויערא פּיאָדראָוונא. און ווער עס האָט זי געזען אין דער ראָלע פון „נינאַ זאַרעטשנאַיאַ“, בעת די התפּעלות פאַרן מאָסקווער ספּעקטאַקל איז שוין דורכגעלעבט געוואָרן, יענער האָט געוווּסט, אַז אויך דאָ

איז איבער אלץ און אלעמען — דער אקטיאָר, אָבער אין געגעבענעם פאַל, האָט ער זיך געגנויטיקט אין ספּעציעלע „לעמפּלעך" —

דאָס איז א ספּעציעלער קאַפּיטל פון טעאַטער־געשיכטע, אפשר — דער קאָמפּליצירטסטער און רייכסטער און שטרויכלונגספולסטער קאַפּיטל פאַר יאָרטויזנטער.

מיר קערן זיך אום צו אונדזער באַשיידענער אויפגאַבע: צווישן די געציילטע מיטאַרבעטער, אויף וועלכע קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ האָט זיך געשטיצט אין אירע באַמיונגען ארויסצופירן דעם „אַלעקסאַנדרינסקי" טעאַטער פון וויקטאָר קרילאָוס פוילע אָרעמס, איז געווען — אונדזער וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש. און דער אויפטו האָט זיך נישט פאַרענדיקט מיט דער אויפפירונג צו לעווקעיעוואַס בענעפיס...

האָבנדיק פאַרלאָזט דאָס קייסערלעכע טעאַטער, איז קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ ארויסגעפאָרן אויף אַ גאַסטראָל־טורנע איבערן גאַנצן לאַנד און אין איר רעפּערטואַר האָט טשעכאָוו דאָמינירט אין דעם טורנע איבער אַלע אַנדערע אויטאָרן. מיר פּרעטענדירן דאָ להלוטין נישט אויף דער פּינקט־לעכקייט פון דאַטעס און אַנדערע פּרטים.

איך וועל מיר דאָ דערלויבן אַן אָפּווייכונג פון דער לויפנדיקער טעמע און דערביי נאָך א געוויסע דאָזע — אפשר, ביים ערשטן איינדרוק שאָ־קירנדיקן — נאַטוראַליזם...

געווען איז עס דעם זומער, ווען די חברה ליבהאָבער בראש מיט יהושע בערטאָנאָוו האָבן געשפּילט און מיך נישט צוגעלאָזט צום „עמוד"; ווען איך האָב נאָך א שלאַקסרעגן פון א פּייכטן דעמבנצווייג פאַרגעלייענט פאַר עטלעכע חברים גאָרקים נאָר־וואָס פאַרעפנטלעכט „ליד וועגן שטור־רעמפויגל" — אלזאָ: 1901...

אין „גרויסן" טעאַטער איז פאָרגעקומען דער אָפּשיידס־בענעפיס און דער געזעגענונגס־גאַסטראָל פון קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ און געשפּילט איז געוואָרן — טשעכאָווס „טשאַיקאַ"... איך האָב געהאַט א בילעט אין פּאַר־טער, וועלכער איז געלעגן אין בוזעם־קעשענע, און מיין האַרץ האָט גע־קלאַפּט אונטערן אומאויפהערלעכן געפיל, אז דער בילעט ליגט אין טאַש און איך וועל היינט אָוונט האָבן די זכיה אאוו... און לערך אַ שעה — 1½ פאַרן אָוועקגיין אין טעאַטער מאַכט זיך, זאָ איך שנייד מיר איין מיט א פינער קינזשאַל א פינגער ביזן ביין. ארום 7 לאָז איך זיך גיין אין טעאַטער מיט א פאַרבאַנדאַזשירטער האַנט און מיט א טעמפּעראַטור פון 38... די פּרטים וועלן דאָ דערציילט כדי צוצוגעבן, אז פון אָוונט זענען

מיר פאַרבליבן בלויז איינצלנע מאָמענטן: „נינאַ זארעטשנאיאס“ מאָנאָלאָג: אין ערשטן אַקט, די ראָלע האָט געהערט צו קאָמיסארזשעווסקאַיאַס שעפערישע דערהויבונגען... נאָך איז מיר פארבליבן אין זכרון דער דיאלאָג צווישן דאַלמאַטאָוון — „טריגאָרינען“ מיט ארקאדיעוואַ („טורגעניעוו איז, פאַרשטייט זיך, בעסער“), און ענדלעך: ביים אָפּעניעם פאָרהאַנג ווערט די באַליבטע וויערא פיאָדאָראָוונא באגריסט... בלומען, קוויטן, קרענץ, אויסדרוקן פון גרענעצלאָזער אָנערקענונג פאר דער קינסטלערין, וועלכע איז צו יענער צייט שוין ווייט אריבערגעשטיגן די מאָס פון פשוט־קינסטלערישן אויפטו: זי איז שוין געווען די פאָנענטרעגערין פון טעאַטראלישן פראָגרעס, פון אומשטורץ, פון נייע פארמעסטונגען...

זיצט א צושויער אין פיבער פון זיין ווייטער פאַנטאַזיע וועגן א צוקונפט, וועלכע ער קען נאָך נישט, אָבער וואָס רופט אים, ווינקט צו אים, לאָקערט און זי שפיגלט זיך — אָט די נאָענט־ווייטע צוקונפט זיינע — אין דעם ליכט און אין דער פייערלעכקייט פון די שוועבנדיקע פאר זיין אויג און אויער מינוטן... פרייד? האָפענונג? ווייטקייטן און זונענשטראַלן? שווערע וואָלקנס? אזא נאָגנדיקער ווייטיק! אזא דרייפאכיק־אָפּטער פולס... אויפן באנדאזש — בלוט־טראָפּנס פון דער פרישער וווּנד... און אין נעפּל פון אזעלכע איבערלעבונגען, אזוי ווי פון אן אנדער וועלט ארויס — א טיפע ברוסט־שטים:

— „נישט קיין מעווע זייט איר, וויערא פיאָדאָראָוונא! איר זענט א פאַראַדי־פויגל, איר טראָגט אויף אייערע פליגלען פאר אונדז די לופט פון באַרגשפּיצן, פון יענע ספערן, וועלכע...

מער געדענקט נישט דאָס ייִנגל מיטן ברענענדיקן גייסט און פלאַם פון זיין צעשפּילטער פאַנטאַזיע און האָפענונג... מער האָט נישט צו דערציילן דער אקטיאָר, וואָס איז נ אָ כ ד ע ם דורכגעגאַנגען איבער 50 יאָר טעאַטער און וויים צו זאָגן, אז יענע גאַסטשפּילן האָבן געזייט איבער די מרחקים פון אייִן זעקסטל ערדקויל די קערנער און זוימען פון געלייטערטן וואָרט, פון פרייען גייסט, פון בירגער־געוויסן.

די גאַסטראָלן האָבן געדויערט, מסתמא, נישט ווייניקער ווי 3 חדשים (ווארשיינלעכער — 6). 90 טעג זענען לפּחות 70 פאָרשטעלונגען; א פאָרשטעלונג איז מינימאל — 500 צושויער. (ווארשיינלעכער — 750) — אין עם לויטן פ אָ ר ז י כ ט י ק ס ט ן חשבון פינף און דרייסיק טויזנט צושויער, וועלכע האָבן טשעכאָווס ווערק דערקענט, איינגעאָטעמט, געליי=

טערט און דערהויבן געוואָרן אדאנק דער טעטיקייט און די שטרעבונגען פון אָט אָ דער גרופּע טעאטער-טוער. און דאַלמאַטאָוו איז געווען איינער פון די פירנדיקע פּערזענלעכקייטן אין דער גרופּע!

דערציילנדיק ווער און וואָס איז געווען דאַלמאַטאָוו, וואָלטן מיר נישט געווען אין אָרדענונג, ווען מיר זאָלן נישט דערציילן וועגן זיין ראָלע און באדייטונג אין קאַפּיטל „טשעכאָוו“ אויף די רוסישע בינע-ברעטער! אָבער דאָס איז נאָך וויי־ווייט נישט אַלץ!

מיר קומען צום קינסטלערישן „יש“: צו דעם, ווי אזוי דאַלמאַטאָוו האָט טשעכאָוון געשפּילט.

פאר מיליאָנען, וועלכע וואָלטן זיך אָן דעם מיט טשעכאָוון נישט באַקענט, האָט דאַלמאַטאָוו טשעכאָווס געשטאַלטן באוויזן — דאָס קאָן נישט ווערן אָפּגעלייקנט... אָבער וויאזוי האָט עס אויסגעזען ז... ליכט פון קריטישער אָפּהאנדלונג — דאָ הויבט זיך אָן דאָס געביט פ... מיין סוביעקטיווער אָפּשאַצונג. אָבער איך וועל דעם לייענער פארזיכערן, אז מיין סוביעקטיווקייט וועט זיין אין דעם פאל נישט קיין אנדערע, ווי זי איז געווען בעת איך האָב פון די אויבערשטע גאַלעריען אראָפּגערעדט צו מיין לייענער וועגן די גדולים פון בערלין, פּאַריז, ווין, מינכען...

דאָרטן האָב איך זיך נאָך געלערנט אויפנעמען די קונסט פון א מאַטקאָווסקין, קאָקלענען, דוזע, שילדקראַוט, זאָנענטאַל. דאַלמאַטאָוון האָב איך שוין אויפגענומען מיט די אויגן פון אן אויסגעבילדעטן צושויער.

און איך קאָן זאָגן מיט גרויס פרייד און גדולה וועגן מיין גרויסן רבין: דאַלמאַטאָוו איז געווען איינער פון יענער ריי בינע-קינסטלער! אין ראָלן, פון פארשיידנאַרטיקסטע כאַראַקטערן האָט ער דעם צושויער געפאַסט אזוי, אז מען פלעגט נישט מסוגל זיין אין ווערטער אויסצודריקן — נישט די טיפקייט פון רושם, נישט די פארבן, נישט דעם אינהאלט פון זיין ווערק. ווי א קוריאָז קאָן איך דערציילן, אז אין 5-טן אקט „רעוויזאָר“, אין דער סצענע מיטן בריוו, ווען די אקציע ארום שטראָמט פון איין זייט בינע צו דער אנדערער, פון איין פיגור צו דער צווייטער, האָט דאַלמאַטאָוו, שפּילנדיק די ראָלע פון „אָטסטאַוונאָי סעקונד-מאיאָר ראַסטאַקאָווסקי“ און זיצנדיק אין א ווינקל — אָן איין וואָרט אויף די ליפּן, קאָנצענטרירט אויף זיך די אויפמערקזאמקייט פון זאל און נישט איינמאָל אין יעם מאָמענט, ווען ער צעלאַכט זיך איבערן ארומיקן געפיל-

דער און סקוואָזניק־דמוכאַנאָווסקים באַרימטן אויסגעשריי: „פון וועמען לאַכט איר? פון זיך לאַכט איר!“ — האָט ער אַרויסגערופן אַן אויסברוך פון שטורמישע אַפּלאָדיסמענטן.

אָבער — מיר רעדן וועגן ט ש ע כ אָ ו ו ן. אַלס קינד — יענעם באַשריבענעם זומער — האָב איך אים געזען אין „וואָיניצקי“ (דער פעטער וואַניאַ). פאַרשטייט זיך, אַז דער ספעקטאַקל איז געווען אויף אַן אַנדער באָדן און האָט פאַרמאָגט אַן אַנדער לופט איידער די שפּעטערדיקע טשעכאָוו־פאַרשטעלונגען. אָבער פון די אַלע „וואָיניצקים“, וועלכע מיר איז אויסגעקומען צו זען שפּעטער, איז דאַלמאַטאָוו געווען — דער איבערצייגנדיקסטער.

אָבער דאָס זענען איינדרוקן — פון די קינדער־יאָרן.

אין יאָר 1910, שוין האַרט פאַרן ענדיקן די שול, זענען מיר, אַ גרופּע פון אַ מאַן צען אונדזערע סטודענטן אַוועק אין „אַלעקסאַנדרינסקי“ טעאַטער אויף אַ פאָרשטעלונג פון „קאַרשנגאָרטן“. און דאָ האָט זיך פאַר מיר אַנטפּלעקט אַן אומדערוואַרטער וואונדער: נאָך דעם ווי די וועגן צו שפּילן טשעכאָוון זענען אַדאַנק די צוויי גאונים פון מאָסקווער טעאַטער געוואָרן אַנטדעקט און אָנגעוויזן, האָבן אַקטיאָרן פון אַנדערע טעאַטערן געשפּילט טשעכאָוון נ י ש ט ע ר ג ע ר, ווי אין מאָסקווע. און גרויסע סצענישע אינדיווידואַליטעטן, גרויסע מייסטערס, גייענדיק מיטן געהעריקן וועג, האָבן אַ גרויסן טייל מאָסקווער אויספירער איבערגעלאָזט ה י נ ט ע ר זיך. פאַרשטייט זיך, אַז קאַטשאַלאָוו אין „טראָפימאָוון“ האָט קיינער נישט אַריבערגעיאָגט, אָבער וואַרלאַמאָוו אין „סימעאָנאָוו־פישטשיק“, דאַווידאָוו אין „פירס“, סטעפּאַן יאַקאָוולעוו—לאָפּאַכין האָבן איבערגעלאָזט איינדרוקן, וועלכע קיין איינער פון די מאָסקווער אויספירער האָבן נישט אָפּגעווישט, הגם די לופט פון ספּעקטאַקל, די אַלגעמיינע „שטימונג“ איז אין פעטערבורגער טעאַטער געווען שיטערער.

דאַלמאַטאָוו האָט געשפּילט — „גאַיעוון“. יעדער פאַרגלייך מיט סטאַניסלאַווסקין און בפרט יעדער פּאַראַלעל צווישן די ביידע געשטאַלטן האָט דאָ נישט קיין שום זין. עס איז אַ פּאַרביקע אילוסטראַציע צום פראַנצויזישן כּלל, וועלכער זאָגט: „Comparaison n’est pas raison“ („יעדער פאַרגלייך איז נישט גלייך“). דאַלמאַטאָוו האָט אין דער ראָלע באַוויזן — אפשר בולטער ווי ווען עס איז — זיין מייסטערשאַפט אין סימבאָליזירן דעם מחברס כוונה, אַרויסצוברענגען זי אין פּרטים, דעטאַלן, אין אָפּגעריסענע טענער, אין אַלגעמיינער צייכענונג אַזוי, אַז עס שפּילט די גאַנצע

א י ד ע ע פון ווערק. „נאַיעוו“ איז ביי דאַלמאַטאָוון געווען אַ בילד פון
א פארוואָרלאָזטן, פוסטן, מיט ווילדגראָזן פארוואָקסענעם אלטן גאָרטן...
איינזאם, כסדר — אין זיך, מיט זיך, מיט בליקן, וועלכע אלץ און אלע
ארום שפיגלען אָפּ אזוי ווי מיט איינגעהאַלטענע אויסדרוקן פון דער=
שראָקנקייט... „פירס“ טרעט פון אים נישט אָפּ אַ רגע; קלאַפּט אָפּ דעם
שטויב פון זיינע בגדים; דערלאַנגט אים טאשנטיכלעך; קעמט זיין
באָרד און... שלעפּט ארויס פון באָרד א צוקערל, וואָס האָט אַהין
פארבלאָנדזשעט. פאַר אַניעס אויסרוף: „פּעטער! שוין ווידער!“ דער=
שרעקט ער זיך מיט אזא מין אויסדרוק, ווי ער וואָלט באַגאַנגען מי יודע
וואָס פאר א חטא... און זיין מאָנאָלאָג צום אלמער“: „טייערער, הויכגע=
אַכטער שראַנק! איך גראַטולירט דיך צום 50=יעריקן יובל פון דיין עקזיס=
טענץ...“ — דאָס פלעגט ארויסרופן טרערן אין די אויגן פון צושויער,
ווייל ס'איז געווען — די ט ר א ג ע ד י ע פון אָפּגעלעבטקייט. דאָס האָט
באַלויכטן די טיפע עלעגיע פון אַלטן אדעליקן, וועמענס לעבן איז געווען
פארענדיקט. אָבער דער מ ע נ ט ש ל ע ב ט און האָט זיך נישט ווו אהין
צו טאָן: ס'איז אָנגעקומען זיין ווינטער און — נישטאָ דער ווינט, וואָס זאָל
אים אָפּרוימען... בלאָנדזשעט ער ארום, דער פארבליבענער מענטש איבערן
וויסטן גאָרטן פון זיין פארשפּעטיקטן קיום און וואַרט אויף זיין סוף און
בענקט נאָך זיין אייביקער רו.

איך האָב געזען נישט נאָר א בינע=ווירטואָז אין איינער פון זיינע
בעסטע שאַפונגען, איך האָב דערזען איינע פון די מערקווירדיקסטע סצע=
נישע קרעאַציעס, וואָס איך האָב ווען עס איז דאָס גליק געהאַט צו זען.

ווען איך וואָלט ביז דאַן און נאָך דעם נישט געווען אין טעאַטער,
וואָלט איך באשלאָסן, אז „טעאַטער“ — דאָס איז די העכסטע פאָרם
פון פ אָ ע ט י ש ע ר אַנטפּלעקונג, איינער פון די אויסדרוקן פון
ע ל ע ג י ש ע ר דיכטונג.

איך בין אָבער אין טעאַטער געווען ביז דאַלמאַטאָווס „גאַיעוו“ און
געווען נאָך אים, און מיר בלייבט נאָר איבער צו פארצייכענען, אז דאַלמאַ=
טאָוו אין „גאַיעוון“ איז א פּונקט אויפן טעאַטראַלישן אָלימפּ, און ער אליין
וואָלט אין מיינע זכרונות פארבליבן א גדול הדור צוליב דער איינציקער
געשטאַלט. און, דערמאָנענדיק נעבן אָט דער געשטאַלט אַ ריי שוין פריער
באַצייכנטע, מיט „קרעטשינסקען“ איבער אלע און „יאָהאַנען“ דאַנעבן,
דאַרף איך שליסן מיין קאַפּיטל מיטן אויסדרוק פון גליקס=געפיל און

שטאָלצן באוווסטזיין, אז די יאָרן אונטערן איינפלוס פון זיין וואָרט, פון זיינע מעשים — זענען נישט אָפּצושאַצן אין חשבון הנפש מיט זיך. איך קאָן מיר בפועל ממש נישט פאָרשטעלן, וואָס *וואָלט* געקאָנט פאַרבייטן די 3 יאָר לעבן נעבן אים.

* * *

דער קאַפּיטל קאָן נישט פאַרענדיקט ווערן אָן א קורצן איבערזיכט איבער זיין *געזעלשאַפטלעכער* טעטיקייט: ער איז געווען איינער פון די אקטיווסטע טוער, וואָס האָבן געגרינדעט די *טעאטער*-געזעלשאַפט. דעמלט האָט זי זיך גערופן: „אימפּעראַטאָרסקאָיע טעאַטראַלנאָיע אָבשטשעסטוואָ" און איז אויפגענומען געוואָרן אונטערן „דורכלויכטיקן שוץ" פון גרויספירשט... איך געדענק נישט — פון *וועלכן* גרויספירשט. נאָך דער רעוואָלוציע איז די טעאַטער-געזעלשאַפט געוואָרן: „אלרוסישע", שפּעטער — „אלפאַרבאנדישע". דאַלמאַטאָוו האָט מיך אריינגעפירט אין דער טעאַטער-געזעלשאַפט, בעת איך בין געווען אויפן צווייטן לערניאָר, און דאָס איז די איינציקע געזעלשאַפט, אין וועלכער איך בין א מיטגליד — 50 יאָר כסדר. רעדן דאָ וועגן דעם איז אפשר נישט אויפן אָרט, אָבער צו דאַלמאַטאָווס כאַראַקטעריסטיק געהערט דער פאַקט, וואָס אין דער צייט פון איר גרינדונג איז די געזעלשאַפט געווען דאָס *איינציקע ווינקל* פון פרייער *געזעלשאַפטלעכקייט* אויף דער טעאַטער-גאַס... מיר ווייסן שוין פון א ריי עפּיזאָדן, ווי טיף אין דאַלמאַטאָוון זענען געווען פאַרוואָרצלט די פּרינציפּן פון איידעלער מענטשלעכקייט; ווי ער האָט נישט אָפּגעטראָטן אויף אַ שריט פון מינדסטן פּרינציפּ, וואָס האָט געהאַט א שייכות צום באַגריף „עטיק"... „די עטיק פון טעאַטער" האָט זיך גערופן דער ציקל פון זיינע לעקציעס אויפן ערשטן לערניאָר אין שול. מיט זיין נאָמען און אויפטוען זענען פאַרקניפּט צענדליקער עפּיזאָדן, אָבער אויסשעפּן די פאַרביקע געשטאַלט איז קוים מעגלעך אפילו אין א באַזונדערן בוך און מיר האָבן די ראַמען בלויז פון א „באַזונדערן קאַפּיטל".

וועלן מיר צוטרעטן צו זיינע לעצטע אַקאָרדן.

אין פעווראַל 1910 איז געשטאָרבן פון פּאָקן, זיך האָבנדיק אָנגעשטעקט אין וויטן — דעמלט ווילדן — טאַשקענט קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ.

איר טויטן קערפּער האָט מען פון טאַשקענט געבראַכט קיין פּעטער-

ב״ג און אויף די באַן־סטאַציעס איבערן גאַנצן שטח, דורך וועלכן דער וואַגאָן מיט דער טרומנע איז דורכגעפאָרן, האָבן מיליאָנען און מיליאָנען מענטשן אָפּגעוואַרט און באַגלייט און באַקלאָגט די פּריצייטיק אומגעקומענע גרויסע קינסטלערין... געמלעך — אומגעקומענע! ווייל קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ איז געפאַלן אַ קרבן פון די אינטריגעס קעגן איר מצד די פינצטערע כוחות, מיט וועלכע זי האָט געפירט אַן עקשנותדיקן קאַמף. אין קאַמף האָט זי פאַרלאָזט די אימפּעראַטאָרישע סצענע; אין קאַמף — זיך געלאָזט איבער די גרענעצלאָזע שטחים פון דער אימפּעריע און אומעטום — ווי אויבן איז שוין באַטאָנט געוואָרן — געשפּרייט דאָס נייע וואָרט, דעם נייעם געדאַנק, די קערנער פון פרייהייטלעכער באַציונג צו די ווערטן פון קונסט, פון לעבנסאומגאַנג... אין די פייגלעכע באַדינגונגען פון טורנע האָט זי זיך ערגעץ אויפן טומלדיקן מאַרק פון דער האַלב־ווילדער שטאָט אָנגעשטעקט מיט דער בייזער קרענק און איז אַוועק פון דער וועלט, נישט האָבנדיק אפילו קיין וועלכע ס'איז גענוגנדיקע מעדיצינישע הילף...

די אומצאָליקע מענטשן־מאַסן, וואָס האָבן געשלוכצט, באַגלייטנדיק קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַס טויטן קערפּער — דאָס איז געווען נישט בלויז טרויער נאָך דער באַליבטער שוישפּילערין — דאָס איז געווען אַ סטיכישער אויסברוך פון יאוש איבער דעם, וואָס די ליכטיקסטע נשמות פון אַלע פרייע רוסלאַנדס זין און טעכטער זענען אין די נעצן פון שוואַרצע כוחות, וועלכע האָבן געשיינט צו זיין אייביק אומבאַזיגבאַר, ווי אַן אונטערשטרייכונג פון אָט דעם פאַקט פון פינצטערער הערשאַפט איז געווען דער פאַרבאָט פון אַרכיערעי מקבר צו זיין קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַן אויפן פרידהאָף פון דער אַלעקסאַנדראָניעווסקאַיאַ לאַווראַ... אויף דעם בית עולם זענען געלעגן אין אייביקער רו אַ סך פון די פעטערבורגער פּאָפּולערסטע פערזענלעכקייטן, אָבער דער אַקטריסע האָט די אָנפירנדיקע אינסטאַנץ פון דער פּראַוואָסלאַווער קירך — קאַטעגאָריש פאַרצוימט דעם צוטריט צום אַריסטאָקראַטישן רו־אָרט. עס איז נישט שווער זיך פאָרצושטעלן, וואָס אין שטאָט האָט זיך אָפּגעטאָן פאַר דער צייט (וואַרשיינלעך: אַ טאָג 10, אפשר — מער?), ווען מען האָט געוואַרט אויף דער טרומנע און געוווסט, אַז די מאַכט האָט פאַרבאָטן צו ברענגען וויערא פיאָדאָראָוונאַ צו דער קבורה... סטודענטן האָבן מאַניפעסטירט; די צייטונגען האָבן געליאַרעמט; די געמיטער זענען געווען אויפגערעגט; פּאָליטיקער האָבן געשלאָגן קאַפּיטאַל; אויפריכטיקע מענטשן, דער קינסט־

לערינגם פריינד און פארערער — ס׳הייסט: הונדערטער טויזנטער פעטערבורגער תושבים — האָבן פארגאָסן טרערן; און גאַליקער פארהוּווט האָט פארסמט זייערע טעג און נעכט...

ביי דאַלמאַטאָוון אין קאַבינעט (מיר קענען דעם קאַבינעט שוין, נישט פון איין זיצונג, נישט פון איין געשפרעך, געשעעניש, פרייד, פאַרדרוס און טרערן — פאר אונדזערע שוליאָרן) האָבן זיך פארזאמלט עטלעכע פון די נאָענטסטע צו זיין האַרצן, מסתמא, ליבסטע מענטשן... איך געדענק נישט אלעמען, אָבער צווישן זיי איז געווען: גלאָוואַצקי, סלאַדקאָפּיעוּוצעוו, פון די שילער — איגנאַטאָוו, טשעכאָוו.

דאָס רוב זענען געזעסן אין פארשיידענע ווינקלען פון גרויסן צימער. דאַלמאַטאָוו האָט פאָרגעלייענט א טעלעגראמע פון וועג מיט פרטים וועגן די טרויער=אויסדרוקן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אן אָרגאניזירטער פינעברמאַרש פון מיליאָנען=מאַסן דורך איין האַנט און ווילן. אָבער אין דער אמתן זענען דאָס געווען, ווי געזאָגט, אן א ו י ס ב ר ו ך פון פאָלקס=יאָמער איבער דעם אומדערוואַרטן אומגליק.

דער פארבאָט צו באַערדיקן וויערא פיאָדאָראָוונא אויפן פרידהויף פון דער „לאַווּרע“ איז שוין באקאנט געווען אונדז אלעמען, און אין דער שטילקייט, וואָס האָט געהערשט אין קאַבינעט, איז געווען, ווי אין א שווערן וואָלקן פאר א שטורעם, אָנגעזאמלט שטיינער פון נישט אָפּגעהילכטע אָבער אומפארמיידלעכע דונערן. אלע אין דעם צימער יענעם פרימאָרגן האָבן געוווסט און נישט געצווייפלט, אז די דונערן וואַקסן אָן און מוזן און וועלן ארויסקנאַקן פון די פארשוואַרצטע, מיט וואָלקנס באַלאַגערטע הימלען איבער אונדזערע אלעמענס לעבנס.

אזוי ווי ווייטע, טויבע ברומערייען פון דער אָנוואקסנדיקער רוגזה, האָבן זיך איבערן קאַבינעט געטראָגן אָפּגעהאַקטע פראזן: דאַלמאַטאָוו איז געווען אויפגעטרייסלט פון אלץ, וואָס די לעצטע טעג און שעהן האָבן געבראכט, און מער ווי קאָמיסארזשעווסקאַיאס אומקום האָט אים געטראָפן דער פאַרבאָט זי צו לאָזן ליגן צווישן די אויסדערוויילטע קברים...

— וויערא פיאָדאָראָוונא וועט נישט זיין ווייניקער אָנגעזען אין דער געשיכטע פון אונדזער קונסט דערפון, וואָס אירע ביינער וועלן רוען נעבן טורגעניעוון אָדער גריגאָראָוויטשן, וועלכע זענען געקומען צו דער קבורה אויף אנדערע פעטערבורגער בית עלמינס, אָבער וויצ זענען מיר אלע? וווּ לעבן מיר? וווהין גייען מיר, אויב אזא איינע פון צווישן אונדז, וועלכע



קאָמיססאַרזשעווסקאַיאַ — „סאָניאַ“
(אין טשעכאָווס: „דער פעטער וואַניא“)

װערט באַקלאָגט און געפּייערט פון מיליאָנען, אונטערליגט אַזעלכע פאַר־אָרדענונגען און פאַרבאָטן!

ער איז אַנטשוויגן געוואָרן און אין צימער האָט ווידער געהערשט די שטילקייט פון הימלען, מיט שוואַרצע כמאַרעס באַדעקטע...

איך בין געשטאַנען אויסגעדרייט מיטן רוקן צום צימער, ווי שטענ־דיק, ווען מיר פלעגט אויסקומען צו זיין אין דעם קאַבינעט און אויף עפּעס וואַרטן... אויך איצט האָב איך געוואַרט, נישט באַנעמענדיק אויף וואָס איך וואַרט... און וואַרטנדיק האָב איך זיך פאַרטראַגן אין ווייטקייטן פון מײַן פאַרגאַנגענע... דערמאָנט זיך אין ווילנער טעאַטער, אין קאָמיסאַר־זשעװסקאַיאַ גאַסטראָלן, אין טשעכאָװס „הימלען אין דימענטן“, װעלכע איך האָב דערהערט און דערזען אין אירע טענער, וואָס קיין גלייכע צו זייער זאַנפטקייט האָב איך — און קיינער — ערגעץ אַנדערש נישט געהערט... דער שאַרפער ווייטיק פון גרויסן פאַרלוסט האָט מיך פאַרטראָגן ווייט אויף צוריק. איך האָב דערפילט אַן אַנדער ווייטיק — אין ביין פון מײַן בלוטיקנדיקן פינגער... און איך האָב דערזען פאַר מײַנע אויגן — נישט די וואַסערן פון דער ניעווא הינטערן פענצטער פון דאַלמאַטאָװס קאַבי־נעט, נאָר דעם באַלויכטענעם זאַל פון ווילנער „גרויסן טעאַטער“ און די טויזנטער הונדערט צעשטראַלטע פּנימער, וואָס האָבן געפּייערט און זיך געזעגנט מיט דער אַלעמען אין מײַן היימשטאָט, פּונקט אַזוי ווי אַלעמען פון פּעטערבורג ביז מאָסקעווע, — ליבער, טײַערער, איצט שוין אויף אײ־ביק פאַר אונדז פאַרלוירענער געטין פון טעאַטער... ווייט בין איך אַוועק, קוקנדיק אויף דער ניעווא פאַר זיך — אין אַנדערע וועלטן און צו אַנדערע אינהאַלטן... און מיט אַמאָל הער איך... און לאָז הערן: — נישט קיין מעװאַ זענט איר, וויערא פיאָדאָראָװנאַ, — אַ פּאַראַדיז־פויגל זענט איר און די לופט פון באַרגשפּיצן טראָגט איר אונדז אויף אייערע פליגלען...

אַלע אַרום האָבן ווי אויפגעוואַכט פון טיפער דערשלאָגנקייט, זיך אויס־געדרייט צום פענצטער, ביי וועלכן איך בין געשטאַנען... דאַלמאַטאָװ האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, מיט אָנגעשאַרפטע בליקן זיך געוואָנדן צו מיר און קוים אַרויסגעפּליסטערט:

— וואָס איז עס? פון וואַנען? אַזוי באַקאַנט און נאָענט!

— אייער באַגריסונגס־וואָרט אין ווילנע ביים אָפּענעם פאַרהאַנג אויף וויערא פיאָדאָראָװנאַס געזעגענונגס־בענעפיס...

— יאָ, אמת... און ווייטער?

— ווייטער געדענק איך נישט... איך האָב דעמלט געהאַט איבער 38 גראַד היץ, אָבער דאָס געדענק איך זייער קלאָר.

— קינד מיינס!!

וואסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש איז האַסטיק צוגעלאָפן צום פענצטער פון וועלכן איך האָב זיך נישט געקאָנט אָפּרייסן, ווייסנדיק, אַז די ניעוואַ וועט אין קורצע וואָכן אַרום פון מיין לעבן פאַרשווונדן אַזוי ווי ס'איז אַוועק יענער אָוונט אין ווילנע, אַזוי ווי ס'איז שוין מער נישטאָ — קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַ.

דערהערנדיק דאַלמאַטאָווס טריט, דערפילנדיק זיין אָטעם, האָב איך זיך אויסגעדרייט צו אים. אין די פּאָטעלן זענען געזעסן די נאָענטסטע און ליבסטע, דאָס רוב האָבן געשלוכצט, באַהאַלטנדיק די קעפּ אין זייערע הענט. דאַלמאַטאָוו האָט מיר אויסגעשטרעקט זיינע הענט, מיר זענען צוגעפאַלן איינער צום צווייטן, זיך פעסט אַרומגענומען און...

און אויף דעם לאָמיר אונדזער „א באַזונדער קאַפּיטל — דאַלמאַטאָוו"

— אָפּשליסן.



קאָמיסאַרזשעווסקאַיאַס קבר אין לענינגראַדער אַקראָפּאָל

# XXIV. סך הכל'ס

נישט געקוקט אויף די פּאַרביסענע פּראָטעסטן פון די פינצטערע כוחות אין די קירכלעכע ספערן, פון וועלכע בראש ס'איז געשטאַנען דער רעמלע־טרויעריק־באַרימטער יעפּיסקאָפּ יעוולאָגי, איינער פון די „זיילן" און פּאַנגעמרעגער פון „סאָיוז ראָסקאָוואָ נאַראָדאַ", איז קאָמיסאַרזשעווס־סקאַיאַ געקומען צו קבורה אויפן פרידהויף פון דער אַלעקסאַנדראָ־ניעווסקאַיאַ לאַוורע... אין דעם האָבן די פּראָגרעסיווע קרייזן פון פּעטער־בורג געפונען אַ טרייסט — נישט צוליבן „אַריסטאָקראַטישן" בית עולם אַלס אַזעלכן, נאָר צוליב דעם געפיל, אַז דער הפקר פון די רעאַקציאָנערע כוחות האָט ערגעץ אַ סוף, אַ גרענעץ, אַ צוים.

*

*     *

צו די פּעטערבורגער בית עלמינס וועלן מיר זיך נאָך מוזן אומקערן: אין 1912 אויך אין פעווראַל מאָנאַט איז געשטאָרבן דאַלמאַטאָוו און איך בין אַ חדשים צוויי נאָך זיין טויט געקומען אַוועקלייגן בלומען אויף זיין קבר, וועלכער געפינט זיך האַרט נעבן קבר פון זיין פריינד גריגאָראָוויטש, דעם גרויסן שריפטשטעלער און פונקט אַנטקעגן דעם קבר פון ט ו ר־ג ע נ י ע ו ו ן... דאָס זענען אָבער מאָטיוון פון דער צוקונפט! מעסטנדיק מיט אונדזער לעבנסגעשיכטע, וועלן מיר זאָגן, אַז דאָס וועט דערציילט ווערן, מסתמא, — אין פערטן טייל פון אונדזערע זכרונות, הגם דאָס פּילט אָן מיט היץ און מיט ליכט אַלע דורכגעלעבטע יאָרן.

דאָ וועלן מיר זיך אומקערן צו פעווראַל 1910 און מאַכן אַ פרווו אונטערצוציען די לעצטע שורה, מאַכן אַן איבערבליק און אַן אויספיר פון

אַלעם דעם, וואָס אונדזער בעל דבר האָט צו פאַרצייכענען אויפן אייגנטלעכן געביט, וועלכער האָט אים מיט דריי יאָר צוריק געפירט קיין פּעטערבורג.

נישט נאָר פאַר די שול־יאָרן!... אפילו מעסטנדיק מיט שפּעטערדיקע יאָרצענדליקער, זעען מיר די 3 יאָר אויס ווי אַ קאָלאָסאַלער פּעריאָד אויף מיין מצעניישן וועג... איך האַלט פאַר נישט אויפן אָרט אָנצווייזן אין די דאָזיקע שורות, וואָס פאַרצייכענען דעם אנהויב פון מיין וועג, מיט וועלכע מיין שפּעטערדיקער וועג איז געוואָרן באַלויכטן, לאָמיר זאָגן: „געוואָרן באשיינט.“ אָבער אויך אין פאַרגלייך מיט פאָרשטעלונגען, וועלכע איך האָב שפּעטער געשפּילט אויף ביידע זייטן פון אַטלאַנטיק, וועלכע עס האָבן געזען טויזנטער צושויער, וועלכע האָבן געהאַט אַן אָפּקלאַנג אין דער טעאַטערקריטיק אויף עטלעכע שפּראַכן — אויך אויפן הינטערגרונט פון מיין שפּעטערדיקן 50 יעריקן וועג זענען די אויפטריטן אויף דער בינע פון דער שול און אויף די ברעטער פון סיוועריגס „קליינעם טעאַטער“ א פילבאַדייטנדיקער אקטיאָרישער עטאַפּ.

איך האָב אין די פריערדיקע קאַפּיטלען דערציילט וועגן איינצלנע פאָרשטעלונגען. אין דעם קאַפּיטל, אין דער אָפּשפּיגלונג פון סך הכל, וועל איך דערציילן וועגן די פאָרשטעלונגען פון לעצטן פּעריאָד.

נאָכדעם ווי דער פּלאַן אויפצופירן צום אַרויסלאָז שעקספּירן אין דער רעזשי פון פּיאָטר פּיעטראָוויטש גניעדיטש איז אַראָפּגענומען געוואָרן פון סדר היום צוליב מיין נישטוויליקער שולד — „שטרויכלונג“, ווי איך האָב שוין בפרטיות דערציילט — איז דער פירנדיקער פּעדאַגאָג אין שלום־פּראָגראַם געוואָרן אַרבאַטאָוו. איך וואָלט אין דער סיטואַציע געבליבן ווי מען רופט עס ביים „פּיק־אינטערעס“, ס'הייסט אויף פּשוט מאַמע לשון: ביי „דריימאָל גאָרנישט“... אַרבאַטאָוו האָט געהאַט גאָר קנאַפּ חשק מיר צוצוטיילן א וועלכן נישט איז קענטיקן חלק אין דער אָבשייד־סעזאָנע. אָבער קענען זיין ווונטש און דערוואַרטונג בין איך אַרויפגעשווומען אויף דער אויבערפלאַך. ראשית דער אומגעריכטער פאַר אַלעמען — און פאַר מיר אַליין מער אומגעריכטער ווי פאַר אַלע אַנדערע — רושם פון מיין „נאַטשאַלניק אָטריאַדאַ“ אין פּאַוולאָוסק. צווייטנס, האָט מען, אויסאַרבעטנדיק דעם פּראָגראַם פון אַרויסלאָז, שטאַרק דערמאָנט די פאָרשטעלונגען פון צווייטן לערניאָר, צווישן וועלכע איך האָב אין זיין אייגענער אויפפירונג פון אָסטראָווסקים „אָרעמקייט איז נישט קיין חטא“ איבערגעלאָזט אַן איינדרוק, שפּילנדיק די ראָלע פון „ליובים טאָרצאָוו“, וועגן

וועלכער מען האָט אין די שול־ און טעאַטער־ספערן געזערט הויכע שבחים... (דאָ זענען פאַראַן פּרטים, וועלכע איך אַליין קאָן בשום אופן נישט ברענגען), דריטנס, האָט אַרבאַטאָוו נישט געהאַט קיין חשק, אַז אין ארויסלאָז־פּראָגראַם זאָל אײַנגעשלאָסן ווערן דאַלינאָווס אויפפירונג פון „געשמידטן פּראָמעטעאוס“, וועלכער, ווערנדיק ביי אונדז אויפגעפירט, ווי דער לייענער דאַרף געדענקען, האָט אַרויסגערופן אין די געהעריקע פּעדאַגאָגישע און טעאַטראַלישע קרייזן מער אינטערעס ווי די זעלביקע פאָרשטעלונג אויף דער בינע פון דער אימפּעראַטאָרישער טעאַטער־שול, וווּ עסכילאָסעס שטיק איז געשפּילט געוואָרן מיט א יאָר פריער צום אַרויסלאָז. ווען איך בין אין אַרבאַטאָווס שלוס־אויפפירונגען *אינגאַנצן נישט* רעפּרעזענטירט, וואָלט עס געווען א שטאַרקע קאָרט אין דאַלינאָווס האַנט צו באַשטיין אויף דער אויפפירונג פון „פּראָמעטעאוס“, ווו איך האָב געשפּילט די טיטלראָלע. כדי אָט־די קאָרט ארויסצושלאָגן פון דאַלינאָווס הענט, האָט אַרבאַטאָוו מיך אַרײַנגענומען אין פּראָגראַם אין 2 אויפפירונגען. דאָס זענען געווען טשעכאָווס „דריי שוועסטער“ און טורגעניעווס — „פרישטיק ביים פירער“.

איך האָב שוין געהאַט אַזוי אָפט גרונטן צו איבערצײַגן זיך, אַז ער פירט מיך אויף אַ גליטש און וויל אַ קוק טאָן ווי איך וועל ליגן אויסגעצויגן אויף דער ערד, אַז אויך אין דעם פאַל האָב איך געהאַלטן, אַז געבן מיר דעם שאַנס ארויסצוגיין אויף אָט די ברעטער אין דער געשטאַלט פון אַ רוסישן אַריסטאָקראַט, אַן אדעליקן אין יעדן אָטעמצוג, קער, זשעסט, אופן פון רעדן, לאַכן — דאָס איז בשום אופן *נישט* דיקטירט דורך אַ כוונה צו באַפעסטיקן מײַנע שאַנסן אויף אַ גוטן אַטעסטאַט. איך האָב די ראָלע אָנגענומען מיט אַ געפיל פון אַן אומפאַרמײַדלעכער קאַטאַסטראָפע. וועגן אָפּזאָגן זיך אָדער „פּראָטעסטירן“ האָט, פאַרשטייט זיך, נישט געקאָנט זײַן קיין רייד. איך בין נאָר אַוועק צו דאַלמאַטאָוון אויסגיסן מײַן ביטער הארץ. אָבער דערהערט האָב איך א קורצע באַמערקונג, וועלכע האָט *געמוזט* אָפּהילכן ביי די אומשטענדן.

— איך בין מסכים, אַז עס וואָלט געהאַט מער זין און צוועקמעסיקייט צו ענדיקן די שול אין אַ שעקספּיר־געשטאַלט, און איך פון מײַן זײַט האָב געטאָן, וואָס איך האָב געקאָנט, אַזוינס צו פאַרווירקלעכן. אָבער וואָס דערפון איז געוואָרן ווייסט איר בעסער ווי איך. איר שלאָפט, מײַן פרײַנד, אַזוי ווי איר האָט זיך אויסגעבעט. קיין פּרעטענזיעס קאָנט איר צו קיינעם נישט האָבן...

שוין אויף דער שוועל אַרויסגייענדיק, האָב איך דערהערט:

— צו זיין פאַרצווייפלט זע איך קיין גרונט נישט. איר קאָנט אין
טורגעניעווס „פּ י ר ע ר“ מאַכן זייער אַ גינסטיקן רושם.

איך האָב זיך אומגעדרייט צו אים און דערזען זיין ליכטיקן שמייכל:

— און איר וועט דעם רושם אָן ספק מאַכן. נעמט זיך נאָר אין די
הענט אַריין!

חדשים פריער האָבן מיר אויף די זעלביקע ברעטער געשפּילט דיו=
מאַס „קאַמעליענדאַמע“. „זשאָרזש דיוואַל“ איז אויך אַ מהלך רב פון
די געשטאַלטן, אין וועלכע איך האָב שוין געהאַט דערוואָרבן אַ „רעפּוטאַ=
ציע“: נישט די טענער און פאַרבן פון „בלינדן באַיאַן“; נישט „ניעאוויע=
דיענאָוו“, פון וועלכן ס'איז אַריינגעפאַלן אין „התפעלות“ דער אַלטער סו=
וואָרין; נישט דער פייער מיטן מאָנאָלאָג וועגן „סוסאַנים“ פּאַטריאָטיזם און
נישט דער דראַמאַטישער כוח פון „געשמידטן פּראָמעטעאוס“... אין דיו=
מאַס געשטאַלט איז נויטיק אַ מאָלער=פּענזל פון אַ גאַנץ אַנדער מין: אַק=
וואַרעל פון פיינסטן, צאַרטסטן אופן צו זען און דאָס געזעענע צו ב א=
וו יי ז ן. און נאָך דעם, ווי איך האָב די ראָלע אָפּגעשפּילט, האָט מען
אַרום און אַרום גערעדט וועגן דעם, וואָס אַ יונגער אַקטיאָר קאָן דערוועבן,
האָבנדיק געזען גרויסע מוסטערן אין מערב...

„באַלאַגאַלאַיעוו“ (אזוי הייסט טורגעניעווס „פּירער“ אין דעם איינ=
אַקטער „פּרישטיק ביים פּירער“) — געהער צו דער זעלביקער מאָליערי=
שער פּאַלעטרע ווי „זשאָרזש דיוואַל“; אָבער ב א אַ ב א כ ט ן אים
האָב איך קיינמאָל און ערגעץ נישט געהאַט די מינדסטע מעגלעכקייט...
דער, וואָס האָט אין פּאַריז אַ יאָר געלעבט, האָט נאָך געקאָנט אַרויסשעפּן
דעם פּאַריזער בורזשוא פון די אָדער יענע „אָבסערוואַציעס“ אין דער
הויפּטשטאָט פון פראַנקרייך. ווו אָבער און ווען האָב איך געקאָנט „אָב=
סערווירן“ אַ רוסישן אדעליקן פון דער מיטן פון פּ אָ ר י ק ן יאָרהונ=
דערט?

אָבער מיין טריאומף אין „טורגעניעוו=ספּעקטאַקל“, וואָס איז געגעבן
געוואָרן נאָך דער פאָרשטעלונג אויף דער שול=בינע — אויף דער בינע פון
„קליינעם טעאַטער“ — איז נישט צו באַשרייבן.

דאָ איז שוין אפשר צייט און אָרט צו רעדן וועגן די באַשטאַנדטיילן
פון דעם, וואָס ווערט באַצייכנט מיטן וואָרט: „דערפאָלג“. מיר וועלן אין
משך פון אונדזערע שפּעטערדיקע יאָרצענדליקער נישט איינמאָל צו דעם
מ ו ז ן זיך אומקערן, ווייל „דערפאָלג“ איז איינער פון די צומטערסטן

פֿאַלסיפֿיצירטע מאָמענטן אין קיום און פֿנקס פֿון טעאַטער. ווען דערפֿאָלג ווערט אָפּט געדעט, געשריבן, געשריגן, געליארעמט — אין פֿאַלן, ווען ס'איז פֿון דערפֿאָלג אין אמתן זין פֿון וואָרט קיין סימן און קיין זכר נישט געווען. און איך אין דעם פֿאַל וויל נישט געברויכן דאָס אָפּט מיסגעברויכטע וואָרט.

איך ווייס נישט ווי אַזוי זאָל איך עס באַצייכענען: אין גאַנץ־דעראָבע קומען מענטשן פֿון פּעטערבורגער הויכוועלטיקע ספֿערן, זיי קומען זאַלבע־פֿינפֿט, זאַלבעצענט. דאָס רוב בלייבט שטיין אין טיר; אַלע האָבן צע־שטראַלטע פּנימער. אַ קליינקייט? טורגעניעוו! דאָס איז דאָך שטענדיק געווען דער גרויסער יום־טוב. זיינע פּיעסן זענען נישט געוואָרן אַזוי פּאָ־פּולער, ווי ס'איז געוואָרן טשעכאָוו, אָבער דער נאָמען „טורגעניעוו" איז דאָך נישט ווייניקער טייער יעדן רוסישן הארצן. און היינט שפּילט מען אים... און ווער? ווער שפּילט עס טורגעניעוון אַזוי פֿריש, אַזוי נישט געקינצלט, אַזוי... כשר? עס שפּילן — קינדער! פֿון די בינע־ברעטער הויכט די ריינע לופֿט פֿון אַ סצענישן ערב פּסח־פֿרימאָרגן... „קינסט"? דאָ איז עפּעס מער ווי קינסט... וואָס איז עס אַזוינס? וואָרט, וואַרט: דער „פּירער"! פֿון וואַנען נעמט ער זיך? אַזאַ ליכטיקייט שלאָגט פֿון אים! אַזאַ געמיט פֿון אומומיטלבאַרער אדעליקייט! ווי קומט אין היינ־טיקן פּעטערבורג אַזאַ געשטאַלט?

און מען איז געקומען אָנקוקן... און מען האָט דערזען אַ יונגן אַקטיאָר, און מען האָט דערהערט, אַז ער איז... אַ יידישער יונגערמאַן פֿון ווילנע, אַז אַלט איז ער קיין 25 יאָר נאָך נישט; קיין „דוואָריאַנסקאָיע גניעזדאָ" אין לעבן נישט געזען; מיט זיינע לופֿטן קיינמאָל נישט געאָטעמט, און דאָס, וואָס אַלע היינט באַוווּנדערן, רופֿט זיך: „קונסט", איז פֿאַר־וואָרצלט אין שווישפּילערישער באַגאַבונג, האָט מיט „באַאָבאַכטונג", מיט „אָבסערוואַציע" — נישט צו טאָן.

מיר וואָלט זייער זיך געוואָלט גענוי אָפּשילדערן, ווי אַזוי דעם אָוונט האָט אויסגעזען וואַסילי פֿאַנטעלעימאָנאָוויטש.

אָבער די רייד קאָנען דאָ געמאָלט זיין נישט וועגן אים פּערזענלעך, נייערט וועגן דער שיטה, פֿון וועלכער ער איז געווען אַזאַ באַרביקע פֿער־זאָניפֿיקאַציע: — וועגן דעם וואָס איז אַזוינס — „אַבסאָלוטער אַקטיאָר".

ווען מיר וועלן מיט דער צייט דערגיין צו גענויערע אַנאַליזן פֿון שעפֿערי־שן פּראָצעס איבער איינצלנע ראָלן, געשטאַלטן, ווערק, וועט אונדז אויסקו־מען צו דערהערן אַ כּך זאַכן נישט פּשוט „אומגעריכטע", נאָר אויך קנאַפּ

אויפן ערשטן בליק — ווארשיינלעכע. ווייל וועגן זייער אַרבעט און איבער-
לעבונגען האָבן אַקטיאָרן כמעט קיינמאָל נישט דערציילט און לכל הפּ-
חות — נישט אַריינגעדרונגען טיפער אין די פּראָצעסן. אפילו קאָפּלען אין
זיין באַרימטער אָפּהאַנדלונג האָט זיך פאַרנומען בעיקר הדברים מיט דער
ט ע אָ ר י ע פון שפּיל, נישט מיט זיך אַליין. וועגן ז י ך האָבן אַקטיאָרן
כמו זיך ג ע ש ע מ ט צו דערציילן.

מיר וועלן אָפּשטויסן פון זיך אָט די שטערונגען און טריט נאָך טריט
דערציילן ווי אַזוי מיר האָבן געשוויצט, זיך געקוועלט און געפּייניקט, פּרו-
וונדיק אַריינדרינגען אין די מיסטעריעס פון מענשלעכן גייסט, אין די
טיפע סודות פון דיכטערס כוונות, אין די ברייטע פאַרנעמען פון שריפט-
שטעלערס פּראָבלעמאַטיק.

אויף דעם אָרט וועלן מיר זיך דערווייל באַגרענעצן מיט איין לאַקאָ-
נישער פעסטשטעלונג. דהיינו: שכלדיקייט, געשליפענער מאַדך און מוח,
שאַרף אויג — זענען אין די דאָזיקע פּראָצעסן — משרתים פון צווייטן
ראַנג. זיי ברענגען אָפּט נוצן, זיי העלפן אָפט מיט אַזוי, ווי ס׳העלפט מיט
להבדיל אלף הבדלות דעם קיכמייסטער זיין מיטהעלפער, וואָס דערלאַנגט
אים אין דער געהעריקער מינוט אַ קענדל מיט וואַסער, אַ לעפל מיט
זאַלץ, א קעלישעק מיט עסיק... דאָס איז אַלץ ווייט נאָך נישט דער „אינ-
דיק“, דער „העכט“, נישט די „פלוימען“ און נישט די „מערעלעך“, וואָס
ליגן אין טאָפּ און דאַרפן דערלאַנגט ווערן אין די אָנגעפילטע כלים, —
געוונטשן פון בעסטן פּאָרצעליי, אָדער זילבער — צום טיש.

די גילדענע יויך פון אמתער אַקטיאָרישער באַגאַבונג איז — א י נ-
ט ו א י צ י ע!

אַ טאַלענטירטער שוישפּילער ו ו י ס ט נ י ש ט פונוואַנען ער
וו יי ס ט דאָס, וואָס ער לאָזט וויסן אַנדערע!

און ווען אויף די בינעס פון גאָרער וועלט האָבן אָנגעהויבן הערשן
טעאָריעס פון וו ו ל ג א ר י ז י ר ט ן ראַציאָנאַליזם, פון באַנאַל-באַ-
נומענעם „מאַטעריאַליזם“; בעת פלאַכע קעפּ האָבן פון סטאַניסלאַווסקיס
„סיסטעם“ געוואָלט אין פּראַקטיק פון טעאַטער-קונסט פאַרפעסטיקן דעם
שטאַנדפּונקט, אַז „קונסט איז וויסנשאַפט“ און זענען צוגעטרעטן אויס-
צוגלידן קונסטווערק מיט „מאַטעמאַטישע“ פאָרמולעס, מיט „קלאָרן“
שכל — דעמלט האָט אין טעאַטער אָנגעהויבן קיניגן — ל אַ נ ג וו יי-

ל י ק יי ט, און אָנשטאָט דעם פּלאַמענדיקן פּראָמעטעוס־גייסט פון צעזונגענעם מענטש, אַנשטאָט זיין האַרץ, זיינע אויגן, זיין שמייכל, זיין טרער און זיין זיפץ — האָט זיך באַפעסטיקט אין ספּעקטאַקל — מ ע כ אַ נ י ק...

וועגן דעם, וואָס ווייטער איז געשען און ווי אַזוי טעאַטער איז געוואָרן אַן „אינטערשמש“ ביים קינאָ און וועגן נאָך אַנדערע „זיבן זאַכן“ (די זיבן מאָגערע קי האָבן איינגעשלונגען די זיבן זאַטע) — וועלן מיר דאָ (דערווייל נאָך! ביז אַ צייט!) נישט רעדן.

דאָ וועלן מיר זאָגן, אַז אויף דער טעמע האָב איך דאַן שוין געשריבן אין מיין ערשטן אַרטיקל; אַז פאַר אָט די מיינע געדאַנקען און געפילן האָט מיך אַזוי איינגעשלאָסן אין האַרצן וואַסילי פאַנטעלעימאָנאָוויטש. ד ע ר מין אַקטיאָרן האָבן צו דער שכלדיקייט פון „די אַדוואָקאַטן“, וואָס האָבן אָנגעהויבן אַריינדרינגען אין לעבן פון טעאַטער און טראָט נאָך טראָט אַרויסשטויסן זיינע אַלטע פּריסטער! — געטראָגן נישט נאָר שנאה — נאָר עפּעס פון יענער אימה, וואָס שטאַמט פון ע ק ל.

אָבער דאָס רוב האָט געהאַסט און נישט געוווּסט מיט וועלכע וו ע ר ט ע ר צו פאָרמולירן זייער באַציאונג. דאַלמאַטאָוו איז געווען אַ מענטש מיט אַ פּרעכטיקער פּעדער אין האַנט, אַ וווּנדערבאַרער רעדנער (נישט געקוקט אויף געוויסע שטערונגען, וועלכע מיר האָבן אין פריערדיקן קאַפּיטל באַהאַנדלט), און זיינע אָפּשאַצונגען פלעגן אָפט קלינגען ווי אַקאָרדן פון בליצאַרטיקן הומאָר און טרעפלעכסטע שילדערונגען.

וועגן דער מעשה „באַאָבאַכטונג“ האָט ער זיך אַמאָל אַרויסגעזאָגט בזה הלשון:

— אויב אַן אַקטיאָר שטייט נעבן בעט פון אַ גוסס און שטודירט, ווי אַזוי אויף דער בינע צו באַווייזן דעם טויט, איז ער נישט קיין אַקטיאָר, נאָר... אַן אויסוואורף! איז לעבן אָבסערווירן מענטשלעכע ליידן איז דערלאָזבאַר אויסשליסלעך מיט דער כוונה צו העלפן די ליידנדיקע. ווי אַזוי מענטשלעכע ליידן צו באַווייזן פון די בינע־ברעטער — דאָס איז אַ גאַנץ־גאַנץ אַנדערע וועלט פון פילונגען, טראַכטונגען און אַנאַליזירונגען. מיט נאָטיץ־ביכלעך און בליישטיפטן האָט עס קיין איין געמיינזאַמען פינטל נישט. די, וואָס מיינען אַנדערש, זענען נישט און וועלן קיינמאָל נישט ווערן קיין אַרטיסטן, ווייל זיי זענען לייט פון קאָנקרעטן, פּראַקטישן לעבן, פון לעבן, וואָס באַזירט אויף ח ש ב ו ן. זאָלן זיי גיין אין האַנדל, אין אַדוואָקאַטור, אין דיפּלאָמאַטיע! אין ק ו נ ס ט דאַרף מען זיי נישט האָבן.

СПБ. Литературно-Художественное Общество

# ТЕАТРАЛЬНАЯ ШКОЛА

имени

А. С. СУВОРИНА.



№ 8.

## Аттестатъ.

**Художественнымъ Совѣтомъ Театральной Школы** имени **А. С. Суворина** 30 Апрѣля 1910 г. выдано настоящее удостовѣреніе ученику Абраму Веніаминовичу Менакеръ-Моревскому, свидѣтельствующее о прохожденіи трехлѣтняго курса. На основаніи § 5 Устава **Театральной Школы,** Менакеръ-Моревскій

С.-ПЕТЕРБУРГЪ
1910

живающ*ихся* званія **артист*а* Театра Литературно-Художественнаго Общества**, и, на основаніи § 14, права ношенія утвержденнаго значка въ видѣ брелока.






אַטעסטאַט און זשעטאָנען

נאָכן געזאָגטן דאַרף מען לאַנג נישט פֿאַרלירן קיין רייד צו דערציילן, ווי אַזוי ער האָט געשיינט, אַז ביי אים אין שול, אין דער ט ו ר ג ע נ י ע וו־פֿאָרשטעלונג, אויף דער בינע פֿון אַ גרויסן פּעטערבורגער טעאַטער, האָט זיך בולט באַשטעטיקט זיין טעאָריע, אַז קונסט דאָס איז — א י נ ט ו א י צ י ע.

אַרבאַטאָוו האָט, פֿאַרשטייט זיך נישט ווייניקער זיך געפֿילט ווי אַ גליקלעכער „מחותן“, אָבער אויף זיינע ליפּן האָט „אינטואיציע“ אַרויסגערופֿן אַ גאַנץ אַנדער געפֿיל, און די פֿרייד איז אים געווען אין אַ גרויסער מאָס אָפּגעסמט. דערביי נאָך נישט צום ערשטן מאָל.

זיין צווייטער אַרויסלאָז־פֿאָרשטעלונג איז געווען, ווי דערציילט, — משעכאָווס „דריי שוועסטער“, זיין וועלכער ער האָט מיר איינגעטיילט די צוויי פֿאַראַנטוואָרטלעכסטע ראָלן: „ווערשינין“ און „אַנדרעי פּראָזאָראָוו“. אין „ווערשינינען“ האָט היבלירט דער אונדז שוין גוטבאַקאַנטער „בלאַסער פּרינץ“ זשעניאַ באַראָגיכין, און „אַנדרעיען“ — מיין ליבער חבר איגנאַטאָוו. די פּיעסע איז עטלעכע מאָל געשפּילט געוואָרן אויף דער בינע פֿון שול אין די שבת־אָוונטן, וועלכע איך האָב שוין אָפּט באַשריבן. איך האָב באַוויזן צוויי מאָל צו שפּילן ווערשינינען און צוויי מאָל — אַנדרעיען. נאָך ווערשינינען האָט מיך וואַסילי פּאַנטעלעימאָנאָוויטש אַריינגערופֿן און געבעטן אים „זאָגן ערלעך“: ווען און ווו איך האָב געהאַט די געלעגנהייט „זיך אַרומצודרייען אין מיליטערישע קרייזן?“

— ווייל איר טראָגט די שווערד ווי איינער, וואָס האָט זיך געהאָדעוועט אין אַן אָפֿיצערישער משפּחה... און דאָ איז אינטואיציע — נישט קיין עצה־געבעריין: דאָ מוז מען פּראַקטיצירן! אויף די פּראָבן, הער איך, האָט איר דעם מונדיר מיט דער גאַנצער אַמוניציע אָנגעטאָן איין מאָל... זאָגט מיר פֿון וואַנען נעמט זיך עס ביי אייך?

איך בין געשטאַנען מיט אַן אָפֿענעם מויל און נישט געוווּסט, וואָס איך דאַרף אים „זאָגן“? און צי בין איך אין עפּעס פֿאַרשולדיקט, צי — פֿאַרקערט: עפּעס פֿאַרדינט? אין טעאַטער האָב איך אין דער פֿאָרשטעלונג געשפּילט — „אַנדרעיען“. פֿ א ר וו אָ ס ? די סיבה איז צו זוכן נישט אין אַרבאַטאָווס באַציִונג צו מיר. דאָ האָט, משמעות, באַשלאָסן זיין פֿאַרלאַנג צו באַפֿרידיקן באַראָגיכינס פֿאָטער — אַן אָנגעזעענער אינזשעניער. אין אפֿשר האָט זיך אים איגנאַטאָוו באַוויזן פֿאַר ווייניק איבערציינגנדיק אין דער געשטאַלט פֿון צאַרטן טיפּיש־משעכאָווישן אינטעליגענט? —

איך האָב געשפּילט „אַנדרעי פּראָזאָראָוו" און אויפֿן ספּעקטאַקל אין טעאַטער געהאַט דעם זכות צו דערהערן פֿון עטלעכע עלטערע שוישפּילער, וואָס האָבן געהאַט געזען דעם ספּעקטאַקל אין שול, אַז די רעזשי איז באַגאַנגען אַ פֿעלער, אַרויסלאָזנדיק אויף דער בינע אַן אַנדער „ווערשינין". באָראָגיכין האָט אויסגעזען פּרעכטיק (אַביסל צו יונגטלעך), אימפּאָנירט אין מיליטערישן מונדיר, אָבער ער האָט אין טעקסט דערלאָזט לאַפּסוסן, און אַרבאַטאָוו, שטייענדיק אין קוליסע, האָט זיך געכאַפּט פֿאַרן קאָפּ. איבערגעבן עס בפּרטיות אויף יידיש איז נישט מעגלעך. זשעניאַ אַליין האָט בשום אופֿן נישט געקאָנט באַנעמען דעם חילוק צווישן דעם וויאַזוי די פֿראַזע איז געבויט ביי טשעכאָוו און וויאַזוי ער, יעווגעני אַלעקסאַנדראָוויטש באָראָגיכין, האָט זי „איבערגעגעבן", און אַז מישע האָט אים אין גאַרדעראָבע געזאָגט: „ביסט אַ רונדער אידיאָט", האָט ער גוטמוטיק מיט אַ ליבן שמייכל געענטפֿערט: „קיין שום אונטערשייד זע איך נישט, און דו קאָכסט זיך, ווייל דו נעמסט זיך אָן פֿאַר דיין לייבלעכן פֿעטערס טעקסט"...

די חשבונות מיט אַרבאַטאָוון פֿאָדערן נאָך צו דערציילן וועגן זיין אויפֿפֿירונג פֿון האַופּטמאַנס „פֿורמאַן הענשל"

געווען איז עס אין צווייטן לערניאָר, גלייך נאָך „אָרעמקייט איז נישט קיין חטא". אַרבאַטאָוו האָט באַשלאָסן אויפֿפֿירן האַופּטמאַנס דעמלט זייער פּאָפּולערע דראַמע פֿון פֿאָלקס־קרייז און די טיטל־ראָלע געלאָזט שפּילן איגנאַטאָוון. אין פּעדאַגאָגן־ראַט איז עפּעס געוואָרן אַרויסגעזאָגט אַ מיינונג, אַז „הענשלען האָט געזאָלט שפּילן מנקר". אַרבאַטאָוון איז עס שטאַרק נישט געפֿעלן געוואָרן, און מען דאַרף צוגעבן, אַז ער איז געווען אויף אַלע הונדערט פּראָצענט גערעכט פֿון אַלע שטאַנדפּונקטן. דער וויכטיקסטער איז געווען דער, וואָס די שול איז נישט קיין בינע פֿאַר „גאַסטראָליאָרן" און שטודירן און לערנען און שפּילן מוזן אַלע...

זענען געגאַנגען די פּראָבן פֿון דעם שטיק „ווי אויף פּוטער".

אָבער אַרבאַטאָוון איז נישט באַשערט געווען אַליין פֿאָרויסצוזען.

פֿאַלט אים איין אַ געדאַנק צו אַראַנזשירן אין דריטן אַקט אין שענק, בעת לויטן גאַנג פֿון דער האַנדלונג ברעכט אויס אַ סקאַנדאַל צווישן „הענשלען" מיט „האַופּען" — אַ מאַסנסצענע... ווער דאַרף אויף דער שול־בינע אַ מאַסנסצענע? די תשובה איז אַ קלאָרע — דער רעזשיסער, וואָס זוכט אַ געלעגנהייט אַרויסצווייזן, וואָס ער קאָן לייסטן.

הײמלט אין נאָך דאָס רעכט פֿון אַלע די לײט צו טאָן; מיטן מחבר'ס טעקסט אַלײן וואָס זײ פֿאַלט אײַן, נישט געוועזן אַזאַ „זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקײט", ווי דאָס איז געוואָרן שפּעטער. האָט אַרבאַטאָוו אָנגעשריבן אַ בריוו צו האַופּטמאַנען, און דער דיכטער האָט צוגעשיקט אַ הסכּמה.

איז אָנטשטאַנען אין דריטן אַקט אַ ריזיקע סצענע: אין שענק בעתן סקאַנדאַל געפֿינען זיך ביז אַ 30 באַזוכער: שטיוולפֿוצער, צײַטונגספֿאַרקױפֿער, ביר־זױפֿער און ווער ווײס וואָס נאָך פֿאַר כּל המיני אָנשיקענישן.

מיך האָט מײַן פּעדאַגאָג באַשלאָסן אין דער פֿאָרשטעלונג עוקר מן השורש צו זײַן, אָפּווישן פֿון דער איבערפֿלאַך. האָט ער מיר געגעבן שפּילן עפּעס אַ געשטאַלט מיט אַ 5—6 פֿראַזן, אַ יונגער משרת פֿון פֿערדגשטאַל מיטן נאָמען „פֿראַנץ": אַזוי האָב איך פֿיגורירט אין פּראָגראַם. „רעזשיסירט" און מושטרירט האָט ער מיך אַזוי לאַנג ביז איך האָב אויפֿגעהערט רעדן מיט די ליפּן און אַרומגײן אויף די פֿיס (בדרך משל). אָבער אויך דאָס איז נאָך נישט אַלץ: לאָזט ער מיך אין זײַן מאַסנסצענע שפּילן אַ גראָבבײַכיקן „דײַטש", וואָס זיצט אויפֿן ערשטן פּלאַן בײַ אַ טיש, טרינקט ביר און רויכערט אַ ציגאַר. איך האָב געפֿרעגט צי מעג איך לײענען אַ צײַטונג. דערלויבט. פֿון דער צווײטער פּראָבע האָט אַרבאַטאָוו אַװעקגעזעצט בײַם זעלביקן טיש אַנטקעגן מיר נאָך אַ באַזוכער. איך האָב געפֿרעגט, צי איז דערלויבט דעם גראָבבײַכיקן פֿאַרפֿירן מיטן ווײַזאַווי אַ שמועס וועגן דעם צײַטונגסמאַטעריאַל און צוקלאַפּן די ביר־קופּלען מיטן וואָרט: „פּראָזיט!" דערלויבט.

דאָס האָב איך געטאָן אין די פּויזעס צווישן לויפֿנדיקן טעקסט. בעת אַ ווײַטערדיקע פּראָבע האָט אַרבאַטאָוו, זיצנדיק בײַם רעזשיסערן־טיש, אומגעריכט אויסגערופֿן: „בראַוואָ, מענאַקער, איר מאַכט לעבעדיק די גאַנצע סצענע, גאָר געדענקט ווײַטער נישט אַרײַנפֿאַלן קײנעם אין די דיאַלאָגן.

— בין איך דען אײַנגעפֿאַלן?

— נײן, נײן, מײַן זון, און דאָס איז טאַקע דאָס לויב־ווערטע: איר טוט אַ סך אויף אין דער סצענע און שטערט נישט קײן אײן פֿראַזע.

בעתן עצם סקאַנדאַל האָט אַרבאַטאָוו מיך אַרויפֿגעפֿירט אויף אַ הויכן טיש אין צענטרום פֿון שענק, אין מיטן המון. זײַן כּוונה איז געווען אַ רײן־בילדערישע: צווישן דעם פּאָר צענדליק זיך האַנגלענדיקע, זיך צעטאָפּלענדיקע פֿיגורן זאָל, בילדנדיק אַ מין „פּיראַמידע", שטײן איבער אַלעמען אָט דער „ביר־פֿון" מיט דעם רויכערנדיקן ציגאַר... אָבער איך בין אַוועק

אַ ביסל ווייטער ווי די רעזשי האָט אָנגעמערקט: מיין גראָבבייכיקער ביר־זויפער האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿאַר אַ באַוועגלעכן, טעמפּעראַמענטפֿולן מענטשן, וואָס איז געוואָרן שטאַרק אויפֿגעבראַכט פֿון דעם, וואָס אַרום קומט פֿאָר, און שטייענדיק אויפֿן טיש, האָט ער מיט דעם ברענענדיקן ציגאַר אין האַנט אַזוי ווי דיריגירט מיטן צעיושעטן המון, אַרויסלאָזנדיק פֿון זיין קעל אויפֿגערעגטע אָפּגעריסענע קלאַנגען פֿון צאָרן און עמפּערונג. די סצענע האָט געמאַכט אַ קאָלאָסאַלן איינדרוק. דער פֿאָרהאַנג איז געפֿאַלן ביי אַ דונער פֿון אַפּלאָדיסמענטן: דער אויפֿטו פֿון דער רעזשי האָט זיך אַרויסגעוויזן אין אַ ליכט פֿון אַבסאָלוט באַרעכטיקטער צוועקמעסיקייט: דער אינהאַלט פֿון אַקט איז געוואָרן נישט דער „רויטע העגשל — האָפּע“, גייערט דער המון אין שענק. אָבער צווישן די קעמפֿנדיקע „שיטות“: „אַק־טיאָר — רעזשיסער, מאַסע — מענטש“ — האָט געזיגט דער אַקטיאָר!

גלייך נאָכן אַקט איז אַרבאַטאָוו אַריינגעלאָפֿן אין גאַרדעראָבע, האָט אַלע סטאַטיסטן געדאַנקט פֿאַרן גוטן אויספֿירן זיינע כוונות און צו מיר האָט ער זיך ממש ווי אַ וואָרף געטאָן. מיר דוכט זיך איצט, אַז ער האָט געהאַט פֿייכטע אויגן. איך קאָן נישט איבערגעבן זיינע ווערטער, הגם איך געדענק זיי, איך האָב זיי געדענקט אויף אַלע ווענד־פּונקטן פֿון די וויי־טערדיקע יאָרצענדליקער. דאָס טייערסטע און וויכטיקסטע פֿון דעם, וואָס ער האָט מיר געזאָגט, איז געווען זיין באַטאָנונג, אַז שפּילנדיק אַזוי פֿאַרביק, טעמפּעראַמענטפֿול און דערפֿירנדיק זיין רעזשיסערישע כוונה צו אַזאַ דורך אים אַליין נישט פֿאָרויסגעזעענעם פּאָרטיסיסימאָ אין שלוס פֿון אַקט, האָב איך נישט קיין סעקונדע אָנגערירט קיינעמס אַ פּראַזע קיי־נעמס אַ מיזאַנסצען, נישט אָפּגעצויגן דעם צושויערס אויפֿמערקזאַמקייט פֿון עמעצן אויף זיך אַפֿילו אויף איין סעקונדע, וועלכע האָט אין גאַנג פֿון די געשעענישן געזאָלט געהערן אַ צווייטן אָנטיילנעמער.

— דאָ האָט איר, מיין קינד, באַוויזן, אַז אין אייך לעבט אַן אמתער קינסטלער נישט בלויז לויט דעם, וואָס אייך האָט גאָט געשאָנקען, נייערט לויט אייער באַוווסטזיניקער באַציונג צו די ווערטן פֿון אַרום, צו די איידלשטיינער פֿון קונסט. איך וויל אייך נישט נאָר דאַנקען פֿאַר אייער גלענצנדיקע אויספֿירונג פֿון מיינע כוונות, נאָך מער וויל איך אייך בענטשן, איר זאָלט אייער גאַנץ לעבן אין דער קונסט פֿאַרבלייבן איר ערלעכער, לויכטנדיקער דינער, ווי איר האָט זיך היינט אַרויסגעוויזן אונדז אַלעמען.

ער האָט מיך אַרומגענומען און עטלעכע מאָל געקושט אין שטערן.

אין „נאָוואָיע ווערעמיאַ“ איז פאַרעפנטלעכט געוואָרן אַ רעצענזיע וועגן דער אויפפירונג און צווישן די אויסגעטיילטע אויפן ערשטן פּלאַן איז געוואָרן אָנגערופן „דער סטודענט מאָרעווסקי אין דער שטומער ראָלע פון „פראַנץ“. איז דאָך די מעשה, וואָס אין פּראָגראַם איז געווען געמאָלן. „פראַנץ, אַ קאָניוך“, וועלכן איך האָב געשפּילט, ווי אויבן שוין באַטאָנט — „אָן הענט און אָן פיס“, און וועלכן דער רעצענזענט האָט נעבעך אפילו נישט באַמערקט.

באַמערקט די ראָלע פון גראָבבייכיקן „דייטש“ אין 3־טן אַקט און, דערהערנדיק, אַז דער סטודענט, וואָס שפּילט עס, רופט זיך: „מאָרעווסקי“, האָט ער אַריינגעקוקט אין פּראָגראַם, דערזען, אַז מאָרעווסקי שפּילט „פראַנצן“ און „פאַראייביקט“, אַז „פראַנץ“ איז אַ שטומע געשטאַלט.

עס געהערט דעם חוש פון אונדזער לייענער צו טראַכטן ווי אין אונדזערע זכרונות זענען פאַרשטעקט די קערנער פון גליענדיקע און פינקלענדיקע אמתן — פון די ציימן, פון די לייטן, פון די פריידן און ליידן, וועלכע ווערן דאָ באַשריבן אינעם אָפּגלאַנץ פון האַלביאָרהונדערטיקע אויפטרייסלונגען און טרייסטן, אָבער מיר קיין שקרים במזיד האָבן נישט אַרויסגעפירט אויף די דפים — נישט אין איין שורה, נישט אין איין מינדסטן עפּיזאָד — כ ך ה ו ה!

אין דער באַשרייבונג פון די 3 יאָר אין פּעטערבורג, אין די ווענט פון דער שול אויפן נאָמען פון אַלעקסיי סערגעיעוויטש סוואָרין שווימען כסדר און כסדר אַרויס מאָטיוון — אומגעריכטע, אפשר פאַר אַ טייל יידישע לייענער — שאָקירנדיקע. קאָן איך מיר נישט העלפן: מיר שווימען דורך די ווייטע, ברייטע שטראָמען פון מיינע דורכגעלעבטע 73 יאָר. און איך קאָן נישט אַריינטראָגן די מאָטיוון פון בית מדרש אין די ווענט פון פּאַוולאָווסקער שלאָס און די שטראַלן פון פּאַריזער „גראַנד אָפּעראַ“ — אין ווילנער „גלעזער־גאַס“, וווּ איך בין געבוירן געוואָרן. די סתירהדיקייט און די סינטעטישקייט פון די אַלע צווישן זיך צעריסענע מאָטיוון — דאָס אַלץ בין איך אַליין, און אויב דער לייענער האָט חשק און האָט ביז איצט נאָך נישט פאַרלוירן די געדולד צו זיצן מיט מיר אין מיין „עקיפּאַזש“ און באַטראַכטן די פאַרשווינדנדיקע „פּייזאַזשן“, טאָ זאָלן מיר פאַרגעבן ווערן מאָטיוון און מאָמענטן, וועלכע זענען מיר נאָענט ווי מיין מאַמע און ווי די מילך, וואָס איך האָב געזויגן, הגם זיי זענען צייטנווייז פרעמד מיין לייענער.

נאָך עטלעכע קורצע שורות פֿאַרן שליסן דעם טייל און זיך אָנהויבן דערווייטערן פֿון די פּעטערבורגער געשעענישן „בימי ניקאָלאַי ווטאָראָי“

איך האָב, נישט זוכנדיק קיין שלייער פֿון עניוות אויפֿן פּנים, דערציילט וועגן עפּיזאָדן, וואָס שילדערן און זאָגן עדות וועגן מיינע גרויסע דערפֿאָלגן אויף די געביטן, מיט וועלכע מיין לעבן און קיום זענען געוואָרן צונויפֿגעשמידט — דאָס זעט אויס און דאָס איז *בלי ספק* — אומבאַשיידן, אָבער ווו איז דער וועג צו דערציילן מיין לעבנסגעשיכטע און דערביי זיך אַוועקשטעלן מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן, וואָס האָבן די כוונה אויסצודריקן צניעות, בעת אין בלוט קאָכט דער יצר־הרע...

נישט צו רעקלאַמירן מיין „גדלות“ האָב איך זיך פֿאַרנומען דערציילן פֿאַר די, וועלכע וועלן האָבן חשק מיין דערציילונג אויסצוהערן — דערציילן וועגן די שטראַלן פֿון אמונה און כמאַרעס פֿון ספקות; וועגן די טעג פֿון אויפֿבליצן און נעכט — פֿון נידערשטורצן אויף מיין לאַגן, פֿילגעפּרוּווטן קינסטלערוועג. די עפּיזאָדן, וואָס קאָנען אויסזען, וואָס זעען בלי ספק אויס — ווי עפּעס מאָטיוון פֿון „זעלבסטרעקלאַמע“ און ערגער, אַ סך ערגער: פֿון פֿאַרליבטקייט אין זיך — אָט די מאָטיוון זענען פֿון ביידע מיאוסע און נאַרישע כוונות ווייט, ווי ווייט איך בין פֿון שלמה המלכס חכמה און פֿון שמשון הגיבורס כוח. נישט קיין „חכם“ און נישט קיין „גיבור“, איז דער מחבר, נישט קיין שוטה גמור, נישט קיין עובר בטל און נישט קיין... קליינשטעטלדיקער „העלדנטענאָר“, וואָס מיינט, אַז נישטאָ אויף דער וועלט קיין שענערע קלאַנגען ווי זיין פּיאַניסימאָ און קיין טיפֿערע אָטעמס ווי די, וועלכע זיין ברוסט איז מסוגל אַרויסצוהויבן.

ניין, לייענער, ניין! קיין „פֿאַרליבטקייט אין זיך“ און אפֿילו קיין סימן פֿון פּרוּוון וועמען עס איז מחייב צו זיין האַלטן דעם יונגנמאַנטשיק פֿאַר אַ „טאַלאַנט“ זאָל קיינער אין די עפּיזאָדן פֿון מיינע „דערפֿאָלגן“ נישט זען און נישט פּרוּוון געפֿינען!

דאָ זענען דערציילט געוואָרן געשעענישן, וואָס האָבן **דעם** מיין צו באַווייזן, ווי אַזוי אין אַ פֿרעמדער, אומפֿריינדלעכער סביבה האָט אַ ווילנער קינד דערזען און דערפֿילט די אָפּקלאַנגען פֿון זיינע לאַנגדיקע חלומות: די התפּעלות אַרום „אַלטן באַיאַן“ — אין ערשטער שוליאַר; סוואָרינס צעשמייכלט פּנים אין צווייטן; די פֿינקלענדיקע בליקן איבער טורגעניעווס אַדעליקן אין דריטן — דאָס זענען נישט קיין מאָטיוון פֿון פֿאַרליבטקייט אין זיך: דאָס זענען... *שפּיגלען*, פֿון וועלכע עס האָבן אַרויסגעקוקט שליחים פֿון פֿרעמדע מרחקים און האָבן געווונקען צו מיר

און געמורמלט: „גיי, מענטש! גיי ווייטער אויף דיין אויסגעוויילטן וועג, דו וועסט דערגיין! דו וועסט דערגרייכן! גיי! גיי! נישט צווייפל און נישט וואקל זיך און זאָל דיר העלפן דיין אמונה, אַז דו ביסט אויף דיין וועג געבליבן דיין מאַמעס קינד — דאָ איז דער באָדן, וווּ דו וועסט פאַרבלייבן ייִד און ווערן — מענטש.

איך בין אַוועק מיין וועג.

אויסער די באַשריבענע פאָרשטעלונגען מיט די שול-קאָלעגן האָט מיר באַרים סערגעיעוויטש גלאַגאָלין פאַרן סוף פון לעצטן שוליאָר צוגעטראָגן אַ סיורפּריז — אין אַ פאָרשטעלונג פון „יאָהאַננאַ ד' אַרק" האָט ער מיר געגעבן שפּילן דעם „סאָלדאַט", וועלכער שילדערט אין אַ מאָנאָלאָג, שטייענדיק אויפן טורעם, דעם גאַנג פון דער שלאַכט, וואָס קומט פאָר אין פעלד.

דאָס איז אַ שילער-מאָנאָלאָג פון אומגעהויער שטאַרקער שפּאַנונג: אַ מינוט צען דראַמאַטישן פאָרטאָ.

מיט דער מעגלעכקייט אויף די ברעטער פון דעם טעאַטער צו שפּילן אַזאַ סצענע אין שילערס טראַגעדיע האָט גלאַגאָלין נאָך אַ מאָל צו מיר אַזוי ווי געזאָגט: „נו, עקשן, מאַך איין שריט, טרעט אַריבער די שוועל, דיין אָרט איז דאָ, צווישן אונדז.

איך האָב אָפּגעשפּילט די שילער-געשטאַלט. איך האָב באַקומען דעם אַטעסטאַט. אין אַטעסטאַט איז געשטאַנען, אַז איך בין באַרופן צו שפּילן — פאַרשידנאַרטיקע כאַראַקטער-ראָלן („העלדן" — האָט אַרבאַטאָוו נישט געוואָלט אונטערשרייבן. דאַלמאַטאָוו האָט מיך געפרעגט: וואָס וויל איך — מיט אַרבאַטאָווס חתימה, אָדער אָן זיין חתימה? איך האָב געענטפערט: „פאַרשיידענע כאַראַקטער-ראָלן איז מער ווי „העלדן-ראָלן" — דאָס הייסט — אַלץ).

אָנהויב מאַי האָב איך זיך געזעגנט מיט איגנאַטאָוון, מיט טשעכאָוון, מיט אַלץ און מיט אַלעם, וואָס האָט דריי יאָר געשאַפן מיין לעבנס-אינהאַלט.

מיטן אַטעסטאַט וואָס איז געווען אויסגעווייקט אין טרערן, אָבער מיט דער פרייד, וואָס איך האָב מיט 3 יאָר צוריק זיך באַשלאָסן צו פאָרן צו דאַלמאַטאָוון — האָב איך פאַרלאָזט די וווּנדערבאַרע, אומפאַרגעסלעכע שטאָט.

## הוספות

### דאַלמאַטאָווס בינטל בריוו

7=טער מאַי 1908

פילגעאַכטער אַבראַם וועניאַמינאָוויטש!

איך האָב מיך זייער דערפרייט פאַר אייך, וואָס איר קאָנט פון היינט אָן זיך פילשטענדיק אָפּגעבן אייער אויסדערוויילטער זאַך. פון האַרצן באַגריס איך אייך מיטן האָבן באַקומען דאָס פאַרשאָלטענע „רעכט“ צו לעבן אויף דער דאָזיקער וועלט.

אַז איר האָט אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען האָט מיר היינט איגדערפרי איוף פראָבע מודיע געווען נאָפּענקאָ, וועלכער אַרבעט, ווי איר ווייסט, ביי סטראָיעוון, וו איך גאַסטראָליר איצט און וועל פאַרבלייבן ביז די 20=סטע טעג פון מאַי. היינט צום ערשטן ספּעקטאַקל איז געגאַנגען „קרעטשינסקי“. די גאַנצע צייט רייסן רעגן און קעלט אַראָפּ די זומערדיקע געשעפטן. היינט איז אויך זייער קאַלט, אָבער לפּחות — אָן רעגן. אויך גוט. דאָס האָט געמאַכט מעגלעך אויפצוזאַמלען אַ היפּשן עולם און די גאַנצע בעסערע געזעלשאַפט מיטן גובערנאַטאָר בראש איז געווען אין טעאַטער מ'האָט געשיקט, מ'האָט געניסט, אָבער מען איז אויסגעזעסן ביזן סוף, און דער בייפאַל פון ספּעקטאַקל האָט סוף כל סוף צעוואַרעמט דעם עולם און די קאַסע, וועלכע איז ביזן היינטיקן טאָג געווען שטאַרק איינגעמאָגערט. מיר וועלן זען וואָס וועט ווייטער זיין. „הינדלעך ציילט מען אין האַרבסט“. על כן, קריגט דעם באַגערטן דיפּלאָם, פאַרנייט אים, דעם טויגניכטס, אין קעשענע און קומט צו פאָרן צו אונדז למען השם, ווייל איך וועל דאָ נאָך פאַרבלייבן איבער צוויי וואָכן. דאָ איז דאָ פּיעטראָווסקי (ער שפּילט „ראַספּליוּיעוו“) און אינגיכן וועט קומען סאַווינאַ. האָט אייך יעכיפּאָוויטש אַרויסגעשיקט די לעגיטימאַציע פון שול, אַז איר זענט פאַר=

רעכנט צו דער 2־טער גרופּע, וועלכע וועט באַזונדערס איינטערקזאַם קולטיווירט ווערן אונטער מיין רעזשי?

אויב נישט, — לאָזט אים זיסן אייער אַדרעס וועהין אַרויסצושיקן.

גאָפּעניקאָ איז פּ אַ ר ל י ב ט אין אייך, היט אָפּ אָט די זעלטנ־הייט. ס'איז מיר אַ נחת צו הערן ווי אַזוי ער רעדט וועגן אייך.

צום ווידערזען. כ'וועל מיך זייער פרייען אייך צו זען און דורכשמועסן. אַרבעט זייער פיל. איך דריק אייער האַנט.

אָטראַדנאָיע 16 יוני 1908.

אַ דאַנק פאַר דער אָנגענעמער ידיעה, ליבער פריינד אבראם וועניאַ־מינאָוויטש. איך גראַטוליר אייך און ווינטש פון גאַנצן האַרצן, אַז וואָס גיכער זאָל אָנקומען דער טאָג, ווען איך וועל אייך דערזען אין מאָסקווע און אין געביט פון דראַמער חיל. שוין זשע איז דאָרט מער לאָקערנדיק ווי אין פּעטערבורג, אָדער אין אַנדערע מקומות? גלייבט עס נישט. ס'איז אַ קאַפּריז פון אַ שוואַנגערער פרוי, וועלכער פאַרשווינדט נאָכן באַפרייען זיך פון שוואַנגערשאַפט. זייט איר, אַזוי אַרום, אַ פרייער בירגער פון פאָ־טערלאַנד! אָבער וועהין זאָל מען אייך איצטער שרייבן? קיין ווילנע? קיין ווין? קיין עמס? אָדער אין אַ דאָרף אויף דער וואָלגא? כ'וועל פּרוּוון קיין ווילנע.

אויסער אייער בריוו האָב איך פון ווילנע קיינע ידיעות נישט. ווי אַזוי וועט פאַרענדיקן סטראָיעוו? ער האָט זיך שוין שטאַרק פאַרפּלאָנטערט. ווילנע קאָן אים קוים אפילו ביי גוטע וועטערן אַרויספּלאָנטערן. אויב איר וועט זיך דערוויסן, שרייבט מיר דעם ריכטיקן אמת. גאָפּעניקאָ ווייסט.

מכוח יוזשינען בין איך מיט אייך פולשטענדיק מסכים, ער איז דער עיקר אַ דעקלאַמאַטאָר, דערפאַר האָב איך באַדויערט (פאַר אים הויפּט־זעכלעך), וואָס סטראָיעוו האָט נישט קיין קאָסטיומען און קיין דעקאָראַ־ציעס פאַר היסטאָרישע אָדער קלאַסישע פּיעסן. דאָס איז אַ גרויסער חסרון פאַר דער זאַך. וועגן רעצענזענטן בכלל און וועגן פּראָווינציאָנעלע בפרט איז אַזוי פיל געוואָרן און ס'ווערט גערעדט, אַז מער צו זאָגן בלייבט שוין נישט. אָבער דאָ שפּילט די הויפּטראָלע נישט דער רעצענזענט, וועלכער וואָלט געקאָנט שטיין לפּחות אויף דער הויך פון אויפריכטיקייט, נאָר דער אַקטיאָר, און באַזונדערס די אַקטריסע, וועלכע באַאיינפלוסן יעדן רעפּאָר־טער, וואָס האָט א שייכות צו אַ צייטונג, און כאַפּט זיך אָן אין יעדעם

שטיקל שטרוי אין קאַמף מיטן עולם'ס גלייכגילט. אָבער סוף כל סוף — גלויבט מיין פיליעריקער דערפאַרונג — סאַנקציאָנירן די ווערט און די באַדייטונג פון מצעגישע טוער — חברים און א גישטויכטבאַרער קרייז פין עולם, וואָס שטייט גישטווילנדיק הויך און היט אָפּ די אינטערעסן פון דער קונסט און ליטעראַטור. אַלדאָס איבעריקע גייט אין בעסטן פאַל אַוועק אויף הייצן די אויוונס. אָט דאָ שטעקט די גרעסטע אויפגאַבע!

איר קאָנט נישט, ווייל איר ווייסט נישט וועמען פון אייערע אמתע ריכטער אָפּקויפן מיט קיינע שום געלטער, חניפה, קרבנות, מיט קיינע שום איינפאַלן, המצאות פון שכל און פלינקייט. געשיקטע הענט, „פּיס" און געוויסנס וועלן נישט העלפן. און צוליב דעם דאַרף מען גיין מיטן גלייכן וועג פון עקשנותדיקער האָרעוואַניע אין נאָמען פון נשמה־באַרוף אָן שייכות צו אַ וועלכער עס איז מאָמענטאַנער אָפּשאַצונג. דאָס דאַרף ווען נישט ווען האָבן די קאסע פון אונטערנעמער און פון ביגנעפּיציאַנט. און נישט ווייטער! איך זע יעדן סעזאָן דעם ביישפּיל, ווי אַלע צייטונגען צעשרייבן זיך מיט די העכסטע לויב־געזאַנגען וועגן אַ פּיעסע און דער עולם קומט נישט א קוק טאָן און — פּאַרקערט: די „פּרעסע" רייסט אראָפּ איינשטימיק נישט נאָר דעם מחבר, דאָס שטיק, נאָר אויך זיין גאַנצע משפּחה, און די פּיעסע גייט נישט אַראָפּ פון רעפּערטואַר... זאָל דער חכם ערגעץ אָט די רעטעניש אויפקלערן! וואָס קאָן זיין מער באַליידיקונג און דערנידערונג, ווי אַזאַ מין פּאַראַכטונג צום געדרוקטן וואָרט? וועגן דעם מוזן מיר אויך באַדויערן. דאָ איז אַ קלאָרע זעלבסטדערנידערונג פון געדרוקטן וואָרט און נישט פון איינצלנע רעצענזענטן, צווישן וועלכע עס געפינען זיך אי קלוגע, אי געבילדעטע, אי ערלעכע, אָבער זיי איז נישט געגעבן געוואָרן „צינדן מענטשן־הערצער מיטן וואָרט". אַ קריטיקער מוז מען געבוירן ווערן. דאָס איז אַ גאַנץ באַזונדערע אָרגאַניזאַציע. איך אַרבעט איצטער איבער שול־ענינים. אויף ווידערזען. קומט צוריק אַ געזונטער.

26 יוני 1908.

איך איל מיך צו ענטפערן אויף אייער לעצטן בריוו, גוטער פריינד אבראַם וועניאַמינאָוויטש, און דערפרייען אייך מיט דער ידיעה, אַז אונדזער שול וועט אין צוקונפטיקן יאָר האָבן אַן אויסגעצייכנטן לאָקאַל און ווייטער וועט זיין נאָך בעסער, נאָך גראַנדיעזער. איצט ווערן טעגלעך גע־

דרוקט אין „גאַוואָריע ווערמיא“ מעלדונגען פון דער שול, אַז פון 1=טן אויגוסט ווערן אָנגענומען נייע שילער אאוו. און פון 1טן סענטיאַבער הויבן זיך אָן די לימודים און גלייכצייטיק די עקזאַמענס פאַר ניי=אָנקומענדיקע.

ע נ ג ל י ש ע ר ב ר ע ג נ ו מ ע ר 6 — דאָס הויז פון פירשטין טענישעווא. אָבער מען קאָן אַריינגיין אויך דורך דער גאַלערנער גאַס נומער 5. נעבן סענאַט. די גאַלערנע גאַס הויבט זיך אָן ביי דער אַרקע, וועלכע פאַרבינדט דעם סינאָד מיטן סענאַט. דער פלאַץ, אויף וועלכן עס שטייען די דענקמעלער פון פיאָטר דעם I און ניקאָלאַי דעם I.

די לעצטע צייט בין איך פאַרנומען מיט די שול=ענינים. זייט מיר מוחל. איך האָב אפילו נישט באַוויזן אייך צו ענטפערן אויף אַן אינטערעסאַנטן בריוו. די אַרומפאָרעניש פון אָטראַדנאָיע קיין פעטערבורג און צוריק, זיצונגען, פאַרזאַמלונגען און אַנדערע געיעגן מיט הינדערנישן נעמען צו די מעגלעכקייט צו לעבן פאַר זיך און פאַר אייגענע אינטערעסן.

נעכטן האָב איך אָפּגעשיקט אַ בריוו צו פ. ד. באָבאָרייקינען מיט אַ פאָרשלאַג איבערצולייענען ביי אונדז עטלעכע לעקציעס, אויב ער וועט ווינטער זיין אין פעטערבורג, פאַרשטייט זיך.

דאָס וואָלט געווען סיי נוצלעך, סיי אינטערעסאַנט. איך האָף, אַז ער וועט מיר אוים אַלטער פריינדשאַפט נישט אָפּזאָגן.

ווי גוט עס איז פון אייער זייט, וואָס איר זאָרגט פאַר אייער געזונט. דאָס איז דער הויפט=קאַפּיטאַל פון אונדזער זאַך. איך זיץ איצט מיט קראַנקע ריפּן. דער מייגול האָט אַ שטויס געטאָן מיין פערדל אַראָפּצופאַלן מיטן וואָגן אין אַ גראָבן ביים שאָסיי און ס'האָט צוגעדריקט מיך און טייל וויין מיין דאַמיע. ווען דאָס געשעט נישט ביים ברעג, בעתן אָנקומען פון א דאַמפער — איז קאַפּוט. ס'וואָלט נישט געווען ווער עס זאָל מיך אַרויסשלעפּן פון אונטער אַזאַ מין לאַסט. איך בין בטבע אַ געזונטער מענטש, און דערפיל דעם פולן ווערט פון געזונט ערשט דאַן, ווען איך ווער קראַנק... איצט וויים איך נאָך נישט מיט וואָס עס וועט זיך פאַרענדיקן דער לעצטער „סאַלטאָ מאָרטאַלע“ אין גראָבן, אָבער איך באַגעם שוין דעם פולן ווערט פון זיין פולקאָם געזונט... זאַמלט אָן די כוחות אין דער יוגנט.

ווען מיר זיך, הייסט עס, זעען אין אויגוסט אויפן קאַמפּס=פעלד פון דער איידעלער קונסט און מיר וועלן מיט געמיינזאַמע כוחות שטרעבן צו באַשאַפן אַן אידעאַלן טעאַטער אויף די יסודות פון יאָרהונדערטער אָן דעקאַדענטישער ליגאַטור. אייער



דאַלמאַטאָווס דעדיקאַציע: דעם לויבווערטן תלמיד פון דער טעאַטער־שול א. נ. פון א. ס. סוּוואָרין אַבראַם וועניאַמינאָוויטש מנקר—מאָרעווסקין צום גוטן אָנדענק וועגן געמיינזאַמער אַרבעט און פון אויפריכטיקן ווינטשענדיקן גליק און דערפאָלג

וו. דאַלמאַטאָוו 29 סעפּטעמבער 1910 יאָר ס.פּ.ב.

11 נאָיאַבר 1908

פֿילגעאַכטער אבראַם וועניאַמינאָוויטש!

איך פֿיל מיט אייער אײדעלער שטרעבונג צו דינען דעם אונדזז נאָענטן און ליבן טעאַטער מיט גלויבן און מיט אמת. איך בין גרייט אויפֿן וואַרעמסטן אופֿן זיך צו באַטייליקן אין אײַערע באַמיִונגען ביים פּעטערבורגער גראַדאָנאַטשאַלניק, און דעריבער בעט איך אייך אָנשרייבן אַ בקשה דעם גראַדאָנאַטשאַלניק, צו וועלכער איך וועל צולייגן מיין שתדלנות וועגן אייך. איך האָף, אַז עס וועט געלינגען, און וועגן ווייטערדיקן וועלן מיר נאָך טראַכטן

28 יוני 1909 ס. פּ. ב.

איך קאָן נישט קלוג ווערן, מיין יונגער קאָלעגע, צי האָב איך אָפּגעענטפֿערט אויף אייער לעצטן בריוו, ער ליגט אויף מיין טיש מיט אַנדערע בריוו — אפֿשר נישט. אויף יעדן פֿאַל שרייב איך, אויב ס׳וועט זיין אַ צווייט מאָל — אויך בעסער, אײדער גאָרנישט ענטפֿערן. ווי איר זעט, האָב איך אפֿילו נישט קיין צייט זיך פֿאַנאַנדערצוקלייבן אין בריוו. אָט האָט איר אַז אָפּרו — און די צייט לויפֿט. וועגן די שול-פֿראַגן קאָן איך גאָרנישט שרייבן, ווייל קיין איינער פֿון די פּראָוואַלטונגס-מיטגלידער איז נישטאָ און אַלע מיינע רעכענונגען, פּלענער און באַריכטן ליגן, ביז עס וועלן זיך צונויפֿפֿאָרן די גוטיקע מענטשן. איך שרייב זיך דורך אין דעם ענין מיטן אַלטן סוואָרינען און דער האָפֿענונג אויף זיין מיטגעפֿיל, וועלכן איך זע נישט היינט צוטאָג. אויפֿגאַבן שטייען זייער קאָמפּליצירטע, און איך מוז זיך דערשלאָגן זייער פֿאַרווירקלעכונג. דערווייל רעמאָנטירט מען דעם לאָקאַל און די דעקאָראַציעס. נישט באַדויערט וואָס איר שפּילט נישט ערגעץ אין באָרזשאָם אָדער אין סטרעלנע. ס׳איז באמת בעסער שטודירן געשיכטע און לייענען איגדערהויך אָסטראָווסקין, אײדער „פּויקן“ נאָכן סופֿלער נאַרישע פֿאַרסן, אָדער עפּעס אַזוינס צו אַמוזירן דעם העמאָראָאידאַלן און פֿאַרקאַטערטן פּובליקום. וועגן וויגרעכט זאָלט איר נישט טראַכטן, ווייל איר וועט עס שטענדיק האָבן, כ׳בין אין דעם זיכער. מיר איז בלויז אַ פּאַרדרוס, וואָס עס קומט אויס צו פֿאַרלירן צייט אויף אַ קאַמף מיט דער אָפּגעשטאַנענקייט פֿון אַן אינסטיטוציע פֿון קולטור און קונסט, בעת אין קעגנפֿאַל וואָלט איך איצט שוין געוווסט פֿאַרשיידענע פּרטים פֿון אָנקומענדיקן לערן-יאָר. נישטאָ וואָס צו מאַכן. לאָמיר זיך אָננעמען מיט געדולד און גרויסמוטיקייט. ווען איך קאָן אַ חדשים צוויי אָפּרוען אַליין

אַרום די שול־ענינים, וואָלט איך געווען גליקלעך, וויסנדיק, אַז אַלץ וועט מקוים ווערן, און דערווייל האָב איך נישט קיין רו און קיין אָנשפּאַר, וואָס זאָלן צוגעבן גלויבן. מען מוז בעטלען דאָס, וואָס עס קומט לויטן רעכט. אַ מיאוסער אומזין. איבעריקנס, איז אַלץ דערווייל אין בעסטער אָרדענונג און זיין אומרואיק וועגן אייער צוקונפט דאַרפט איר נישט. לערנט און האָט געדולד. צום ווידערזען. איך בעט איבערגעבן אייערע נאָענטע מיין גרוס. איך דריק אייער האַנט.

ס. פּ. ב. 19 סענטיאַבר 1910

ווי איר געפינט זיך היינט־צו־טאָג, ליבער קאָלעגע אַבראַם ווענגיאַמינאָוויטש, ווייס איך נישט, און איך שרייב דערפאַר קיין ווילנע. אין דער ערשטער פרייער מינוט איַל איך מיך אייך אָפּצודאַנקען פאַר אייער פריינדלעכער אויפמערקזאַמקייט צו מיין דערפאָלג אין „וואַלד". כ'בין מודה, אַז איך האָב לחלוטין נישט געגלייבט, אַז איך וועל פייערן אַ זיג אין דער ראָלע „ניעסטשאַסטליווצעוו", וועלכע, ווי מיר האָט זיך געדוכט, פּאַסט זיך ווייניק צו מיינע מעגלעכקייטן און דערצו נאָך אַזעלכע פּרעכטיקע „ניעסטשאַסטליווצעווס" ווי פּיסאַריעוו און פּריער סטעפּאַנאָוו. נאָר מיר זענען, משמעות, אין טעות וועגן אונדזערע כּחות און מעגלעכקייטן.

איך שיק אייך מיין פאָטאָגראַפיע, וועלכע איך האָב היינט מיט שוועריקייטן אויסגעגראָבן. זאָל זי אייך דערמאָנען דעם אומדערמידלעכן קאַמף און די אומאויפהערלעכע אַרבעט פון רוסישן אַקטיאָר אויף זיין דערנערוועג און זאָל זי אייך העלפן מאַכן שלום מיט אייער היינטיקער טעטיקייט, הגם אַ באַדייטנדיק פאַרלייכטערטער, אָבער דאָך נישט זיסער. אין שול הערשט איצט אַ מנוחה און אָרדענונג, וועגן וועלכער איר האָט נישט געהאַט קיין אַנונג. דער צושויער־רוים איז פאַרגרעסערט נישט נאָר פון אויבן, נאָר אויך פון אונטן, די בינעס ווערן איבערגעבויט אַזוי, אַז מען וועט קאָנען פּראַקטיצירן אויף דריי בינעס. די אַרבעט קאָכט. די פּלענער ווערן שטופנווייז פאַרווירקלעכט. איגנאַטאָוו איז פאַרבליבן אין שול אַלס געהילף און האָט זיך אַרויסגעוויזן, ווי אַ זייער טעטיקער און נוצלעכער מענטש. ווי האָט איר זיך איינגעאָרדנט? ס'וועט זיין שווער די ערשטע צייט זיך צוגעוווינען צו דער שנעלער אַרבעט, צו וועלכער איך האָב אייך שטענדיק גערופן זיך גרייטן. איך שטעל מיר פאָר, ווי אַזוי אויף אייך האָט געווירקט דער טויט פון קאָינצן. ווי דאַרף אונדז זיין ליב און טייער, וואָס די טעטיקייט פון אַן אַקטיאָר ווערט דורך די בעסטע מענטשן אָנערקענט

פאַר מלוכה־טעטיקייט. דאָס דאַרף אייך אַלץ דערמוטיקן און פאַרלייכטערן צו טראָגן די קליינע שטערונגען און באַליידיקונגען. איך דריק אייער האַנט און דאַנק אייך נאָך אַ מאָל פאַר אייער האַרציקער באַציִונג.

ס. פּ. ב. 26 דעקאַבער 1910.

מיין יונגער אַדעפּט און קאָלעגע!

איך פריי מיך, וואָס די גוטע זוימען פון דער שול גיבן שוין יונגע שפּראָצונגען און וואָס איך קימערן נישט נאָר פּערזענלעכע פראַגן, נאָר אויך אַלגעמיינע. איך פלעג שטענדיק זאָגן און חזר איבער: זאָרגט וועגן דער זאַך און וועגן אַנדערע, און די זאַך און אַנדערע וועלן זאָרגן וועגן אייך. און אויב איר וועט וועלן האָבן אונטער דער האַנט אַ קאַטעכיזיס פאַר אייערע האַנדלונגען, כדי צו טאָן אַלץ אָן פעלערן, מיט מאַטעמאַטישער פּינקטלעכקייט, וועט אין דער פּראַקטיק אַלץ אַרויסקומען קאַפּויער... ס'איז אַ מלחמה מיטן לעבן, און אויף מלחמה קאָן מען נישט אַלץ פאָרויסזען און איינגעשפּאַרט רעאַליזירן אַ פּלאַן פון גענעראַל־שלאַכט... ווי מען קאָן קיין שלאַכט נישט אויסשפּילן, נישט האָבנדיק איינשטודירט טאַקטיק און סטראַטעגיע.

אַלע פּרטים און צופעליקייטן, ווי למשל אומגעוווּנטשענע ראָלן, אַ פאַלשע ריכטונג, איבערהויפּט ביי די ערשטע שריט אין דער טאַקטיק בנוגע חברים, בינע, עולם—בייטן זייער כאַראַקטער במעט מיט יעדן סעזאָן, אומאָפּהענגיק פון אייך. דער פּראָווינציאָנעלער שוישפּילער איז אין אַ בעסערער לאַגע שוין דורך דעם, וואָס ער האָט די מעגלעכקייט צו בייטן שטעט, טרופּעס, טעאַטערן, דעם רעפּערטואַר, דעם עולם, חברים אאַוו.

אַלץ פאַרגייט. איר ווענדעט זיך צו מיר נאָך אַן עצה — וואָס טאָן ווייטער?... וואָס איז בעסער, ווו איז בעסער? אויף דעם צו ענטפערן איז שווער צו זיין אַ חכם. פאַר ל. נ. טאָלסטאָיען איז בעסער געווען אין זיינע יאָרן פון שטאַנדפּונקט פון דער מענטשהייט צו פאַרבלייבן אין „יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ". ס'איז זאָגאַר שרעקלעך אַ טראַכט צו טאָן וועגן דער ענדערונג, אויף וועלכער ער האָט זיך באַשלאָסן. און אים האָט אויסגעזען בעסער צו שטאַרבן אַ פאַרוואָרפענער אויפן וועג, אין אָרעמקייט. דאָ איז נישט קיין פראַגע פון אַ סיסטעם, נייערט פון דער פאַנאַטישער איבערגעבנקייט דער אידעע. קאָן נישט אַ מענטש מיט ענטוזיאַזם זיך באַציִען צו זיין זאַך — איז נישטאָ וואָס צו רעדן נישט וועגן קליינע, נישט וועגן גרויסע טרופּעס און טעאַטערס. פאַרקערט, ביי אַ ריכטיקער אינערלעכער שטרע־



דאַלמאַטאָוו — „יאָהאַן דער גרויזאַמער“
(אין אַלעקסעי ק. טאָלסטאָיס: „יאָהאַן דעם גרויזאַמענס טויט“)



דאַלמאַטאָוו — „מאַרמעלאַדאָוו"
(אין דאָסטאָיעווסקיס: „פאַרברעכן און שטראָף")



דאַלמאַטאָוו — „ק ר ע ש ט ש י נ ס ק י“
(אין סוכאָווא־קאָבילינס: „קרעטשינסקים חתונה“)



דאַווידאָוו — „ראַספּלויעוו“
(קרעשטשינסקיס חתונה)



דאַלמאַטאָוו — „ליר“ (אין שעקספּירס: „ליר המלך“)



דאַלמאַטאָוו „פּעטרוטשיאָ“ (אין שעקספּירס „צוימונג פון אַ מרשעת“)



וואַרלאַמאָוו — „מוראַמסקי“
(קרעשטשינסקיס חתונה)



סטרעלסקאַיאַ — אין קרעשטשינסקיס חתונה

בונג ווען מען אייך בעטן איר זאָלט שפּילן אי אוריאַלן, אי שיילאָקן, אי אַלץ, וואָס איר האָט געטראָגן אין אייער האַרץ באַהאַלטן. איר זענט גענוג באַוואָפנט מיט וויסן און קענען, ס׳איז נאָר נויטיק צייט און אַ רעגלמעסיקער נאָכפרעג, דאָס וויסן אויסצונוצן. ס׳איז תמיד נויטיק פּאַראַלעל מיט דער מלאכה צו אַרבעטן אין דער פּערזענלעכער לאַבאָראַטאָריע — דער קדשי קדשים פון דער זאַך... קיין שום אַנדער עצה קאָן איך נישט געבן. איך ווינטש אייך גליק און געזונט.

ס. פּ. ב. 5 מאַרט 1911.

היינט, איבערקלייבנדיק מיין קאָרעספּאָנדענץ, ליבער אַבראַם וועניאַמינאָוויטש, האָב איך דורכגעלייענט אייער לעצטן בריוו און איך זע, אַז איך האָב פאַרשפּעטיקט מיטן ענטפער. איר זענט אוודאי שוין אַוועקגעפאָרן קיין מאָסקווע אויפן קאָנקורס פון קאַמף צווישן קאַפּיטאַל (?) און אַרבעט (?) — נאָכפרעג און אָנבאָט. אַלץ לויטן אַלטן, בלויז די מאָסן זענען גרעסער געוואָרן.

אייער טרייסטלאָזער בריוו נאָכן ערשטן דעביוט-סעזאָן קאָן ארויפיאָגן אַ־מעט איפן גרעסטן אָפּטימיסט. ס׳וואָלט זיך זייער נישט געוואָלט גלויבן, אַז אַלץ איז אַזוי האָפענונגסלאָז. אָבער „אונטער דעם" — ווי זינגט פּעריקאָלאַ... איז אַזוי.

ווו איז בעסער? דאָס איז די פראַגע. יעדעס טעאַטער האָט זיינע דעפעקטן. איך האָב אייך אַ סך מאָל געזאָגט און חזר איבער, אַז דער ענין טעאַטער קאָן מיט קיין שום אַנדערע נישט ווערן פאַרגליכן, און מעסטן אים מיט אַ געוויינלעכער מאָס קאָן מען נישט ווי מען קאָן נישט פון אַ ליידנשאַפטלעך פאַרליבטן מענטשן פאָדערן קיין שכלדיקן אַנאַליז פון אָביעקט, אין וועלכן ער איז פאַרליבט, ווייל אים ד ו כ ט זיך, אַז העכער און שענער איז אויף דער וועלט נישטאָ. און אַז מען באַטראַכט עס אַנאַטאָמיש — לאָזט זיך אויס: פון אחור צווי פּים...

על כן ווילט איר אויספּרוון אייער מזל אויף אַ צווייטן אָרט? אויסגעצייכנט. וצי קען איך באַסמאַגאָן. איך קען אים, פאַרשטייט זיך. מיין רעקאָמענדאַציע איז נויטיק? פאַררופט זיך אויף מיר; איך קאָן באַשטעטיקן אַלץ, וואָס אייך איז נויטיק. זאָל אייך גאָט העלפן פאַרווירקלעכן אייערע שטרעבונגען. זייט געזונט און דערהויבן איבער די וואָלקנס.

*

*　　　*

מען דאַרף נישט קיין סך מליצהדיקע דיבורים צו געבן דעם לייענער אַ בילד פון דעם וואָס האָבן באַדייט די ברייוו פון גרויסן אַרטיסט... פאַר אַן אָנפאַנגער אויף זייגע ערשטע טריט אין די באַדינגונגען פון פּראָווינציאַלן טעאַטער, וועלכן מיר הויבן אָן געגויער צו שילדערן אין אונדזער 4־טן טייל — פאַר די גרויסצוגיקע, טיף מענטשלעכע מידות פון זיין אײדעלן האַרצן זענען די ברייוו אַ גענוגנדיקער באַווייז, אַז מיר האָבן אין אונדזערע פריערדיקע קאַפּיטלען וועגן אים נישט מגזם געווען, נישט אידעאַליזירט זיין געשטאַלט.

אָבער מיט די געבראַכטע ברייוו איז נישט אַלץ אויסגעשעפּט. צום סוף סעזאָן אין גראָדנע, אין פעברואַר 1911, האָב איך פון אים געקראָגן אַ ברייוו — און אַלץ, וואָס ביז אים איז געווען געשריבן, בלייבט אין שאָטן.

איך האָב זיך מיט דעם ברייוו אין משך פון ד ר יי און ד ר יי ס י ק יאָר נישט געשיידט... איך האָב אים ת מ י ד געטראָגן אויפן האַרצן. און איך מוז זאָגן, אַז נישט איין מאָל אין לעבן האָט דער ברייוו פאַר מיר געעפנט טירן, דורך וועלכע איך פלעג זיך אַרויסקריגן פון שווערע סיטואַציעס...

אין שווערן פערטן מלחמה־יאָר אין אַקטיובינסק, אַרומגייענדיק אין אויסגעריבענע וואַליקעס — ווי פון צען ערלעכע מענטשן אין ראַטנלאַנד זענען דעמאָלט אַרומגעגאַנגען ניין, — האָב איך פאַרבראַכט אַ נאַכט אין קאַבינעט פון פאַרטרעטער פון פאָרזיצער פון אָבלאַסטפּאָלקאָם. ער לעבט שוין נישט און וועל איך אָנרופן זיין נאָמען: „זשוקאָוו" — אַ געשטאַלט פון אַן אמתן „באָלשעוויק"! אַ זון פון פאָלק, אַ קינד פון דאָרף! אַ מענטש מיט אַ האַרץ, וואָס איז אָפן געווען פאַר אַלץ, וואָס טראָגט אַריין אין לעבן פון די מאַסן ליכט, ווייסן, שיינקייט; וואָס איז אויסן געווען דער רעוואָלוציע צו ג ע ב ן נישט ווייניקער — ג ע מ ע ן.

איך האָב דעם חבר זשוקאָוו אין משך פון אַ שעה 3 געלייענט אַ באַריכט וועגן די קולטור־אויפגאַבן אין אַקטיובינסקער קרייז...

וועגן דעם וועלן מיר געגויער האָבן וואָס צו דערציילן נישט אויף איין בלאַט אין דער געהעריקער צייט, אין אַ ווייטערדיקן באַנד. דאָ האַלטן מיר ביי דאַלמאַטאָווס י ע נ ע ם ברייוו.

חבר זשוקאָוו איז געווען ביז די טיפעניש פון זיין הייסן האַרצן אויפגערודערט פון דעם, וואָס ער האָט דערהערט וועגן די פלענער פון קולטור־אַרבעט און האָט נאָכן באַריכט מיך אָנגעהויבן פאַנאַנדערפרעגן פרטים פון מיין קיום. וואַליקעס האָב איך אין אַ פּאָר טעג אַרום באַקומען, אָבער

באַצאָלט האָב איך זייער טייער. אַנשטאָט דערציילן וועגן זיך בפּרטיות האָב איך אַרויסגענומען פון בוזעמקעשענע דאַלמאַטאָווס בריוו... אַז ער האָט אויסגעהערט וואָס דאַלמאַטאָוו שרייבט צו מיר, האָט ער, קוקנדיק מיר אין די אויגן, שטיל געזאָגט:

— גוער און וואָס איר זענט — האָב איך שוין געהאַט אַ באַגריף ביז אַט־דעם בריוו. דאָ האָב איך דערזען ווי גרויס ס'איז געווען אייער לערער...

ביים געזעגענען זיך האָבן מיר זיך שטאַרק אַרומגענומען און צעקישט. טיף אויפגערעגט בין איך אַרויס פון קאַבינעט ביי די ערשטע שטראַלן פון אַפּריל־באַגינען און דעם בריוו נישט פאַררוקט אין בוזעמקעשענע ביים האַרצן, ווו ער איז געלעגן 33 יאָר... איך האָב אים אַריינגעלייגט אין קעשענע פון מאַנטל און...

אויפן אקטיובינסקער באַזאַר יענעם פרימאָרגן האָט אים אַ האַנט, וואָס האָט געזוכט פאַפיר צו פאַררויכערן אַ צענויפגעדרייטן פאַפּיראָס, אַ ר ו י ס ג ע ש ל ע פּ ט פון קעשענע. איך בין אַוועק בעטן ביי זשוקאָוון, ער זאָל מיר געבן אַן אָפיציעל באַשטעטיקטע ק אָ פּ י ע, אָבער זשוקאָוו איז שוין געווען אַוועקגעפאָרן אויסער דער שטאָט. עס האָט זיך שוין געהאַט אָנגעהויבן דער סעזאָן אין פעלד. זשוקאָוון האָב איך מער נישט געזען.

פון בריוו מוז איך מיר דערלויבן צו ברענגען די לעצטע שורות. אין אָנהייב דערציילט מיר וואַסילי פאַנטעלייִמאָנאָוויטש וועגן דעם, אַז אויף דער יערלעכער אַלגעמיינער פאַרזאַמלונג פון דער ליטעראַטור־קונסט־געזעלשאַפט האָט ער זיך, פאַררופנדיק אויף דער דריי־יעריקער ווירקלעכקייט און געבנדיק זיין גענויע כאַראַקטעריסטיק פון דעם סטודענט אָן וווינרעכט, געפאָדערט, אַז די פאַרוואַלטונג זאָל זיך באַמיען וועגן וווינרעכט פאַר יידישע סטודענטן אין שול אויפן נאָמען פון א. ס. סוּוואָרין.

און דעם בריוו פאַרענדיקט ער: „מיר שיידן זיך מיט אייך. כ'וויל האָפן, אַז נישט אויף לאַנג. די פלענער פון אַ פאָלקסטעאַטער ווערן וואָס ווייטער אָנגעגאָסן מיט זאַפטן און בלוט פון רעאַלע ווירקלעכקייט און נישט ווייט איז דער טאָג, ווען איר וועט מוזן זיין מיט אונדז. דערווייל גייט מיט שלום אייער וועג. איך בין זיכער, אַז איר וועט גיין נישט מיט די לייכטע שטעגלעך פון שאַרלאַטאַנען, וואָס באַפרידיקן זיך מיט די דערפאָלגן פון טאָג און מינוט, נייערט מיטן שווערן וועג פון יענע, וואָס שאַפן

און וואָס היטן אָפּ די הייליקע טראַדיציעס. איך ווינטש אייך דערפאָלג און גליק און דריק אייך צום האַרצן“.

דערמיט האָט זיך פאַרענדיקט מיין ערשטער סעזאָן...

דערמיט פאַרענדיקן מיר אונדזערע קאַפּיטלען וועגן די פּעטערבורגער יאָרן.

וועגן דעם אָנהייב פון ערשטן סעזאָן, וועגן קנאַפּן יאָרצענדליק פון מיין וויַיטערדיקן „לעבן און לעבנסרעכט“ — אויף דער רוסישער בינע און יידישן תחום — וועט דער לייענער זיך דערוויסן, אויב ער וועט זיך אָנלאָדן מיט געדולד צו בלעטערן דעם פערטן טייל...

דערווייל — „אַ ביען-טאָ!“ — זאָגן די פראַנצויזן.

און ישראל זאָגט מען: „להתראות!“

און מיר וועלן זאָגן: „אַ ביסל געדולד!“



„אלעקסאנדרינסקי"־טעאטער (איצט „אקאדעמיש א. ג. פון א. ס. פושקין")

# אינהאַלט